מ[illegible] העס

# רוים און ירושלים

איבערזעצונג און אפהאנדלונג וועגען

## משה העס, זיין לעבען, זיין ווירקונג און זיין פילאזאפיע

פון

ד"ר. נחמן סירקין


מאקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט,
ניו יארק.



אידישער פערלאג
פיר ליטעראטור
און וויסענשאפט.

MAX N. MAISEL
PUBLISHER

424 GRAND ST.
NEW YORK




# פאָררעדע

דאָס בעריהמטע ווערק פון משה העס, „רוים און ירושלים“, ווערט דאָ איבערזעצט צום ערשטען מאָל אין אידיש. די איבערזעצונג איז א פאָלשטענדיגע און נעמט אריין די בריעף, דעם עפילאָג, די נאָטען און די אַנמערקונגען. נאָר פון נאָטע 7 זיינען אַרויסגעלאָזען געוואָרען די איינינגע זייטען, וועלכע בעציהען זיך אויף ביאָלאָגישע און כעמישע אונטערזוכונגען.

אין מיין איינלייטונג „מאָזעס העס, זיין לעבען, ווירקען און פילאָזאָפיע“, ווערט געגעבען די ביאָגראַפיע פון מאָזעס העס און די קריטישע דאַרשטעלונג פון זיין פילאָזאָפיע בכלל און זיין אויפפאַסונג פון יודענטום בפרט. דעם ביאָגראַפישען מאַטעריאַל וועגען מאָזעס העס האָט צום ערשטען צוזאַמענגעשטעלט תיאָדאָר ז ל אָ צ י ס ט י אין זיין אַבהאַנדלונג וועגען מאָזעס העס (בערלין 1905). די ביאָגראַפיע איז דערגענצט געוואָרען דורך נייע טאַטזאַכען פון מאַרקס' בריעפוועקסעל מיט ענגעלס און פון בעריכטען פון אינטערנאַציאָנאַל, אין וועלכע מאָזעס העס ווערט דערמאָנט. די פאָרשונג וועגען מאָזעס העס'ס ביאָגראַפיע קען מען אָבער נאָך ניט בעטראַכטען אַלס אָבגעשלאָסען. דער פערזוך דאַרצושטעלען מאָזעס העס אַלס דעם ערשטען סאָציאַליסט-ציוניסט און אַלס דעם בעגרינדער פון דער סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג פון יודענטום, איז דאָ צום ערשטען מאָל אונטערנומען געוואָרען.

דר. נחמן סירקין.

פעברואַר 1916, נויאָרק.

# אינהאַלט



## בריעף.

## עפּילאָג.



## נאָטען.

# מאָזעס העס, זיין לעבען, זיין ווירקען און זיין פילאָזאָפיע.

## 1

עס איז קיינמאָל אפשר ניט געווען אזוי נויטיג אויפצולעבען דאָס בילד פון מאָזעס העס, דעם גרויסען אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסט, דעם געניאַלען אידישען געשיכטס־פילאָזאָף און דעם אָנזאָגער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט, ווי אין דער איצטיגער צייט. מאָזעס העס און זיין ווערק איז דורכאויס נאָך ניט געוואָרען א היסטאָרישער עפּיזאָד, אַן ערשיינונג פון דער פערגאַנגענהייט, א ליטעראַרישע ערינערונג. די נאַציאָנאַלע און ליטעראַרישע שעפּפונג פון מאָזעס העס שטעהט אין טיעפער און אינווענדיגער שיכות מיט אונזער געגענוואַרט און איהרע פּראָבלעמען, מיט די פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם, פון יודענטום און אידישען פאָלק.

מאָזעס העס איז געווען איינע פון די בעדייטענדסטע אינטערנאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע פיגורען אין פאָריגען יאָהרהונדערט, אָבער ער איז זיכער געווען דער ערשטער און גרעסטער רעוואָלוציאָנערער דענקער און פּאָליטיקער פון אידישען פאָלק אין דער מאָדערנער צייט. זיין פילאָזאָפיע און בעזונדערס זיין געשיכטס־פילאָזאָפיע, וועלכע איז דער יסוד פון זיין סאָציאַליזם, איז ניט פעראַלטעט און ניט פערגעסען געוואָרען, נאָר איז אפשר קיינמאָל ניט דערקענט און פערשטאַנען געוואָרען אין איהר גאַנצער ברייטקייט און טיעפקייט. זיין סיסטעמאַטישעם פילאָזאָפישעם ווערק האָט העס ניט אבגעשלאָסען, פיעל ווייניגער איידער מאַרקס זיין סיסטעמאַטישעם עקאָנאָמישעם ווערק. ער האָט אָבער בעפרוכטעט דעם סאָציאַליזם מיט א טיעפען קולטורעל־גייסטיגען אינהאַלט און האָט בעררייכערט זיין אינווענדיגען מאָראַלישען ווערט. די געשיכטס־פילאָזאָפיע, אויף וועלכע דער סאָציאַליזם ווערט אויפגעבויט, איז פון מאָזעס העס פערשטאַנען געוואָרען אין ענגסטען צוזאַמענהאַנג מיט דער גאַנצער ענטוויקלונג פון דער וועלט, בשעת דער עקאָנאָמיש־מאַטעריאַליסטישער סאָציאַליזם יויל שטעלען וואָס ענגער די גרענעצען פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנקען.

שעפּפעריש און אָריגינעל איז געווען העס אויף דעם געביט

פון יודענטום. זיין פילאָזאָפיע פון יודענטום הויבט ערשט יעצט אָן פערשטאַנען און אַנערקענט צו ווערען, און זיין ציוניסטישע נבואה איז פיעל רייכער אין איהר הערואישען און אוניווערסעלען תוכן, איידער די ציוניסטישע ליטעראַטור און בעוועגונג. דאָס יודענטום אלס א קולטור־אידעע, אלס א בעזונדערע פאָרשטעלונג פון גאָט, וועלט, געשיכטע און לעבען, איז ווידער אויפגעוואַכט אין דעם בעוואוסטזיין פון אונזער דור און זוכט זיך אָנצוטאָן אין די בגדי מלכות פון פילאָזאָפישע בעגריפען און היסטאָרישע בעגעהרונגען. דער אויפגעלעבטער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער ווילען פון אידישען פאָלק איז דורכגעוועבט און דורכגעפלאָכטען מיט יענע אלע פילאָזאָפישע, רעליגיעזע און קולטורעלע אידעען און שטימונגען, וועלכע זיינען בעהאלטען און פערבאָרגען אין דעם גייסטעס־אוצר פון יודענטום. אידישע סאָציאַליסטען־פילאָזאָפען דערהויבען דעם אמת פון יודענטום מיט מאַיעסטעטישער אויסשליעסליכקייט צו דעם בעהאלטענעם סוד פון דער אמת׳ער פילאָזאָפיע און די מאָראל־נבואה פון יודענטום צו דעם קולטור־יסוד פון דער צוקינפטיגער סאָציאַליסטישער מענשהייט. דער אמת פן יודענטום ווערט יעצט דערקענט אלס די טענדענץ צו א נייער סאָציאַלער מאָראל און לעבענס־פליכט, צו היסטאָרישער ערלעזונג און היסטאָרישען הערואיזם, צו מענשהייטס־ווילען און צוקונפטס־האָפנונג. אין דער אידישער נאַציאָנאל־פּאָליטישער רענעסאַנס, אין סאָציאַליסטישען ציוניזם, וויל לעבעדיג ווערען א נייעס קולטור־יודענטום, וועלכעס ראַנגעלט זיך פאַר זיינע היסטאָרישע פאָרמען.

איז דאָס יודענטום באמת דער לייכטענדער מאָרגענשטערן, וועלכער שטעהט פאַר דעם טאָג־אָנברוך פון דער סאָציאַליסטישער מענשהייט? קען דאָס יודענטום ווערען די צוקינפטיגע רעליגיאָן פון סאָציאַליזם? דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון אונזער צייט, וואָס דערפון העננט אָב די צוקונפט פון יודענטום און דערמיט אויך די צוקונפט פון אידישען פאָלק. איידער דער מאָדערנער אידישער געדאנקען וועט זיך אָננעהמען גבורה צו זוכען די תשובה אויף דאָס פּראָבלעם און אפילו גאָר שטעלען דאָס פּראָבלעם אין זיין גאַנצער ערנסטקייט, אין זיין גאַנצער גרויסקייט, מוז ווידער אויפגעלעבט ווערען דאָס בילד פון מאָזעס העס. וואָרום העס האָט דער ערשטער ענטדעקט דעם בעהאלטענעם תוכן פון יודענטום, דעם

צוזאמענהאנג צווישען דער אידישער תורה־נבואה און דעם שעפ־
פערישען גייסט פון דער מענשליכער געשיכטע בכלל. ווארום מאָ־
זעם העם איז ניט נאָר דער בעגרינדער פון ציוניזם, נאָר ער איז
דער ענטדעקער פון דעם סאָציאַליסטישען אינהאַלט פון יודענטום,
דער אויפלעבער פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער ערלעזונגס־
אידעע, וואָס איהר פּראַקטישע קאָנסעקווענץ איז די פּאָליטישע
וויעדערגעבורט פון דעם אידישען עם־הפלאות. דאָס ווערק פון
מאָזעם העם „רוים און ירושלים“, וועלכעס איז געשריעבען גע־
וואָרען מיט אַ האַלבען יאהרהונדערט פריהער, איז ניט געוועזן דער
אויסדרוק פון יענער צייט, נאָר עס איז דער נבואה'דיגער אָנזאָג
פון אונזער געגענוואַרט און איהרע פּראָבלעמען.

אָבער נאָך אַ גאַנץ בעזונדערען ווערט און אינטערעס בעקומט
מאָזעם העם און זיין ווערק אין דעם איצטיגען היסטאָרישען מאָ־
מענט, אין דער איבערגאַנגס־עפּאָכע פון דער צייט, אין די חבלי
לידה פון דער נייער וועלט. אזוי ווי העם וואָלט פאָראויסגעזעהען
דיעזע וועלט־קאַטאַסטראָפע, דעם וועלט־קריעג, וועלכער איז דער
פורכטבארער פּראָלאָג צו דער וועלט־רעוואָלוציאָן. פורכטבאר פלאַ־
קערט יעצט די בלוט־רויטע פייער־פלאַם פון אידישען גלות אויף
דער גאַנצער ערד, און דאָס אויביגע פאָלק שטעהט יעצט אפשר
פאר זיין לעצטער היסטאָרישער ענטשיידונג. אָבער צום ערשטען
מאָל איז דער פרייער רצון פון אידישען פאָלק געוואָרען דער ענט־
שיידענדער כח איבער זיין שיקזאַל און צוקונפט. די גאַנצע וועלט
שטעהט פאר דער עפּאָכע פון איבערבוי און בענייאונג, די היסטאָ־
ריש אונטערדריקטע פעלקער הויבען זיך אויף פון זייער שטויב
צו נייעם נאַציאָנאַלען לעבען, די וועלטמאַכט ווערט פאַנאַנדערגע־
טיילט צווישען די פעלקער אויף אַן אַנדער אופן, אין דעם אָריענט
און ארץ ישראל געהט אויף די זון פון היסטאָרישער וויעדערגע־
בורט. די דעמאָקראַטישע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע כחות פון
דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט דערוואַכען צום גרויסען ענטשיי־
דענדען קאַמפּף מיט די רעאַקציאָנערע קרעפטען פון דער אַלטער
אָרדנונג. אויך פאר דאָס אידישע פאָלק שלאָגט די ענטשיידענדע
היסטאָרישע שטונדע פון ערוואַכונג און וויעדערגעבורט. אין דער
אויפלעבונג פון מאָזעם העם'עס בילד, אין זיין פילאָזאָפיע, זיין
אויפפאַסונג פון יודענטום און זיין בשורה צו דעם אידישען פאָלק,

וועט אונזער צייט שעפּפען נייעם מוט און נייעם גלויבען און זיך דערהויבען צו גרעסערער קראַפט און טיעפערער זעלבסט־ערקענטניס.

2

ווי זעלבסטשטענדיג און אָריגינעל מאָזעס העס איז געווען, איז ער דאָך געווען אַ קינד פון זיין צייט, אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, אָבוואָהל ער האָט פּאָראויס געאיילט פאַר זיין צייט און איז געשטאַנען אין העפטיגען קאַמפּף מיט זיין אידישער סביבה. כדי צו פערשטעהן העס, מוזען מיר פערשטעהן די אידישע סביבה, דאָס דייטשע יודענטום אין דער צייט פון מאָזעס העס.

דאָס דייטשע יודענטום אין דער ערשטער העלפט פון נייני־צעהנטען יאהרהונדערט האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדערעס אויס־זעהען, איידער דאָס יודענטום אין מיטעלאַלטער און אפילו אין אכטצעהנטען יאהרהונדערט. עס איז געוואָרען שטאַרק סאָציאַל און עקאָנאָמיש און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די דייטשע קולטור. אויך פּאָליטיש זיינען אידען געוואָרען פאַקטיש גלייכבערעכטיגט און פריי, אָבוואָהל דאָס געזעץ האָט זיי די גלייכבערעכטיגונג נאָך ניט בעוויליגט. אין מענדעלסאָן׳ס צייטען האָבען אידען אין דייטש־לאַנד נאָך ניט געהאַט קיין וואָהנרעכט אין גאַנצען לאַנד, זיינען גע־ווען סאָציאַל אונטערדריקט און האָבען אויך עקאָנאָמיש געלעבט נאָך אין אָרעמע פערהעלטניסען. אלס אַ פאָלק פון האַנדעל און פערמיטלונג זיינען די מערב־אייראָפּעאישע אידען אין אכטצעהנטען יאהרהונדערט, אזוי ווי אין גאַנצען מיטעלאַלטער, געווען אפילו אָן עקאָנאָמיש העכער שטעהענדער קלאַס־פּאָלק, אָבער צו גרויסען עקאָנאָמישען רייכטום און סאָציאַלער מאַכט האָבען זיי זיך ניט געקענט אויפהויבען.

אַנדערש איז עס געוואָרען אין דעם אָנהויב פון דעם נייני־צעהנטען יאהרהונדערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די אינדוס־טריעל־קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג אין דייטשלאַנד און די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציאָן און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבען אפילו אין דייטשלאַנד אונטערגעגראָבען שוין די יסודות פון דער מיטעל־אַלטערליכער אָרדנונג. די נייע צייט האָט געבראַכט די אידען אין דייטשלאַנד רייכטום, אַ העכערע סאָציאַלע שטעלונג און האָט זיי

געפּעגט די טויערען פון דער דייטשער קולטור. די פּרינציפּען פון דעם ליבעראַליזם, די מענשען־רעכט, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט פּראָקלאַמירט און וועלכע די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבען פּאַקטיש פערווירקליכט אין מערב־אייראָפּאַ, האָבען קיינעם ניט געבראַכט אזא נוצען ווי דעם אידישען האַנדעלס־פאָלק.

די ראַדיקאַלע קאָנסטיטוציאָן פון 1793 אין פראַנקרייך האָט ערקלערט, דאָס די מענשענרעכט זיינען: גלייכהייט, פרייהייט, זיכערהייט, אייגענטום. אונטער פרייהייט איז פערשטאַנען געוואָרען די פרייהייט פאַר דעם איינצעלנעם אַלעס צו טאָן, וואָס קען דעם אַנדערען ניט שאַדען, און דאָס יעדער מענש האָט דאָס רעכט אויף פּריוואַט־אייגענטום און אויף די אויסנוצונג פון פּריוואַט־אייגענטום. אונטער גלייכהייט איז פערשטאַנען געוואָרען די גלייכהייט פון אַלע מענשען אין זייער אינדיווידועלער אויסנוצונג פון זייער אייגענטום. דאָס רעכט אויף זיכערהייט האָט וויעדער געמיינט די זיכערהייט פון יעדעם איינצעלנעם אויף די בעשיצונג פון זיין פּערזאָן, זיין פרייהייט און זיין אייגענטום. פאַר קיין עלעמענט פון דער געזעלשאַפט זיינען דיעזע פּרינציפּען פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע ניט געווען אזוי ווילקאָמען, ווי פאַר אידען, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין פרייהייט פון בעוועגונג, פון וואָהנרעכט, קיין גלייכהייט פאַר דאָס געזעץ, וואָס זייער אייגענטום איז געשטאַנען שטענדיג אין געפאַהר און וועלכע האָבען קיינמאָל ניט געקענט רוהיג גענייסען די זיכערהייט פון זייער אייגענטום.

די מאָדערנע צייט האָט גלייך אויפגעהויבען זעהר הויך דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון אידען אין מערב־אייראָפּאַ און בעזונדערס אין דייטשלאַנד. נאָך איידער זיי האָבען בעקומען די פאָרמאַלע פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג, זיינען זיי שוין איבערגעגאַנגען אין דעם גרעסטען טייל אין די רייהען פון דער בורזשואַזיע. די צאָהל פון די האַנדווערקער, הויזירער און קליינע הענדלער, וועלכע איז פריהער געווען נאָך אַ גאַנץ בעדייטענדע, האָט אָנגעהויבען צו זינקען און אידען זיינען באַלד ארויפגעשטיגען צו אַלע העכערע סאָציאַלע פּאָזיציאָנען. אין דער בילדונג, וועלכע זיי האָבען אויפגענומען מיט אַ ברענענדען באַגעהר, האָבען זיי געפונען אַ וויטערען וואָפען פאַר זייער עקאָנאָמישען און סאָציאַלען אויפשטייגען. באַלד זיינען די פערפאָלגטע און פעראַכטעטע אידען פון מיטעל־

אלטער געוואָרען אַ טייל פון דער הערשענדער בורזשואזיע אין דייטשלאַנד, וועלכער איז געגאַנגען אַלץ ווייטער פאָרווערטס אויף דעם וועג צו סאָציאַלער מאַכט און בילדונג.

צוזאַמען מיט דעם סאָציאַלען און קולטורעלען אויפשטייגען פון די אידען אין דייטשלאַנד האָט זיך אויך אָנגעהויבען די אינ־ווענדיגע גייסטיגע איבערקערעניש אין זייער לעבען. די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אידישקייט, וועלכע איז געווען ניט נאָר אַ רעליגיאָן נאָר אַ בעזונדערע לעבענספיהרונג, אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן, וועל־כע האָט זיך געהאַלטען אָבגעזונדערט פון דער קריסטליכער סביבה און האָט אויך געהאַט אייגענע פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע צוקונפט־חלומות, — דיעזע אידישקייט האָט ניט געקענט אויסהאַלטען דעם דראַנג פון דער נייער צייט. די ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָפיע פון דער צייט האָט זיך געשטעלט אין ווידערשפּרוך צו דער אידישער רעליגיאָן. מענדעלסאָן'ס פערזוך צו מאַכען שלום צווישען דעם יודענטום און דעם גייסט פון דער נייער פילאָזאָפיע האָט, ווי אַלע אַזעלכע שכל'דיגע פּרובונגען, מעהר אויפגעדעקט דעם געגענזאַץ צווישען דעם יודענטום און דער דאַמאָליגער פילאָזאָפיע, איידער אויפגעבויט אַ בריק צווישען זיי. דאָס יודענטום האָט אויסגע־זעהען אין די אויגען פון דעם נייעם אויפגעקלערטען דור ווי אַן אונ־גליקליכער משונה'דיגער איבעררעשט פון אַמאָליגע צייטען, וואָס איז פאַראורטיילט צום טויט פון דעם גייסט פון דער נייער צייט.

אויב די אידישקייט האָט פערלאָרען אונטער דעם דראַנג פון דער צייט איהר רעליגיעזען ווערט, איז זי דאָך שוין אריינגעפאַלען אין אַ פאָלשטענדיגע סתירה מיט די נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע בע־דינגונגען, וועלכע זיינען בעשאַפען געוואָרען פאַר אידען. דער טריאומף פון דעם ליבעראַליזם און די אידען פון דער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציאָן האָט געעפענט פאַר אידען ברייט און ווייט די טויערען פון סאָציאַלען אויפשטייג. די פערענדערטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פון די מערב־אייראָפּעאישע און בעזונדערס פון די דייטשע אידען האָט געבראַכט די אידען אין ווידערשפּרוך מיט זייער נאַציאָנאַלער אידישקייט. זאָלאַנג די אידען זיינען געווען פּאָליטיש אונטערדריקט, אויסגעשלאָסען פון דער געזעלשאַפט און האָבען געלעבט אין בעשיידענע אומשטענדען צווישען די מויערן פון געטטאָ, איז זייער נאַציאָנאַל אָבגעזונדערטע לעבענספיהרונג,

זייער האָפנונג אויף ציון און משיח, זייער מיסטיש־רעליגיעזער בליק צו ירושלים געווען נאַטירליך און ניט נאָר בערעכטיגט, נאָר נויטווענדיג און אַ טייל פון זייער גאַנצער בעזונדערער לעבענספיהרונג און קולטור. וויבאַלד אָבער די טויערען פון געטאָ האָבען אָנגעהויבען איינצופאַלען, און די סאָציאַל און קולטורעל אויפשטייגענדע אידען האָבען אויך אָנגעהויבען צו פאָדערען פאָליטישע און בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג אין דער געזעלשאַפט, איז שוין די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע פון יודענטום געוואָרען אַ שטערונג צו די עמאַנציפּאַציאָנס־שטרעבונגען פון די אידען.

אין דער דיסקוסיאָן, וועלכע האָט זיך זייט דעם סוף פון אכטצעהנטען יאָהרהונדערט אָנגעהויבען אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך וועגען דער בירגערליכער עמאַנציפּאַציאָן פון אידען, איז פון פיינדליכער קריסטליכער זייט אויך פאָראויינס פאָרגעוואָרפען געוואָרען צו אידען, דאָס זיי טראַכטען גאָר זיך אומקעהרען צוריק אין ארץ־ישראל. פון פערשיעדענער זייט איז אויפגעוויעזען געוואָרען, דאָס די אידישע רעליגיאָן מיט איהרע מצוות און פערבאָטען שטעהט אין ווידערשפּרוך מיט די בירגערליכע געזעצען פון לאַנד. די קריסטליכע וועלט האָט עס די אידען געשטעלט אַלס אַן אָפענע בעדינגונג פאַר די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, דאָס זיי זאָלען זיך אבזאָגען פון זייער נאַציאָנאַלער אבגעזונדערטקייט אפילו אין זייערע געדאַנקען און האָפנונגען און דאָס זיי זאָלען צופּאַסען די אידישע רעליגיאָן צו די וועלטליכע געזעצען פון לאַנד. נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט צונויפגערופען אַ סנהדרין פון די פערטרעטער פון יודענטום, אין יאָהר 1807 אין פּאַריז, האָט אייגענטליך אויסגעדריקט די שטימונג פון דער דאַמאָליגער קריסטליכער וועלט בנוגע צו דער פראַגע פון דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. ווי קענען אידען פערלאַנגען פאָלשטענדיגע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, ווען זייער תורה ענטהאַלט אין זיך אַנדערע בירגערליכע געזעצען, און ווען זיי פיהלען זיך אַלס אַ בעזונדערע נאַציאָן מיט בעזונדערע אידעאַלען אינערהאַלב פון דעם פראַנצויזישען פאָלק? דיעזע סתירה האָט דער אידישער סנהדרין געראַרפט בעפריעדיגענד פערענטפערען, איידער דאָס אידישע פאָלק האָט געקענט בעקומען זיין רעכט אויף גלייכבערעכטיגונג.

אזוי ווי דער מאָדערנער גייסט האָט זיך ארויסגעוויזען שטאַר־קער, איידער די צערמאָניעלע רעליגיעזע אידישקייט, אזוי האָבען אויך די סאָציאַלע און פּאָליטישע אינטערעסען פון די אויפגעקומענע אידען פערדרענגט די נאַציאָנאַלע בײנקשאַפט, די משיח־חלומות און דעם גאַנצען נאַציאָנאַל־פּאַטישען צויבער, וועלכער האָט געשוועבט איבער דאָס געטאָ־יודענטום. דאָס יודענטום אין מערב־איירָאָפּאַ האָט זיך אָנגעהויבען אויפצולעזען. דאָס יודענטום האָט פערלאָ־רען זיין אינהאַלט, וויבאַלד נאַר דער איד האָט געפונען זיין אנשלוס צו דער ארומיגער געזעלשאַפט און קולטור. עס האָט זיך אָנגעהוי־בען צווישען די מערב־אייראָפּעאישע אידען, און בעזונדערס צווישען די דייטשע אידען, די צייט פון פערצווייפלונג, מאַסען־שמד, און אָפענער אסימילאַציאָן. די קינדער און די תלמידים פון מענדעל־סאָן זיינען שוין כמעט אַלע איבערגעגאַנגען צום קריסטענטום, און אין דעם אָנהויב פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט זיינען די מאַסען־טויפען געוואָרען אַ געוועהנליכע ערשיינונג. די אסימילאַציאָן איז געוואָרען די מאָדע און דער אידעאַל פון דער צייט, און דיעזע אסי־מילאַציאָן האָט געזוכט איהר נאַטירליכע פארענדיגונג אין דער טויפע, וועלכע האָט אין דער געשטאַלט פון דעם טויפצעטעל געגע־בען דעם איד דעם איינטריטסבילעט אין די אייראָפּעאישע קול־טור, ווי היינע האָט זיך גייסטרייך אויסגעדריקט.

די אסימילאַציאָן איז געוועזן אָבער נאַר אַ י י ן געזעלשאַפט־ליכע ערשיינונג, וועלכע איז אויפגעטראָטען אין יענער איבער־גאַנגס עפּאָכע פון אידישען מיטעלאַלטער צו דער מאָדערנער צייט. זי איז געוועזן די גייסטיגע אָבשפּיעגלונג פון דעם מאַטעריאַליזם און דעם אייגעננוצען פון דער אידישער בורזשואזיע, וועלכע האָט זיך דאַמאַלס אָנגעהויבען מעכטיג ענטוויקלען און האָט גע־וואָלט פערבייטען איהר נאַציאָנאַלע אידישקייט און היס־טאָרישע אייגענטימליכקייט אויף פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג און דעם נוצען פון דער הערשענדער קולטור. די אסימילאַציאָן האָט אָבער דאָך ניט פערמאָגט אויסצוזאַפּען דעם לעצטען לעבענס־זאַפט פון דער אידישער נאַציאָן. דער פאָלקס־ארגאַניזם האָט זיך דאָך געראַנגעלט געגען דיעזען מאַטעריאַליסטישען גיפט, וועלכען דער אויפשטייגענדער אידישער קאַפּיטאַליזם האָט פון זיך פער־שפּרייטעט. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ אינוועגדיגער קאַמפּף

צווישען אידען, אזוי ערנסט ווי אין סוף פון בית שני דער קאמפף צווישען די דאמאליגע מאטעריאליסטישע אסימילאטארען, די העלעניסטען, און די נאציאנאליסטען, וועלכע האבען געהאלטען טייער דעם גייסטיג־מאראלישען אינהאלט פון יודענטום. אויך אין דעם אנהויב פון דעם ניינצעהנטען יאהרהונדערט דערוועקען זיך אין דעם דייטשען יודענטום טיעפע נאציאנאלע און מאראלישע קרעפטען, וועלכע זאגען שוין אן די היסטארישע און קולטורעלע ערוואכונג פון דעם אידישען פאלק.

אין דערזעלביגער צייט פון דער פאנאנדערבליהונג פון דער אידישער בורזשואזיע און דער אסימילאציאן טרעטען ארוים פון דעם שויס פון דעם דייטשען יודענטום די גרויסע סאציאלע רעוואלוציאנערען און קריטיקער פון דער בירגערליכער וועלט. היינע, בערנע, יאקאבי, מארקס, העס, לאסאל זיינען קינדער פון יענער עפאכע. זיי זיינען די גרויסע רעוואלוציאנערען פון דער צייט: היינע, בערנע, יאקאבי דעמאקראטישע רעוואלוציאנערען, מארקס העס, לאסאל סאציאלע רעוואלוציאנערען. דיעזע גרויסע אידישע רעוואלוציאנערען האבען אבער אויך א גאנץ מערקווירדיגע און אייגענארטיגע שטעלונג צום יודענטום, וועלכע אונטערשיידעט זיך פאלשטענדיג פון דער פאטריאטיש־בורזשואזנער דערשראקענער און פערדעטערישער אסימילאציאן. די אידען האבען דאס רעכט אויף בעפרייאונג און עמאנציפאציאן ניט דורך די ערניעדרונג פון אסימילאציאן, נור דורך דעם כח פון רעוואלוציאן, דאס איז דער נייער רוף, וועלכער קלינגט אין דעם ערוואכענדען און ווידערשפעננסטיג געווארענעם יודענטום. ביי דיעזע וועלטהיסטארישע אידען דערוועקען זיך שוין אידישע נאציאנאל ־ רעוואלוציאנערע שטימונגען, עס פערשטעהט זיך, נאך אין א גאנץ אונבעשטימטער און אונזיכערער געשטאלט. היינע וועהרענד זיין גאנצען לעבען און לאסאל אין זיין פריהער יוגענד ווייניגסטענס זיינען פול מיט בעוואונדערונג און סימפאטיע צום אידישען פאלק און זיין מערקווירדיגער ערשיינונג אין דער געשיכטע, אבוואהל ביידע זיינען ביטערע קריטיקער און אבשפאטער פון דעם טראדיציאנעלען קאפיטאליסטישען יודענטום, וועלכעס איז ארייגגעוואקסען און אויפגעוואקסען אין דער מאדערנער צייט. ביז צום היינטיגען טאג קלינגט נאך די געוואלטיגע אנקלאגע און קריטיק פון מארקס געגען די אי־

דען פון זיין צייט, וועלכע ער האט אונטער דעם איינפלוס פון פייערבאך׳ס רעליגיאנס־קריטיק און פראזעאלאגיע צונויפגעמישט מיט דעם בעגריף און דער אידעע פון יודענטום בכלל. ווען מארקס זאגט, דאס די נשמה פון יודענטום איז דאס געלד, און דאס די עמאנציפאציאן פון יודענטום איז די עמאנציפאציאן פון דער וועלט פון יודענטום, האט ער אין אויג אייגענטליך די אידישע בורזשואזיע פון דייטשלאנד פון זיין צייט, וואס די מאטעריאליסטיש־פעררעטע־רישע אסימילאציאן איז געווארען איהר אידעאלאגיע.

דאס די אידען זיינען געווארען א קאפיטאליסטיש הערשענדער קלאס און זיינען אין זייער מאטעריאליזם און אסימילאציאן טיעף געפאלען, דאריבער קלאגען זיך די דאמאליגע אידישע פאטריאטען. דער בעגרינדער פון דער וויסענשאפט פון יודענטום, דער דאמאלס נאך יונגער צ ו נ ץ שרייבט אין יאהר 1827: „די אידען און דאס יודענטום, וועלכעס מיר ווילען איבערבויען, איז צוריסען און איז געווארען דער רויב פון בארבארען, נארען, געלדוועקסלער, אי־דיאטען און פרנסים... די אייגענע וויסענשאפט איז ביי די דייטשע אידען אבגעשטארבען און פאר די אייראפעאישע וויסענשאפט האבען זיי ניט קיין פערשטענדניס, ווארום זיי זיינען געווארען אונטריי צו זיך זעלבסט, פערפרעמדט צו דער אידעע און סקלאווען פון עגאאיזם“. עדווארד ג א נ ז, איינער פון די אידישע קעמפפער פון יענער צייט, וועלכער האט, ווי פיעלע אנדערע, שפעטער פערבי־טען די אידישע פאהן אויף דאס קריסטליכע קרייץ, רעדט אויך מיט גרויסער פארביטערונג געגען די הערשאפט פון געלד ביי אידען, געגען די אידישע געלד־אריסטאקראטיע, וועלכע מאכט אלעס אזוי ניעדריג.

די אידישע בורזשואזיע האט פערראטען דאס אידישע פאלק דורך אסימילאציאן און מאטעריאליסטישען עגאאיזם און די אי־דישע געניאלע רעוואלוציאנערען האבען זיך אבגעווענדעט מיט פעררדרוס און אבשיי פון דעם געלד־יודענטום און האבען זיך אויסער־האלב פון יודענטום אויפגעבויט זייער טעמפעל פון אונשטערב־ליכקייט. באלד איז שוין דאס אידישע פאלק אין דייטשלאנד גע־שטאנען הארט ביי דעם ברעג פון פאנאנדערפאלונג און אונטער־גאנג. די רייכע און די אינטעליגענץ האבען געמאכט דעם לעצ־טען שריט פון דער אסימילאציאן און האבען אנגעהויבען אין די

מאסען איבערגעהען צום קריסטענטום. אין יאָהר 1823 האָבען זיך א העלפט פון דער אידישער געמיינדע אין בערלין געטויפט. אומזיסט האָט די אָרטאָדאָקסיע געשטורעמט און געדונערט, זי האָט ניט פארמאָגט איינצוהאלטען דעם פארניכטענדען שטראָם. דאָס דייטשע יודענטום האָט ביי דער ערשטער בעגעגנונג מיט דער אייראפּעאישער קולטור פערלאָרען זיין ווידערשטאנדס־קראפט און איז פון די ערשטע שטראהלען פון דער פרייהייטס־זון געבלענדעט און פארבלענדעט געוואָרען ביז צו אונבעוואוסטזיניגקייט.

אין דער טיעפסטער טיעפעניש פון אידישען פאָלק איז אָבער דאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען די לעבענס־פלאַם. די פאָלקס־נשמה האָט דאָך געפונען אן אינהאלט, דורך וועלכען זי האָט זיך קענט ראטעווען אין יענער קריטישער איבערגאנגס־צייט פון אויפלעזונג און אונטערגאנג. אויב דאָס אידישע פאָלק האָט ניט קיין צוקונפט און האָט פערלאָרען זיין פעסטען גלייכגעוויכט אין דער געגענווארט, האָט עס דאָך געהאט א גרויסע און גלאָררייכע געשיכטע, וועלכע האָט געווירקט אויף די געשיכטע פון דער גאנצער מענשהייט, און וועלכע לעבט נאָך אין דער אידישער געגענווארט אין פערשיעדענע אופנים. אין דער העברעאישער שפראך, אין דער אידישער געשיכטע, פּאָעזיע, ליטעראטור, פילאָזאָפיע, רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע, אין די גייסטיג־מאָראלישע אייגענשאפטען פון אידישען לעבען און פאמיליען־לעבען פון דער געגענווארט איז געפונען געוואָרען א זין און אינהאלט פאר דאָס יודענטום. אין יענער קריטישער איבערגאנגס־צייט האָט אָנגעהויבען בעשאפען ווערען די אזוי אָנגערופענע וויסענשאפט פון יודענטום, וואָס א י מ א נ ו ע ל ו ו א ל ף האָט אזוי מערקווירדיג טיעף און רייך בעשטימט איהר זין און אינהאלט אין דער צייטשריפט פון קולטור־פעראיין אין 1823. י א ס ט, צ ו נ ץ, ל ע ו ו י ס א ן זיינען אויפגעטרעטען מיט זייערע ערשטע פאָרשונגען און פּאָעזיען, און באלד האָבען זיך שוין דערזעהן די אויפגעהענדע שטערען פון ג ר ע ץ, ג י י ג ע ר, ק ר א כ מ א ל, ר א פ א פ א ר ט און פיעלע אנדערע פאָרשער און שעפפער אויף דעם פיעל־זייטיגען פעלד פון דער וויסענשאפט פון יודענטום. עס האָט זיך אָנגעהויבען דערוועקען אין יענער צייט פון געפאלענקייט דורך דיעזע אידישע פאָרשונגען דער זעלבסטגעפיהל און די אכטונג צו דער אייגענער

מערקווירדיגער נאציאָן ביי דער בעסערער אידישער אינטעליגענץ. באלד האָבען זיך אָנגעהויבען ציהען פון דיעזער נייער וויסענשאַפט פון יודענטום שטראהלען פון גייסטיגער און נאציאָנאלער ענערגיע, וועלכע האָבען צווישען אידען פון דער גאנצער וועלט געוועקט און גערופען דעם פערצווייפעלטען אָדער פערגליווערטען אידישען גייסט.

אָט אין יענער מערקווירדיגער צייט פון דער אסימילאציאָן פון דער בורזשואזיע, פון דער רעוואָלוציאָנערער קריטיק פון די אידישע סאָציאַליסטען, פון דעם בלינדען קאמפף פון די אָרטאָדאָקסען, און די ערשטע שפּראָצונגען פון דער וויסענשאַפט פון יודענטום איז אויפגעטרעטען מ אָ ז ע ס ה ע ס. צום גליק האָט ער אין זיין נשמה פעראייניגט די רעוואָלוציאָנערע אונרוהיגקייט פון מארקס און לאסאל און די ראָמאַנטיש־אידישע שטימונג פון היינע און גרעץ, וועלכע האָט געפונען א פרוכטבארען באָדען אין זיינע אידישע ידיעות און זיינע שענע פרום־אָרטאָדאָקסישע פאמיליען־טראדיציאָנען. אַן אוניווערסעלער רעוואָלוציאָנער און פילאָזאָף און א אידישער נאציאָנאליסט און קעמפּפער פאר די ווידערויפלע־בונג פון אידען און יודענטום, — דאָס איז געוועזען אין יענער צייט א נייע און זעלטזאמע ערשיינונג, וועלכע מען האָט שלעכט פער־שטאנען און נאָך ערגער אבגעשאצט. ערשט אונזער צייט איז עס אויסגעקומען צו פערשטעהן און צו ווירדיגען מאָזעס העס נאָך זיין גאנצען היסטאָרישען ווערט.

3.

מאָזעס העס איז געבאָרען געוואָרען אין באָן אין דייטשלאנד, דעם 21 יאנואר 1812. זיינע עלטערן זיינען געוועזען פרומע אָרטאָ־דאָקסישע אידען, פון סוחרישען שטאנד, וועלכע האָבען געגעבען דעם יונגען מאָריץ א גוטע אידישע ערציהונג. דאָס זיינען געוועזען אידען פון דעם אלטען שטייגער, וועלכע זיינען געוועזען שטאָלץ אויף זייער יחוס פון רבנים און תלמידי חכמים, און וואס אין זייער הויז האָט געשוועבט א פרומער און עהרליכער אידישער גייסט.

אלס יונגעס קינד האָט ער זיך ערצויגען אין באָן אין הויז פון זיין זיידען, וועלכער האָט געהערט צו יענע טיפּען פון כאראקטער־פעסטע, שטארק־גלויביגע סוחרים־למדנים, מיט וועלכע דאָס אמאָ־ליגע אידישע לעבען איז געוועזען אזוי רייך. דיעזער פרומער, גע־

לערנטער און אונאבהענגיגער מאן האט געמאכט אויף דעם קליינעם מאריץ די שטארקסטע ווירקונג. זיין פרומקייט, זיין ווירדע, זיין געלערנטקייט, זיין גלויבען און זיין ליעבע צום אידישען פאלק האבען איבערגעלאזען די טיעפסטע שפורען אין דער נשמה פון דעם געפיהלפולען און אויפגעוועקטען קינד.

אין יאהר 1830 טרעט העס אריין אלס סטודענט אין באנער אוניווערזיטעט, אבער ער האט וואהרשיינליך קיינמאל די אוניווערזיטעט ניט געענדיגט און ניט בעקומען קיין געלערנטען טיטעל. אלס סטודענט האט ער זיך שוין אריינגעווארפען אין די רעוואלוציאנערע בעוועגונג פון יענער צייט, וועלכע איז געווען אן אונבעשטימטעם געמיש פון אנארכיזם, קאמוניזם און סאציאליזם. געצויגען האט דעם יונגען העס צו דער סאציאלער רעוואלוציאן קודם כל זיין אידישער טעמפעראמענט, זיין אידיש־נאציאנאלער געפיהל, די איידעלקייט און ריינקייט פון זיין אינוועגדיגער נאטור.

עס פערשטעהט זיך, דאס דער פראקטישער בעל־בתישער פאטער האט ניט געהאט קיין פרייד פון דעם אונרוהיגען זוהן און באלד איז געווארען אן אפענע קריעגעריי צווישען דעם פאטער און דעם ניט־געראטענעם זוהן, וועלכער האט זיך אריינגעווארפען אין די סאציאליסטישע בעוועגונג. דער יונגער העס האט פערלאזען די היים, איז געפאהרען אין ענגלאנד, האט געפרובט זיין גליק אין פאריז, און איז צום סוף געקומען צוריק צו פוס אין דייטשלאנד און איז אין א דארף לעבען מעץ געווען א צייט לאנג א לעהרער. דער פאטער האט ווידער געמאכט שלום מיט דעם יונגען העס און האט איהם אריינגענומען אין זיין געשעפט אין קעלן. אבער העס האט זיך הפנים ניט געפאסט פאר א סוחר. ער האט זיך באלד ווידער צוקריעגט מיט זיין פאטער און האט אויף שטענדיג שוין פערביטען די געשעפטס־ביכער אויף די פילאזאפישע ספרים פון העגעל און ספינאזא. ער האט זיין יענער צייט געלעבט אין אויסערליכער נויט און ארעמקייט, אבער ער האט געפונען אין זיינע פילאזאפישע פארשונגען און שטודיען די אמת'ע בערוהיגונג און צופריעדענהייט פון גייסט. ווען ער האט אבער אין יאהר 1840 חתונה געהאט מיט א קריסטליכער מיידעל, מיט סיבילע פריטש, וועלכע ער האט ארויסגענומען פון אן עפענטליכען הויז, איז ער זיך שוין אויף אייביג

פאנאנדערגעגאנגען מיט זיין פאטער און האט איהם קיינמאל מעהר ניט געזעהן. אין דער געוועזענער פראסטיטוטקע האט העס געפונען א טרייע פריינדין און מיטקעמפפערין און העלפערין פאר דאס גאנצע לעבען. קינדער האט אבער העס נאך זיך ניט איבערגעלאזען. ער האט איבערגעלאזען נאך זיך זיין לעבען און זיינע ווערק.

שוין אין די ערשטע יאהרען פון זיין לערנען האט זיך העס בעגייסטערט פאר ספינאזא, דעם גרויסען אידישען פילאזאף, קעמפפער און דולדער, און איז איהם געבליעבען טריי זיין גאנץ לעבען. פון ספינאזא לערנט ער די מאניסטישע וועלטאנשויאונג און די העראאישע לעבענספיהרונג, וואס די ווארצלען פון דיעזער לעהרע שטאמען פון דעם נבואה־יודענטום. ספינאזא'ס פילאזאפיע האט געפונען דעם טיעפסטען אבקלאנג אין העס'ס נשמה.

זיין ערשטעס גרעסערעס ווערק, וועלכעס העס האט ארויסגעגעבען אין יאהר 1837 טראגט דעם נאמען: „די היילינע געשיכטע פון דער מענשהייט, פון א תלמיד ספינאזא'ס". דאס איז דאס ווערק פון א פינף און צוואנציג יאהריגען שרייבער וועגען דער פילאזאפיע פון דער געשיכטע: עס איז וועניג סיסטעמאטיש, שטורעמדיג און דורכגעדרונגען פון דעם זעלבסטגעפיהל פון א מענשען, וועלכער טראגט אין זיין אייגענעם איך דעם מאסשטאב פאר זיין אמת. די מענשליכע געשיכטע איז הייליג, איהרע פאסירונגען זיינען ניט צופעליג, נאר זיינען פאראויסגעזעהען לכתחילה, זיינען די פרייע ווערק פון גאט, פון „דעם הייליגען גייסט". העס פרובט זיך ארויסגעפינען דעם אינוועגדיגען פלאן, נאך וועלכען די מענשליכע געשיכטע איז אויפגעבויט, אבער ער מוז, פערשטעהט זיך, צופאסען די היסטארישע פאסירונגען און פאקטען צו זיין פלאן. כאראקטעריסטיש איז אבער, אין וואס העס זעהט דעם אינוועגדיגען זין פון דיעזעם געטליך־הייליגען פלאן פון דער געשיכטע. אין דער ערשטער עפאכע פון דער מענשליכער געשיכטע, וועלכע ציהט זיך פון אדם הראשון ביז קריסטוס, האט זיך דער פאסיוועך כח פון גייסט, די מענשליכע פאנטאזיע, דער כח הדמיון ענטוויקעלט ביז צום העכסטען פונקט און איז אלץ רייכער געווארען דורך די אויפנאמע פון די אויסערע בילדער פון דער וועלט. מיט קריסטוס הויבט זיך אן דאס אקטיווע גייסטעס־לעבען, און דער מענש מאכט דעם שריט צום סינטעז פון גייסט און נאטור. ערשט ספינאזא פעראיי-

ניגט גאָט און די וועלט, נאַטור און גייסט. ספּינאָזאַ האָט דער־קענט גאָט ניט נאָר מיט זיין געמיטה, נאָר שוין מיט דעם ליכטיגען שכל. די גאַנצע וועלט־געשיכטע איז נאָר די שטייגענדע ערקענט־ניס פון גאָט, וועלכע וועט מוזען פיהרען צו דער וועלט־רעליגיאָן פון דער צוקונפט, וואָס איהר גאַנצער אינהאַלט וועט זיין די ליעבע. אַנשטאָט דעם געזעץ און דעם דין וועט אין דער צוקונפט הערשען די הייליגע אָרדנונג, וואָרום אַלע וועלען האָבען דערקענט גאָט. אין דעם אידישען פאָלק האָט פון שטענדיג אָן געלעבט דער גייסט פון הייליגקייט, וועלכער לעבט יעצט וויעדער אויף און וועט אין דער צוקונפט בעהערשען די גאַנצע מענשהייט מיט אַ נייער תורה. מיט דיעזע געדאַנקען שליסט העס זיין ערשטע יוגענד־שריפט פון 1837, אין וועלכער מיר דערקענען שוין גאָר פיעלע שטימונגען, וועלכע האָבען פינף און צוואַנציג יאָהר שפּעטער געפונען זייער אויסדרוק אין „רוים און ירושלים“.

אין דיעזער ערשטער שריפט איז שוין מאָזעס העס אַן אויסגע־שפּראָכענער סאָציאַליסט אָדער בעסער געזאָגט קאָמוניסט. אין דער וועלט זאָלען הערשען גליק און ליעבע, און פרייהייט און גלייכ־הייט איז דער וועג דערצו. דער רייכטום דאַרף גלייך צוטיילט ווערען צווישען די בירגער, און דער שטאַאַט מוז בעזיצען און קאָנט־ראָלירען דעם רייכטום פון דער געזעלשאַפט. העס זעהט דאָס קומען פון דעם סאָציאַליזם דורך די פערשאַרפונג פון די סאָציאַלע געגענ־זעצען: דער מיטעלשטאַנד מוז אין דער קאָנקורענץ פערשווינדען, דער גרויס־קאַפּיטאַל מוז זיך אַלץ מעהר און מעהר קאָנצענטרירען, און די העכסטע סאָציאַלע ווידערשפּריכען מוזען פיהרען צו דער נייער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. העס זעהט דאָ כמעט פאָראויס די שפּעטערדיגע פערעלענדרונגס־טעאָריע פון קאַרל מאַרקס.

עס געהען פאַריבער נאָך פיער יאָהר און אין יאָהר 1841 טרעט אַרויס העס מיט אַ נייעם בעדייטענדען ווערק: „די אייראָפּעאישע מאַריאַרכיע“. עס איז אַ ווערק וועגען דער פּאָליטיק פון דער צייט, אָבער עס איז געשריבען פון אַן אַלגעמיינעם פילאָזאָפישען שטאַנד־פּונקט. ער ענטוויקעלט די אידעע פון אַ פעראייניגטען שטאַאַט פון אייראָפּאַ, וועלכער זאָל בעשטעהן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און ענגלאַנד. דיעזער שטאַאַט זאָל זיין אַן אידעאַלער שטאַאַט, וועלכער זאָל פערווירקליכען די העכסטע פרייהייט און דעם אייבי־

גען שלום. דיעזער פעראייניגטער שטאאט וועט קומען נאך א האר־
טען קאמפף, אבער ער מוז קומען. מכח דיעזען שטאאטען־בונד
שרייבט העס די פאלגענדע ווערטער, וועלכע קלינגען כמעט ווי א
נבואה אין יאהר 1841: „מעגליך, דאס פראנקרייך און דייטשלאנד
וועלען זיך אויסקעמפפען די פריינדשאפט ערשט אויף די שלאכט־
פעלדער ביים רהיין, אבער עס איז זיכער, דאס אין דער צוקונפט
וועט פערווירקליכט ווערען דאס שענסטע פערהעלטניס צווישען
פראנקרייך און דייטשלאנד, וועלכעס וועט דויערן יאהרהונדערטען...
דערווייל וועט זיך אפשר פראנקרייך פערבינדען מיט רוסלאנד. עס
וועט מאכען הנחות צו די רוסען, וועלכע וועלען עס ערניעדריגען,
עס וועט זיך אונטערווארפען אונטער דעם ווילען פון א מאכט, וועל־
כע וועט שטענדיג דראהען מיט אבפאל... ווארום גארנישט וועט
הינדערן רוסלאנד, צו שליסען אין א גינסטיגען מאמענט א „פרינ־
ציפען־אליאנץ" מיט דייטשלאנד, און אויף אזא אופן אונז איירא־
פעער, ווען מיר וועלען בלייבען צוריסען, צו רוסיפיצירען אזוי לאנג
גייסטיג און מאטעריעל, ביז מיר וועלען אריינפאלען דעמאראלי־
זירט און מאכטלאז אין דעם רשות פון דעם סקלאווען־אימפעראטאר".
העס האט אלזא שוין דאמאלס געזעהן די גרעסטע סכנה פון דער
וועלט אין דער צורייסונג צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך, וועל־
כע וועט געבען רוסלאנד די מעגליכקייט זיך צו פעראייניגען מיט
פראנקרייך און עס ערניעדריגען, און דערנאך אפשר זיך פעראייני־
גען מיט דייטשלאנד, וואס דאס וועט פיהרען צו דער פערשקלא־
פונג פון גאנץ אייראפא. אויך מארקס האט דרייסיג יאהר שפע־
טער נאך דעם דייטש־פראנצויזישען קריעג אויסגעשפראכען דיזעל־
ביגע געדאנקען, בשעת דייטשלאנד און פראנקרייך האבען זיך צו־
שפאלטען און האבען אויף אזא אופן געמאכט, דאס רוסלאנד זאל
האלטען די וואגשאל פון דער וועלטלאגע אין איהרע הענד.

אין דיעזער מערקווירדיגער שריפט וועגען דער אייראפעאישער
פאליטיק זיינען פאראן אויך צווייטע געדאנקען וועגען אידען
און יודענטום, וועלכע זיינען אבער ערשט שפעטער אין „רוים און
ירושלים" ענטוויקעלט געווארען ביז צו זייער העכסטען גלאנץ.

4.

אין די פערציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט הויבט זיך אָן אין מערב אייראָפּאַ די גרויסע רעוואָלוציאָנערע אונרוהיגקייט, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דער רעוואָלוציאָן פון 1848 און האָט געגעבען דעם אנשטויס צו דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג פון די מאַסען. אין די פערציגער יאָהרען הויבט זיך אָן שטארק צו ענט־וויקלען די אינדוסטריע אין ענגלאנד, פראַנקרייך און זיד־דייטשלאנד. די אנהויבונג פון קאַפּיטאַל און די ענטשטעהונג פון גרויסע אינ־דוסטריעלע אונטערנעהמונגען רופען ארויס אויף דער אנדער זייט די פערמעהרונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די גרויסע שטעדט און זיין פערעלענדונג און פעראָרעמונג. דער ארבייטער קלאַס האָט נאָך ניט געקענט קעמפפען דאַמאלס סיסטעמאַטיש געגען דעם אויפ־שטייגענדען קאַפּיטאַליזם. צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט הויבט אָן בעשאַפּען צו ווערען אַן אונרוהיגער דראָהענדער געגענזאַץ, וועל־כער ווערט ניט איינגעשטילט דורך אָרגאַניזאַציאָנען און רעפאָרמען, נאָר וועלכער וואקסט אַלץ מעהר צו אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס. אין ענגלאַנד שטורעמט די טשארטיסטען־בעוועגונג, וועלכע איז אפילו נאָך אונקלאר אין איהרע ציעלען און פאָדערונגען, אָבער טראַגט אין זיך א טיעפען סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען גייסט. אין פראַנקרייך זיינען שוין אויפגעטראַטען די ערשטע סאָציאַליסטען, ווי פּוריע, קאַבע, פּרודאָן, וועלכע זיינען געווען שטארק און שאַרף אין זייער געזעלשאַפטליכער קריטיק און אין דער אויספאַסונג פון דעם קלאַסען־כאַראַקטער פון דער געזעלשאַפט, אָבוואהל נאָך זעהר פאַנטאַסטיש און אונקלאָר אין זייערע וועגען און מעטאָדען צום סאָציאַליזם. אין דייטשלאַנד טרעטען אויף אין די פערציגער יאָה־רען מאַרקס, ענגעלס, רוגע, גרין, וויטלינג, א חוץ די ראַדיקאַלע פילאָזאָפען פון דער לינקער העגעל׳שער שולע, וועלכע קעמפפען געגען די מאָנאַרכיע און די קירכע און חלום׳ען ווע־גען דער איבעראַנדערשונג און בענייאונג פון דער וועלט.

דער צענטר פון דער ראַדיקאַלער און רעוואָלוציאָנערער בעווע־גונג אין דייטשלאַנד איז געווען זיד־דייטשלאַנד, בעזונדערס די רהיין־פּראָווינצען, וואו די אינדוסטריע איז געווען שטארק ענט־וויקעלט און וואו עס האָט געהערשט מעהר פראַנצויזישער פריי־

הייטליכער גייסט איידער אין פראנקרייך אדער אנדערע טיילען פון דייטשלאנד. אין יאהר 1842 הויבט זיך אן א בעדייטענדע ראדי־קאל־רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין זיד־דייטשלאנד, און די שטאדט קעלן ווערט דער מיטעלפונקט פון דיעזער בעוועגונג. אפאזיציא־נעלע ליבעראלען, ראדיקאלע פילאזאפען, וועלכע טראגען דעם נא־מען יונג־העגעליאנער, רעפובליקאנער, יונגע סאציאליסטען, קארל מארקס, מאקס שטירנער, ברונא בויער, פערייניגען זיך אלע ארום די ערשטע ראדיקאלע קאמפף־צייטונג, „די רהיינישע צייטונג“, וועלכע הויבט אן צו ער־שיינען אין אנהויב 1843 און וועלכער עס איז אויסגעקומען צו שפיע־לען א היסטארישע ראליע אין דער געשיכטע פון דער דייטשער פרייהייטס־בעוועגונג. צוזאמען מיט מארקס, שטירנער, ברונא בויער און אנדערע ווערט אויך מאזעס העס טעטיג אין דיעזער צייטונג אלס מיטארבייטער. די „רהיינישע צייטונג“ האט זיך אבער ניט געקענט לאנג האלטען אונטער די דאמאליגע בעדינגונגען פון דער דייטשער צענזור, זי איז פאר איהרע סאציאליסטישע און פראלעטאריש־רעוואלוציאנערע ארטיקלען, וועלכע זיינען געשריע־בען געוועזען אפילו אין א ריין טעארעטישען טאן, פאלשטענדיג צו־געמאכט געווארען נאך אנדערטהאלב יאהרען עקזיסטענץ. אבער פריהער שוין איז העס אבגעפאהרען אין פאריז, אלס קארעספאנ־דענט פון דער צייטונג, וואו ער איז געשטאנען אין פערבינדונג מיט די פערשיעדענע געהיימע סאציאליסטישע געזעלשאפטען, פון וועל־כע די בעדייטענדסטע איז געוועזען דער בעקאנטער „בונד פון די גערעכטע“. אין פאריז איז העס געקומען אין בעריהרונג און פער־בינדונג מיט אלע בעריהמטע פרייהייטס־קעמפפער און רעוואלוציא־נערען פון יענער צייט, פון וועלכע אבער ניט אלע זיינען געבליבען אזוי טריי דעם סאציאליזם זייער גאנצעם לעבען, ווי מאזעס העס.

נאכדעם ווי די „רהיינישע צייטונג“ איז אונטערדריקט געווא־רען, האבען די דאמאליגע דייטשע רעוואלוציאנערען זיך געפרובט צו בעגרינדען נייע צייטונגען, וועלכע זיינען שטענדיג די ערשטע וואפען פון דער רעוואלוציאן. אבער אלע דיעזע פערשיעדענע צייטונגס־פלאנען און אונטערנעהמונגען, אין וועלכע העס איז געוועזען שטארק בעטייליגט, האבען ווי געוועהנליך ניט געהאט קיין ערפאלג. באלד אבער איז ערשיענען אין דער שווייץ א סאציאליסטישעס

זאמעלבוך אונטער דעם מערקווירדיגען נאָמען: „איינאונצוואנציג בויגען פון דער שווייץ“, ווייל א בוך פון מעהר איידער צוואנציג בויגען איז אין דייטשלאנד געווען פריי פון צענזור. אין דיעזעם זאמעלבוך זיינען געווען אבגעדרוקט צוויי גרעסערע ארטיקלען פון העס: „סאָציאַליזם און קאָמוניזם“, און „די פילאָזאָפיע דער טאט“.

דורך דיעזען ארטיקעל: „די פילאָזאָפיע דער טאַט“, האָט העס בעקומען א בעזונדערע בעריהמטהייט. דיעזען ארטיקעל פּער־דאנקט העס זיין נאָמען אלס דער בעגרינדער פון דייטשען אנארכיזם, וועלכען ער האָט בעקומען אין דער געשיכטע פון אנארכיזם. מארקס האָט ביטער פערשפּאָטעט אין „קאָמוניסטישען מאניפעסט“ דיעזען אנארכיסטיש־קאָמוניסטישען ארטיקעל פון העס. העס שטעהט דאַמאָלס פון איין זייט אונטער דער ווירקונג פון ספּינאָזא און די יונג־העגעליאנער, בעזונדערס אונטער דער ווירקונג פון דעם ראַ־דיקאַלען פילאָזאָף פייערבאך, פון דער אנדער זייט האָט פּרודאָן'ס בעריהמטע שריפט: וואס איז אייגענטום? און די תשובה פּרודאָן'ס, דאָס אייגענטום איז גנבה, געמאכט אויף העס א טיעפען רושם. אין אמת און א ווערט האָט אין לעבען און געשיכטע נאָר דער טעטיגער, שעפּפערישער פרייער אינדיווידואום. דאָ איז שוין העס ארויפגעג־מרעטען אויף דעם וועג פון פילאָזאָפישען אנארכיזם. אָבער העס איז שוין אנארכיסט אויך פּאָליטיש און סאָציאל. ער פערניינט יעדע הערשאפט אין גייסטיגען און סאציאלען לעבען און פאָלגליך אויך דעם שטאאט און די קירכע, ווי גוט און צוועקמעסיג זיי זאָלען אפילו ניט זיין אָרגאניזירט. דער שטאַאט איז דער היפּך פון דעם אינדיווידואום. העס פערניינט אויך דאָס אייגענטום, ווארום זי בעשרענקט שוין די פרייע טהאט. דער אידעאל איז די אבסאָלוטע פרייהייט, דאָס הייסט דאָס דער מענש זאָל זיך פריי בעשטימען און ניט בעשטימט ווערען פון אן אויסערליכען דרוק. דער מענש זאָל זיך אויסקלייבען פריי נאָך זיין אייגענער לוסט זיין טעטיגקייט, אזוי דאָס ארבייט זאָל אויפהערען צו זיין א לאסט, נאָר זאָל ווערען א גענוס, ווייל זי איז פריי. דאָס זיינען געדאנקען, פון וועלכע פּרודאָן ווייס נאָך ניט, אָבער ביי פוריע זיינען שוין פאראן אנדייטונגען דערפון, ווען ער רעדט פון דער הארמאָניע צווישען ארבייט און גענוס. ארויסגעהענדיג פון דעם אבסאָלוטען ווערט פון דעם אינדיווידואום זעהט העס דאַמאָלס אין ראַסע און נאַציאָן א בע

שרענקונג פון אינדיווידואום. נאָר דאָס האָט א ווערט, וואָס איז אַלגעמיין מענשליך, דאָס איז דאַמאָלס געווען העס׳ס אויפפאסונג, גאַנץ אין איינקלאַנג מיט אַנדערע סאָציאַליסטען פון יענער צייט, ווי צום ביישפּיעל וויטלינג, וועלכער לאַכט פון דער פערשיעדענהייט פון די מענשליכע שפּראַכען, פון די "זשאַרגאָנען", וואָס טיילען און זאָנדערן פאנאנדער די מענשען. עס איז געווען די צייט, אין וועלכער דער מענש בכלל האָט ערשט געמוזט דערהויבען און אינגוועגדיג בעפרייט ווערען.

די „פילאָזאָפיע דער טאַט“ פון העס האָט אויף א גלענצענדען אופן אבגעשפּיעגעלט די גייסטיגע און רעוואָלוציאָנערע אונרוהיג־קייט און זוכעניש פון די ערשטע סאָציאַליסטען אין דייטשלאנד. בשעת מארקס האָט מיט זיין „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ געזוכט אריינצוטראגען קלארקייט אין דעם דאַמאָליגען סאָציאַליזם, האָט ער געמאַכט דעם פילאָזאָפיש־אנארכיסטישען העס פאר דאָס ציעלבערעט פון זיינע פּאָלעמישע פיילען.

דערהווייל זיינען ערשיענען אין יאָהר 1844 די בעריהמטע „דייטש־פראנצויזישע יאָהרביכער“ פון קארל מארקס, יענע ערשטע ליטעראַרישע אויסגאַבע, אין וועלכער די דייטשע רעוואָלוציאָנערען פון די פערציגער יאָהרען האָבען געפונען זייער טריבונע. אין דיעזע יאָהרביכער האָבען זיך בעטייליגט היינע, מארקס מיט זיינע בע־ריהמט געוואָרענע ארטיקלען: „צור קריטיק דער העגעלשען רעכטס־פילאָזאָפיע“ און „צור יודען־פראגע“, ענגעלס און פיעלע אנדערע. אויך פון העס זיינען דאָרט ערשיענען פיער בריעף פון פּאַריז, אין וועלכע ער קריטיקירט די דאַמאָליגע פּאָליטישע צושטענדע אין פראנקרייך פון א העכערען פילאָזאָפיש־רעוואָלוציאָנערען שטאַנד־פּונקט. אין דיעזע בריעף איז העס דער הייסער פערטיידיגער פון דער מענשליכער גלייכהייט, אלס דער ערשטער בעדינגונג פון מענש־ליכער פרייהייט, און גלייכהייט איז זעלבסטפערשטענדליך סאָציאַ־לע גלייכהייט, די סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

נאָכדעם ווי די „דייטש־פראנצויזישע יאָהרביכער“ זיינען אונ־טערגעגאנגען פון דער אויביגער זעהר פּראַזאַאישער אורזאַכע, פון וועלכער אלע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבען אין אלע לענדער און אין אלע שפּראַכען געהען געוועהנליך אונטער, איז נאָך אין 1844 א קנאַפּע צייט ערשיענען אין פּאַריז דער „פאָרווערטס“. אָבער באלד

זיינען ארויסגעטריעבען געווארען פון פאריז אלע דייטשע רעוואלו־ציאנערען, און מארקס איז אבגעפאהרען אין ברוסעל. העס האט אבער פריהער נאך פערלאזען פאריז און איז געקומען אין קעלן, וואו ער האט ווייטער מיטגעארבייט אין פערשיעדענע ראדיקאלע אויס־גאבען, וועלכע האבען אלע ניט געהאט קיין לאנגע יאהרען. אין יאהר 1845 גיט העס צוזאמען מיט ענגעלס, וועלכער איז דאמאלס אויך געווען אין דייטשלאנד, ארויס א צייטשריפט אונטער דעם נאמען: „דער געזעלשאפטס־שפיעגעל“, וועלכע האט זיך גע־דרוקט אין עלבערפעלד. די צייטשריפט האט זיך געשטעלט פאר איהר אויפגאבע אויפצודעקען די נויט און דאס עלענד פון דער גע־זעלשאפט, צו בעשרייבען ארעמקייט, הונגער, פראסטיטוציאן, קראנק־הייט, זעלבסטמארד פון פערצווייפלונג א. ז. וו. דער „געזעלשאפטס שפיעגעל“ איז דורכגעדרונגען פון העס׳ס אינוועגדיגער אידעאליס־טישער איבערצייגונג, דאס סוף כל סוף איז דער מענש גוט און ריין און דאס די צייט וועט קומען, ווען די מענשהייט וועט ווערען ענטוויקעלט, געבילדעט און פאלקאמען. באלד אבער הערט אויף „דער געזעלשאפטס־שפיעגעל“ אויף א „קורצע צייט“ צו ערשיינען, ווי די רעדאקציאנעלע נאטיץ לויטעט, און העס בעגרינדעט אין יאהר 1845 א וויסענשאפטליכע פיערטעל־יאהרשריפט: „רהייני־שע יאהרביכער צו געזעלשאפטליכער רעפארם“. אין דיעזע יאהר־ביכער אזוי ווי אין „דייטשען בירגערבוך“ פון דעמזעלבען פערלאג ערשיינען די ווייטערדיגע סאציאליסטישע און רעוואלוציאנערע אר־טיקלען פון העס, פון וועלכע עס פערדיענט בעזונדערס דערמאנט צו ווערען זיין ארטיקעל: „איבער דאס געלדוועזען“. דיעזע סא־ציאליסטיש־רעוואלוציאנערע ארטיקלען זיינען אבער איינגעקליידעט, ווי אומעדום ביי העס, אין אבסטראקט־פילאזאפישע ווערטער און בעגריפען, וועלכע פערוואנדלען די הארטע מיט קאמפף אנגעפילטע ווירקליכקייט אין לופטיגע אין די הימלען שוועבענדע אבסטראק־ציאנען.

אין יענער צייט הויבט זיך אן דער אינוועגדיגער קאמפף אין די קרייזען פון די דאמאליגע רעוואלוציאנערען, א קאמפף, אין וועל־כען העס האט געשפיעלט א פיהרענדע ראליע. דער ראדיקאלער פי־לאזאף ארנאלד רוגע, וועלכער איז לכתחילה געגאנגען דעמזעלביגען וועג פון מארקס, ענגעלס און העס, אבוואהל אין הארצען האט אין

איהם נאָך אַלץ געלעבט דער דייטש־קריסטליכער קאָנסערוואַטאָר, אַרנאָלד רוגע איז אויפגעטרעטען געגען די קאָמוניסטען און בעזונ־דערס געגען מאָזעס העס. אין זיינע „שטודיען און עראינערונגען" פון 1845 לאכט ער פון מארקס און נאָך מעהר פון העס, וועלכען ער רופט „דער קאָמוניסטען־ראבי", — א נאָמען, וועלכער איז פער־בליבען אויף העס פאר זיין גאנצעם לעבען. רוגע'ס אַנפאַלען אויף דעם קאָמוניזם, אויף מארקס און העס, איז אויך אָנגעפילט מיט א היבשע ביסעל שנאה צו אידען. רוגע האָט געענדיגט זיין קאַריערע אלס א טרייער ליטעראַרישער קנעכט פון ביסמארק. מיט דיעזען רוגע פיהרט העס דעם ליטעראַרישען פעדער־קאמפף אין דער „דייטשער בריסעלער צייטונג" פון יענער צייט.

אָבער באלד ווערט העס אריינגעדרונגען אין א פיעל ערנסטערע פּאָלעמיק. אין יאָהר 1845 טרעט אויף מ א ק ס ש ט י ר נ ע ר מיט זיין אַנאַרכיסטיש־עגאָאיסטישען ווערק: „דער איינציגער און זיין אייגענטום". שטירנער האָט געמאכט א ווייטערע קאָנסעק־ווענץ פון דער פייערבאַכישער פילאָזאָפיע. פייערבאך איז פון גאָט דורך די פערנונפט געקומען צום מענשען. דער מענש איז דער שעפּפער פון אלע אייביגע, רעליגיעזע און פילאָזאָפישע אמת'ען, וועלכע הויבען זיך אויף מיט האפפערטיגער זעלבסטשטענדיגקייט איבער דעם מענשען. שטירנער געהט א שריט ווייטער, ניט דער מענש, דער אלגעמיינער מענש, נאָר דער אייגענער מענש, דער „איך" איז דער מאסשטאב פון אמת און דאס ציעל פון לעבען. דער איינציגער איז זיך זעלבסט א בעשטימער און א האַר, ער דאַרף זיין פריי פון גאָט, מאָראל, שטאאט, טראַדיציאָן, רעכט, פון אַלץ וואָס וויל זיך שטעלען ווי אַן איבערנאַטירליכע און איבערמענשליכע אויסטראַכטעניש איבער איהם. ניט די געשיכטע און ניט די גע־זעלשאפט, נאָר דער איינצעלנער אטאָם פון דער געזעלשאפט האָט דעם אמת'ן אבסאָלוטען ווערט. כדי אָבער דיעזער סאָציאלער אטאָם, דער איך, דער עגאָאיסט, זאָל קענען האָבען א קיום אין לעבען, קלערט שטירנער צוריק אויס דאס מיטעל „דעם בונד פון די עגאָאיסטען". אזוי בויט שטירנער וויעדער אויף יענע כחות, וועלכע שטעהען מחוץ פון דעם איינצעלנעם און וועלכע ער האָט אזוי אונבאַרמהערציג פערניכטעט, בשעת ער האָט ארויסגעשיילט אין געדאנקען דעם איינציגען פון דער געזעלשאפט און דער געשיכטע.

ניט קוקענדיג אויף דיזע ווידערשפּריכען פון שטירנער'ס פילאָזאָפיע און אויף די אונקלאָרקייט פון דעם גאַנצען גאַנג פון זיין געדאַנק, האָט דאָך דאָס בוך ארייגעבראכט א מהומה אין די קעפּ. העס פיהלט זיך מחויב אויפצוטרעטען מיט זיין גאַנצער פאָלעמישער שארפקייט געגען שטירנער, ווארום שטירנער איז איינער פון דעם אייגענעם קרייז און זיין קאַמפּף געגען דעם שטאַאט האָט ער אריבערגענומען זיכער פון העס זעלבסט. העס לאָזט ערשיינען אין יאָהר 1845 א קליינעם ביכעל: „די לעצטע פילאָזאָפען" געגען שטירנער. שטירנער'ס איינצעלנער מענש־עגאָאיסט ווידערשפּרעכט העס'ס סאָציאליסטישער נשמה. דער מענש איז עטוואס נאָר אין דער געזעלשאפט און דורך די געזעלשאפט, דער „בונד פון עגאָאיסטען" איז ניט קיין נייעס, דאָס האָט עקזיסטירט אין דעם גאַנצען משך פון דער מענשליכער געשיכטע. אזוי פּאָלעמיזירט העס געגען שטירנער'ס עגאָאיסטישען איך, געגען דעם איינציגען און אייגענעם, וועלכער איז אפשר אן אנדער אויסדרוק פאר דעם העס'־שען מענש, אָבער וועלכער קען, לויט שטירנער'ס אונבעשטימטקייט און אונזיכערקייט אין דעפיניציאָן און געדאנקען, אויך אויסגעפילט ווערען מיט אן אנטי־סאָציאלען תוכן. דעם סאָציאליסטישען אנאַרכיסט העס איז געווען ניט צום הארצען די ארגומענטאציאָן און די פאָרם פון דעם אינדיווידואליסטישען אנארכיסט שטירנער, וועלכער שטעהט שוין אויף דעם געפעהרליכען גרעניץ פון אינדיווידואליזם בכלל. העס האָט אויך זיך בעטייליגט אָן דער שריפט פון מארקס געגען שטירנער, וועלכע טראגט דעם נאָמען "סאנקט מאַקס".

העס איז אין יענער צייט אָבער ניט נאָר א סאָציאליסטישער ליטעראטאָר, נאָר אויך א סאָציאליסטישער אגיטאטאָר, אויף ווי פיעל עס האָט געקענט דאמאלס זיין די רעדע פון סאָציאליסטישער אגיטאציאָן אין אייגענטליכען זין פון וואָרט. צוזאמען מיט ענגעלס פיהרט ער אן אגיטאציאָן, האלט פאָרטרעגע אין ב א ר מ ע ן און ע ל ב ע ר פ ע ל ד און פּרעדיגט דעם קאָמוניזם. פון יענע פערזאמלונגען שרייבט ענגעלס אזוי בעגייסטערט צו מארקס, דאָס אויף זיי זיינען געווען אלע קלאסען פערטרעטען, פון דער געלד־אריסטאָקראטיע ביז צו דעם גראָסערי־מאַן, א חוץ נאטירליך דעם פּראָלעטאריאט. אין די „רהיינישע יאָהרביכער" זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען די צוויי רעדען פון העס אויף יענע פערזאמלונגען, אין

וועלכע העם ערקלערט דעם קאָמוניזם נאָך אַלץ הויפּטזעכליך פון פילאָזאָפיש־מאַראַלישען שטאַנדפּונקט. א דריטע רעדע איז ניט אויסגעקומען העס'ן צו האַלטען, ווארום באַלד איז די פּאָליציי אַרויפגעטרעטען און האָט געמאַכט א סוף צו דער בעוועגונג.

פון דעם מינדליכען אַגיטאַטאָר ווערט העס ווידער א שריפט־ליכער אַגיטאַטאָר, דער קעמפּפער מיט דער פּען. אין יאָהר 1846 ערשיינט ווידער אַן אַרטיקעל פון העס אין דעם צווייטען באַנד פון די „רהיינישע יאַהרביכער", וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען צו דרוקען אין דער שווייץ. אין דיעזען אַרטיקעל זאָגט העס אַרוים דעם דאַמאַלס זיכער זעהר אָריגינעלען געדאַנקען, דאָס די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן קען ניט קומען דורך קיין אַנדערען קלאַס, ווי דורך דעם פּראָלעטאַריאַט. זיין פריהערדיגער פילאָזאָפישער סאָציאַליזם, דער סאָציאַליזם, וועלכער בעשטעהט אין דעם דיאַלעקטישען קאַמפף־שפּיעל פון מאָראַלישע און היסטאָרישע בעגריפען, מאַכט שוין דאָ פּלאַץ פאַר א קלאָרע רעאַלע אויפפאַסונג פון סאָציאַליזם, אַלס דעם קאַמפף פון קלאַסען פאַר די בעהערשונג און אומגעשטאַל־טונג פון דער געזעלשאַפט. העס איז שוין זיכער דאַמאַלס געשטאַ־נען אונטער דער ווירקונג פון דעם אויפשטייגענדען מאַרקס.

5.

צווישען די סאָציאַליסטען פון יענער צייט, וועלכע האָבען גע־שטאַמט פון אַלע לענדער און האָבען געגרעדט אויף אַלע פילאָזאָפי־שע, מיסטישע, רעליגיעזע און פאַנטאַסטישע לשונות, איז דער יונגער מאַרקס געווען דער קלאָרסטער קאָפּ און דער שטאַרקסטער גייסט. די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען, פוריע, קאַבע, פּרודאָן האָ־בען זיך פאָרגעשטעלט, דאָס דער סאָציאַליזם קען פערווירקליכט ווערען דורך אַן אויסגעטראַכטען סאָציאַליסטישען פּלאַן, דורך א קאָמוניסטישע געזעלשאַפט אין א קליינינקען מאַסשטאַב, דורך פוריע'ס פאַלאַנסטערע אָדער דורך אַן אויסטויש־באַנק, לויט פּרו־דאָן'ס פּלאַן. דיעזע פראַנצויזישע סאָציאַליסטען האָבען ווירקליך געזעהן די סאָציאַלע קלאַסען־געגענזעצען און האָבען געפיהלט דאָס גאַנצע פערדאַרבען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. עס האָט זיי אָבער געפעהלט יעדעס פערשטענדניס פאַר די היסטאָרישע ענטוויקלונג און יעדע ווירקליכע קענטניס פון דער סאָציאַלער עקאָ־

נאָמיע און איהרע טרייבענדע קרעפטען. די נויטוועגדיגקייט פון דעם סאָציאַליזם האָבען זיי ארויסגעדרונגען פון דער אידעע פון מאָראַל און גערעכטיגקייט און זיין פראַקטישע דורכפיהרבארקייט האָבען זיי געזעהן אין זייערע אינדיווידועלע פאַנטאַסטישע פּלאַנען. די אייביגקייט און היסטאָרישקייט פון סאָציאַליזם אָדער בעסער געזאָגט פון קאָמוניזם האָבען זיי געזעהן אין אור־קריסטענטום, וועלכעס איז געווען אָרגאַניזירט לכתחילה אויף דעם קאָמוניזם פון בעזיץ, און זיי האָבען אלע געשריעבען אויך אָבהאנדלונגען וועגען דאָס אמת׳ע קריסטענטום. בשעת אָבער די פראנצויזישע סאָציאַליסטען האָבען געזעהן יעדענפאַלס די קלאַסען־גענגענזעצען און האָבען קריטיקירט דעם סאָציאַלען און פּאָליטישען בוי פון דער געזעלשאַפט, האָבען די דייטשע סאָציאַליסטען ניט געהאַט אפילו אויף אזוי וויט רעוואָלוציאָנערען זין און פּאָליטישע קלארקייט. זיי האָבען אין דעם סאָציאַליזם געזעהן דעם ענדגילטיגען דיאלעקטישען נצחון פון אבסטראַקטע פילאָזאָפּישע בעגריפען און אידעען. זיי אלע, ברונא בויער, גרין, וויטלינג, שטירנער, העס זיינען, ווי מארקס און ענגעלס זעלבסט, געקומען צום סאָציאַליזם פון דער דייטשער קלאַסישער פילאָזאָפיע און איהרע דאמאָליגע העכסטע און לעצטע פערטרעטער: העגעל און פייערבאַך. העגעל׳ס „אידעע“ און פייערבאַך׳ס „מענש“ זיינען געווען די לעצטע אידעאַלען פון דער געשיכטע, צו וועלכע דער דיאלעקטישער שפּיעל פון בעגריפען פיהרט. אזוי ווי אין אכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָט דער דייטשער פילאָזאָף קאַנט געמאַכט פון דעם פראנצויזישען רעוואָלוציאָנער ראָבעספּיער א טעאָרעטישען בעגריף, אזוי האָבען אויך די דייטשע סאָציאַליסטען פון די פערציגער יאָהרען אריבערגעטראַגען דעם פראנצויזישען סאָציאַליזם פון דער ערד אין די לופטיגע הימלען פון אבסטראַקטע בעגריפען. צו דיעזען פילאָזאָפישען און ריינעם סאָציאַליזם האָבען די דייטשע סאָציאַליסטען נאָך צוגעמישט א היבשע מאָס רעליגיעזע מיסטיק און אורקריסטענטום, ווי בעזונדערס וויטלינג.

דער גייסטרייכער און טיעפזיניגער מארקס האָט שוין אין די ערשטע יאָהרען פון זיין סאָציאַליזם געזעהן דעם טעארעטישען באַאָס און די פראַקטישע אונדורכפיהרבארקייט פון דיעזען סאָציאַליזם. אמת, אין זיין „אידעען־פראַגע“ רעדט נאָך מארקס זעלבסט אין דעם פייערבאַך׳שען פילאָזאָפישען לשון, אזוי דאָס דער אמת׳ער

אינהאַלט פון דיזער גלענצענדער שריפט איז פאַר פיעלע עד היום נאָך געבליבען אונפערשטענדליך און מיספערשטענדליך. אָבער באַלד האָט מארקס אָנגעהויבען צו דענקען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש און האָט שוין דערפיהלט, דאַס דער סאָציאַליזם קען נאָר פערווירקליכט ווערען היסטאָריש, אין לויף פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט און דורך די נייע צושטערענדע און אָרגאַניזירענדע כחות פון מאָדערנעם קאפּיטאַליזם און דעם סאָציאַלען קלאַסען־קאַמפּף. מאַרקס און מיט איהם ענגעלס האָבען שוין אין דער מיטע פון די פערציגער יאָהרען אָנגעהויבען שטודירען מיט דער גרעסטער איבערגעבענקייט נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע און עקאָנאָמישע געשיכטע. מאַרקס האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר דערוויטערט פון דעם אַרט דענקען פון די סאָציאַליסטען פון זיין צייט און האָט אָנגעהויבען שאַפען די פונדאַמענטאַלע בעגריפען פון דעם קעמפּפענדען רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם.

פאַר דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם איז אָבער נויטיג געווען אבצוראַמען פון וועג אַלע אנדערע פאָרמען פון סאָציאַליזם, וועלכע האָבען זיך ארומגעטראָגען כאַאָטיש אין דער דאַמאָליגער רעוואָלוציאָנערער וועלט. מאַרקס האָט דערפאַר ביז צו דער ערשיינונג פון זיין קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע (1859) געפיהרט כמעט אין גאַנצען אַ קריטישע און פּאָלעמישע מלחמה געגען אַלע אנדערע סאָציאַליסטען פון זיין צייט. אין בעזונדערע ספּעציעלע ווערק, אין ארטיקלען און בריעף, אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט זעלבסט אונטערוואַרפט מאַרקס די אוטאָפּיסטישע, פילאָזאָפישע, רעליגיעזע סאָציאַליסטען דעם פייער פון זיין קריטיק און דעם ברען פון זיין סאַטירע. ברונא באוער, קאַרל גרין, פּרודאָן, וויטלינג, די פריהערדיגע סאָציאַליסטען ווי אָווען, פוריע ווערען אראבגעריסען פון זייער הויכקייט און ווערען פאָרגעשטעלט נאָר אַלס אונגליקליכע טעות'ען, וועלכע האָבען געהאַלטען די מענשען אין פערווירונג, ביז עס איז געקומען די ערלעזונג דורך דעם וויסענשאַפטליכען און רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם. דאַס קלינגט גאַנץ בעזונדערס פון דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט.

מיר פערשטעהען יעצט די פּסיכאָלאָגישע בערעכטיגונג פון דעם קאַמפּף און דער קריטיק, וועלכע מאַרקס האָט געפיהרט געגען אַלע

אַנדערע פאָרמען פון סאָציאַליזם. כדי דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם, וועלכער שטיצט זיך אויף קלאַסען־קאַמפף און אויף די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון פראָלעטאַריאַט, זאָל לאָזען וואָרצלען אין אַרבייטער־קלאַס, איז נויטיג געווען דאַמאָלס צו בעזייטיגען יעדע סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע, וועלכע איז געשטאַנען ווי א מחיצה צווישען דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם און דעם פּראָלעטאַריאַט. מאַרקס׳ס קריטיק געגען אַלע פאָרמען פון סאָציאַליזם איז געווען פערשטענדליך און בערעכטיגט דורך די אומשטענדען פון יענער צייט. עס איז אָבער א טעות, ווען פיעלע מיינען, דאָס דורך דיעזע קריטיק האָבען אַלע יענע סאָציאַליסטישע אידעען און שטרעבונגען פערלאָרען זייער ווערט, און דאָס יענער סאָציאַליזם איז בכלל געווען א פערווירונג און מיספערשטענדניס, א זוכעניש אין פינסטערן, איידער דאָס ליכט האָט אָנגעהויבען צו שיינען. פערקעהרט, יענע סאָציאַליסטישע אידעען און טענדענצען ענטהאַלטען אין זיך פיעלע בלייבענדע און שעפערישע אמת׳ען, פון וועלכע א טייל האָבען שוין אויסגעהאַלטען די קריטיק פון דער געשיכטע, און אַנדערע זיינען עד היום נאָך געניאַלע אַנדייטונגען און ווינקען פאַר די צוקונפט פון דעם סאָציאַליזם. די אוטאָפּיסטיש־פאַנטאַסטישע קאָמוניסטישע פּלאַנען פון אָוועז, פוריע, קאַבע, פרודאָן זיינען ניט געבליבען אָהן א ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דעם סאָציאַליזם. פון דיעזען אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם שטאַמט אייגענטליך די גאַנצע מאָדערנע קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, וועלכע ווערט אַלץ מעהר און מעהר א הערשענדער עלעמענט אין סאָציאַליזם. די בעשאַפונג פון סאַציאַל־קאָאָפּעראַטיווען אייגענטום אין דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט און די אָרגאַניזירונג פון פרייוויליגע גענאָסענשאַפטען פאַר קאָנסום און פּראָדוקציאָן איז ניט ווייניגער ווי דער רעוואָלוציאָנערער און פּאָליטישער סאָציאַליזם א טייל פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם, אָבער ער שטאַמט פון די אוטאָפּיסטען און בעזונדערס פון ראָבערט אָוועז און פרודאָן. די פילאָזאָפישע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען גערעדט ניט פון דעם פּראָלעטאַריער, נאָר פון דעם „מענש“, און ניט פון דער פּראָדוקציאָן, נאָר פון דער „אידעע“, האָבען די סאָציאַלע ערשיינונגען דערהויבען צו אַלגעמיינע פילאָזאָפישע ווערטען און האָבען איבער דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין קלאַסען־קאַמפף געפיהלט די מענשהייט און איהרע טיעף־

בעהאלטענע חלומות, האפנונגען און געבעטען. אין אונזער צייט ערשט בעקומט דער סאציאליזם דיזע פערשטארקונג, פערטיעפונג און פערברייטערונג פון זייטען פון דער פילאזאפיע. און אויך יענע שטרעבונג, וועלכע האט אין דעם סאציאליזם געזעהן א רעליגיאן, גאט'ס הייליגען געבאט און אמת, און אין דעם אורקריסטענטום דעם מענשענ'ס אייביגען דראנג און מאראלישען כח, וועלכע האט פערבונדען דעם סאציאליזם מיט נאטור און געשיכטע צו איין לע־בעדיגער איינהייט, אויך יענע טענדענץ איז ניט געוועזן קיין טעות, נאר איז, פערקעהרט, דער אונקלארער אנהויב פון דער טיעפסטער און ערהאבענסטער אויפפאסונג פון סאציאליזם, ווי זי וועבט און שפינט זיך יעצט פון די פאָגעשריטענסטע גייסטער פון דער מענש־הייט.

עס פערשטעהט זיך, דאס מארקס האט זיך געמוזט אויך נעה־מען פאר העס'ן, בשעת ער האט געראמט דעם וועג פאר דעם רעוואָ־לוציאָנערען סאציאליזם פון קלאסען־קאמפף. העס און מארקס זיינען געוועזן ענג בעפריינדעט זייט 1843, אבוואהל זיי זיינען געוועזן זעהר פערשיעדענע כאראקטערען. מארקס איז געוועזן דער מאן פון אק־ציאָן, העס איז געוועזן מעהר א דענקער און ענטוזיאסט. די סאָ־ציאליסטישע בעוועגונג האט זיי צונויפגעבונדען, און מען האט מארקס, ענגעלס און העס געהאלטען גאר פאר די סאציאליסטישע דריי־איינינקייט אין יענער צייט. אין דעם בריעף־וועקסעל צווישען מארקס און ענגעלס פון יענע יאהרען ווערט העס זעהר אפט דער־מאנט, אבער ווי אלע אנדערע סאציאליסטען פון יענער צייט, ווערט אויך העס אין יענע בריעף בעגאסען מיט כוואליעס פון גוטמוטיגען קריטישען שפאט פון די בעגרינדער פון וויסענשאפטליכען סאָ־ציאליזם. אבער זיי זיינען שטענדיג געוועזן פערזענליכע און פארטיינע פריינד. מארקס האט אפילו געהאט גראד אויף העס א טיעפע ווירקונג. אונטער מארקס'עס איינפלוס הויבט אן העס צו שטודירען די איהם פרעמדע נאציאנאל־עקאנאמיע און פערוואנ־דעלט זיך שוין ביסלעכווייז פון א פילאזאפישען סאציאליסט אין אן עקאנאמישען. אין דער „דייטשער בריסעלער צייטונג" פון יאהר 1847, וועלכע איז געשטאנען אונטער דער ווירקונג פון מארקס, האט העס אבגעדרוקט פיער ארטיקלען אונטער דעם נאמען: „די פאלגען פון דער רעוואלוציאן פון פראלעטאריאט". אין דיזע אר־

פיקלען ענטוויקעלט העס דעם געדאנקען, דאס די גרויסאינדוסטריע איז דער אביעקטיווער פאקטאר פאר די סאציאלע רעוואלוציאן. ער רעדט פון דעם אייזערנעם לוין־געזעץ, פון די האנדעלס־קריזען, פון דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק און דעם קלאסען־בעוואוסט־זיין. דאס זיינען שוין ניט קיינע פילאזאפישע געדאנקען, נאר עקאנאמישע, רעאלע, און עס פיהלט זיך אין זיי דער איינפלוס פון דעם מייסטער מארקס. אדער אפשר האט מארקס זעלבסט גע־שעפט זיין וויסענשאפטליכען סאציאליזם אויך פון העס'ס גייסטי־גע איינפעלע, ווי פון פיעלע אנדערע סאציאליסטען פון יענער צייט. יעצט איז דאך אלגעמיין בעקאנט, דאס פיעלע געדאנקען פון קאמוניסטישען מאניפעסט פון מארקס זיינען שוין ארויסגע־זאגט געווארען פאר מארקס פון וויקטאר קאנסידעראן, א תלמיד פון פוריע.

דערווייל איז די בעדייטונג פון מארקס אין דער סאציאליסטי־שער וועלט נאך מעהר געשטיעגען. מארקס איז געווארען דער גייסטיגער פיהרער פון דעם „בונד פון די גערעכטע", וועלכער האט זיך אנגעהויבען רופען דער „בונד פון די קאמוניסטען". דער צענטר פון יענער אינטערנאציאנאלער קאמוניסטישער ארגאניזא־ציאן איז געווען לאנדאן, וואו עס האבען זיך אויפגעהאלטען די רעוואלוציאנערע עמיגראנטען פון אלע לענדער, בעזונדערס פון דייטשלאנד. סוף 1847 איז אין לאנדאן אבגעהאלטען געווארען דער צווייטער קאנגרעס פון דעם „בונד פון די קאמוניסטען". דער בונד פון די קאמוניסטען האט זיך שוין דאמאלס גאנץ אבגעזאגט פון יעדען אוטאפיסטישען סאציאליזם, וועלכער האט געוואלט אויפ־בויען א קאמוניסטישע געזעלשאפט אין די ראמען פון דער קאפי־טאליסטישער וועלט. דער קאמוניסט קאבע פון פראנקרייך, וועל־כער האט אין יענער צייט פארבערייטעט די אויסוואנדערונג פון די קאמוניסטען נאך אמעריקא, כדי אויפצובויען זיין קאמוניסטי־שע קאלאניע איקאריען, האט זיך אויך געווענדעט צו דעם בונד וועגען שטיצע און הילף. דער לאנדאנער פעריין פון בונד האט אבגעזאגט קאבע זיין אונטערשטיצונג. דערפאר האט אבער דער צווייטער קאנגרעס געגעבען מארקס'ן דעם אויפטראג ארויסצוגע־בען דעם קאמוניסטישען מאניפעסט, וועלכען ער האט פארגעלעגט

פאַר דעם קאָנגרעס, ניט מיט דעם אַלטען מאָטאָ פון בונד: אַלע מענשען זיינען ברידער, נאָר מיט דעם נייעם מאָטאָ: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פעראייניגט אייך!

אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט אַנאַליזירט מאַרקס מיט זיין בייסענדער סאַטירע און דיאַלעקטיק אַלע אַנדערע פאָרמען פון סאָציאַליזם, דעם קאָנסערוואַטיווען סאָציאַליזם, דעם קליינבירגערליכען סאָציאַליזם, דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם און אויך דעם דייטשען אָדער וואהרען סאָציאַליזם, אָדער ווי ער פלעגט זיך נאָך רופען פילאָזאָפישע בעגרינדונג פון סאָציאַליזם. מאַרקס דערמאָנט די „פילאָזאָפיע דער טאַט“ פון העס און שיקט זיינע קריטישע פיילען געגען פיעלע זיינע אויסדרוקספאָרמען. אין זיינע אַנפאַלען געגען די פערטרעטער פון דעם דייטשען סאָציאַליזם איז מאַרקס ניט געווען גערעכט, און גאַנץ בעזונדערס בנוגע צו העס, וועלכער איז שוין דאַמאַלס געשטאַנען נאָהענט צום עקאָנאָמישען סאָציאַליזם. אָבער מאַרקס האָט אַרויסגעצויגען זיין פּאָלעמישען שווערד געגען יענע דייטשע סאָציאַליסטען אייגענטליך דערפאַר, ווייל זיי האָבען געקעמפּפט געגען די ליבעראַלע בורזשואַזיע און די ליבעראַלע איינריכטונגען פון דעם בורזשואַזנעם שטאַאט אין נאָמען פון סאָציאַליזם. דאַרין האָט מאַרקס געזעהען אַ סכנה פאַר דעם נצחון פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע אין איהר קאַמפּף געגען דאָס רעאַקציאָנערע קעניגטום. די היסטאָריקער פון דעם דייטשען סאָציאַליזם, ווי מעהרינג און בערנשטיין, זוכען צו ערקלערען און צו ענטשולדיגען מאַרקס'ס אַנפאַל אויף די דייטשע סאָציאַליסטען פון יענער צייט. בערנשטיין בעמערקט, דאָס די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען דאַמאַלס ניט געשריעבען קיין „שמוציגע ענטנערווענדע ליטעראַטור“, ווי מאַרקס זאָגט דאָס אין מאַניפעסט. און פראַנץ מעהרינג בעמערקט נאָך אויסדריקליך, דאָס אויך צווישען די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען זיך דאַמאַלס געפונען „איינצעלנע טיכטיגע נאַטורען, ווי מאָזעס העס, וועלכע האָבען זיך מיט דער פערשאַרפונג פון קלאַסען־קאַמפּף ענטוויקעלט צום „רעסטרוקטיווען קאָמוניזם.“

דיעזער פּאָלעמישער שפּיעל, וועלכען מאַרקס האָט זיך ערלויבט בנוגע צו העס, האָט געוויס געמאַכט אַ טיעפע ווירקונג אויף העס'ס

איידעלע און פיהלענדע נשמה. אָבער עס איז געווען אַ שטורעמ־דיגע צייט, דאָס יאָהר 1848, ניט קיין צייט פאַר פּערזענליכע חשבונות און אָברעכענונגען. אין דייטשלאַנד איז אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אָבער נאָר אין באַדען געפיהרט צו אַ ווירקליכען קאַמפּף צווישען די אויפשטענדיגע רעוואָלוציאָנערען און די פּרייסישע סאָלדאַטען. העס האָט זיך אָן דיעזער בעוואַ־פענטער רעוואָלוציאָן בעטייליגט צוזאַמען מיט ענגעלס, ווילּיך, שאַ־פּער און אַנדערע קעמפּפער, און איז שפּעטער נאָך דעם זיעג פון דער רעאַקציאָן פעראורטיילט געוואָרען צום טויט. דער טויט־אורטייל האָט איהם ניט געקענט דערגרייכען. ער איז אנטלאָפען אין די שווייץ און האָט זיך אויפגעהאַלטען אין גענף, פון וואַנען ער האָט מיט גרויסער איבערגעבענהייט נאָכגעפאָלגט די פּאַסירונ־גען אין דייטשלאַנד.

נאָך דעם נצחון פון דער רעאַקציאָן האָט זיך, ווי געוועהנליך ביי אַזעלכע אומשטענדען, אָנגעהויבען די אינווענדיגע פאַנאַנדער־פאַלונג פון דער רעוואָלוציאָן זעלבסט. עס זיינען באַלד ענטשטאַ־נען צוויי שטרעמונגען צווישען די דייטשע רעוואָלוציאָנערען, וועל־כע האָבען פאַנאַנדערגעשפּאָלטען דעם בונד פון די קאָמוניסטען. מאַרקס, וועלכער האָט נאָך אין יאָהר 1849 געגלויבט אין די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט אויסברעכען אין פראַנקרייך, האָט אין 1851 עפענטליך ערקלערט, דאָס עס איז ניט מעהר די צייט פון רעוואָלוציאָן, נאָר פון געגענרעוואָלוציאָן. די ענטדעקונג פון די גאָלדגרובען אין קאַליפאָרניען, די געוואַלטיגע ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין ענגלאַנד, די פערבעסערונג פון דער עקאָנאָמי־שער לאַגע אין גאַנץ אייראָפּאַ האָבען געפיהרט מאַרקס'ן צו דער איבערצייגונג, דאָס עס איז ניטאָ קיין אָביעקטיווע מעגליכקייט און קיין האָפנונג אויף אַ באַלדיגע רעוואָלוציאָן. ענגעלס, פריילי־גראַט, וואָלף און די פיעלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערען האָבען גע־טיילט מאַרקס'ס אויפפאַסונג, אָבער שאַפּער, ווילּיך, דער יונגער ליעבקנעכט האָבען געוואָלט ארויסרופען נאָך אַמאָל די רעוואָלוציאָן. העס איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די שטורעמדיגע רעוואָלוציאָ־נערען, אָבוואָהל ער האָט זיך ניט אריינגעוואָרפען אין אַקטיווען קאַמפּף. באַלד איז פון דיעזער אינווענדיגער מחלוקת דער „בונד“

פאנאנדערגעפאלען אין צוויי גרופען, און איין גרופע האט עפענט־ליך אויסגעשלאסען די אנדערע פון בונד. דער „בונד פון די קאמו־ניסטען" האט זיך פאלשטענדיג אויפגעלעזט און איז כמעט פער־שוואונדען פון דער היסטארישער סצענע, נאכדעם ווי די דייטשע רעגיערונג האט ארויסגערופען דעם בערימטען קעלנער קאמוניסטען־פראצעס אין יאהר 1852.

פון יענער צייט שטאמט א קליינע שריפט פון העס אין פראנ־צויזישער שפראך, ארויסגעגעבען אין גענף (1851), וועלכע טראגט דעם נאמען: „דאס לעצטע געריכט איבער די אלטע סאציאלע וועלט". אין דיעזער שריפט זעהט העס קלאר די גרויסע בעדיי־טונג פון דעם עקאנאמישען פאקטאר אין דער סאציאלער ענטוויק־לונג און אין דער ענטשטעהונג פון רעוואלוציאנען. ער שטעהט אויף דעמזעלביגען רעאלען באדען פון ווירקליכקייט ווי מארקס, אבער עס דערוועקט זיך אין איהם דער אלטער אידעאליסטישער רעוואלוציאנער און ער פאדערט אקציאן און רעוואלוציאנערע טהאט. ער זאגט פאלגענדע ווערטער: „די דייטשע סאציאליסטען וויסען אלעס, אבער זיי קענען ניט האנדלען. זיי בעזיצען נאר די וואפען פון דער קריטיק, כדי אנצופאלען אויף די אלטע סאציאלע וועלט. זיי פערשטעהען זעהר גוט די קונסט, ווי צושניידען דעם קערפער פון אונזער געזעלשאפט, צו ענטוויקלען איהר עקאנאמיע און בעווייזען איהר קראנקהייט. אבער זיי זיינען צו מאטעריאליסטיש, כדי צו האבען דעם פייער, וועלכער עלעקטריזירט, וועלכער רייסט מיט זיך דאס פאלק... זיי האבען פערביטען דעם נעבעלהאפטען שטאנדפונקט פון די דייטשע פילאזאפען אויף דעם ענגען און קליינליכען שטאנד־פונקט פון דער ענגלישער עקאנאמיע".

דיעזע ווערטער זיינען געציעלעוועט געגען מארקס'ן. אפשר איז אבער דיעזע שארפע קריטיק ריכטיגער בנוגע צו דעם דייטשען סאציאליזם נאך מארקס און אהן מארקס, איידער בנוגע צו מארקס'ן זעלבסט. דיעזע שעפעריש־קריטישע געדאנקען זיינען יעדענפאלס די לעצטע ווערטער פון העס, מיט וועלכע ער האט געענדיגט זיין ערשטע רעוואלוציאנערע עפאכע, וועלכע האט אין 1848 דערגרייכט איהר העכסטען פונקט.

## 6

די פופציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט זיינען געוועו יאָהרען פון פּאָליטישער רעאַקציאָן. די רעוואָלוציאָן פון 1848 איז אין אַלע לענדער בעזיעגט געוואָרען אפריהער פון דער גענגען־רעוואָלוציאָן און דערנאָך פון דער חוואַליע פון עקאָנאָמישען רייכטום, וועלכע האָט זיך אויסגעגאָסען איבער גאַנץ אייראָפּאַ. אין קאַליפאָרניען זיינען ענטדעקט געוואָרען די גאָלדמינען און דער וועסטען פון אַמעריקא האָט זיך געעפענט. באַהנען האָט מען אָנגעהויבען בויען אין דער אַלטער און דער נייער וועלט, די גרויס־אינדוסטריע האָט בעקומען אַ געוואַלטיגע ענטוויקלונג, און בעזונדערס האָט זיך אָנגעהויבען פאַר ענגלאַנד אַ צייט פון עקאָנאָמישען אויפשטייגען. דיעזע עקאָנאָמישע אויפבליהונג האָט אָבגעטויטעט יעדע ווייטערדיגע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין איהר וואָרצעל. מאַרקס האָט דאָס ריכטיג געזעהען שוין אין אָנהויב פון די פופציגער יאָהרען און האָט געפיהרט אַ ביטערע קריטיק געגען אַלע די עמיגראַנטען, וועלכע האָבען געוואָלט אויף אַ קינסטליכען אופן אַראָפּברייגגען נאָך אַמאָל די רעוואָלוציאָן.

אין דעם רעוואָלוציאָנערען לאַגער אין אייראָפּאַ איז געוואָרען שטיל. די רעוואָלוציאָנערען פון 1848 האָבען זיך צוזייט און צושפרייט אין דער וועלט, און פיעלע זיינען איבערגעגאַנגען צוריק צו דער רוהיגער און בעקוועמער וועלט פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט. וויטלינג איז אויסגעוואַנדערט אין אַמעריקא, וואו ער האָט זיך אָבגעגעבען מיט וויסענשאַפט. באַקונין איז געלעגען אין די פעסטע לאַפעס פון דער רוסישער רעגיערונג. מאַרקס איז צוזאַמען מיט ענגעלס'ן געוועזן אין לאָנדאָן, וואו ער האָט געאַרבייט ליטעראַריש און איז געוועזן דער מיטאַרבייטער פון דער נויאָרקער „טריבון“. אין יענע יאָהרען האָט מאַרקס, ניט קוקענדיג אויף זיין פורכטבאַרע מאַטעריעלע נויט, דורך אייזערנעם פלייס און אונגעהייערע אַרבייט צונויפגעקליבען דעם וויסענשאַפטליכען מאַטעריאַל פאַר דעם „קאַפּיטאַל“, וועלכער איז געוואָרען דער קריטישער וואָפען געגען די בעשטעהענדע געזעלשאַפט.

מאָזעס העס איז אין די פופציגער יאָהרען געשטאַנען אָן אַ זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין אייראָפּאַ, אויף ווי־

פיעל אזא בעווענונג איז נאָך אַנגעגאַנגען. די אַלגעמיינע רעאַק־
ציאָן און בעזונדערס די פּראָקלאַמירונג פון נאַפּאָלעאָן דעם דריי־
טען, דעם 2טען דעצעמבער 1851, אַלס קייזער פון פראַנקרייך,
האָבען ארויפגעוואָרפען אויף העס א טיעפען אומעט און אָנגעפילט
זיין הארץ מיט פערצווייפלונג. פון גענף, וואו ער האָט דאמאלס
געלעבט, פאָהרט ער נאָך אין בעלגיען און פרובט זיך בעזעצען אין
לוטיך און שפּעטער אין אנטווערפען. אָבער די פרייסישע רעגיע־
רונג פאָדערט, דאָס מען זאָל איהם איבערגעבען אין איהרע הענד,
אַלס א רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז פערורטיילט געוואָרען צום
טויט. העס פערלאָזט דערפאר בעלגיען און געפינט נאָך אַמאָל
זיין היים אין פאריז. אָבער דיעזעס מאָל איז פאר איהם פאריז
ניט מעהר די שטאָדט פון רעוואָלוציאָנערער אונרוהיגקייט, נאָר אַן
אָרט פון שטילע וויסענשאַפטליכע ארבייט. ער הויבט אָן צו שטו־
דירען נאַטורוויסענשאַפטען, אַסטראָנאָמיע, געאָלאָגיע, העכערע מא־
טעמאַטיק און ווערט א מיטארבייטער פון פיעלע דייטשע נאַטור־
וויסענשאַפטליכע צייטשריפטען. אין די נאַטורוויסענשאַפטען
בלייבט ער אָבער שטענדיג דער פילאָזאָף און בעטראַכט אַלע פּראָב־
לעמען פון זייער העכערען אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט. אין דער־
זעלביגער צייט געהט העס איבער פון אַלגעמיינע בעטראַכטונגען
און אידעען, צו וועלכע ער איז געוועזען געוועהנט אין די פריהערע
יאָהרען, צו די איינצעלהייטען, צו די עלעמענטען. אויב פריהער
האָט העס בעשאַפען זיך דעם אַלגעמיינעם בעגריף „מענש", האָט
ער איהם יעצט, אין די יאָהרען פון זיין וויסענשאַפטליכען איינצעל־
שטודיום, צוגליעדערט אין זיינע יסודות, זיינע עלעמענטען, און
האָט שוין געזעהען אין דער ראַסע, דער געשיכטע, די פסיחישע
אייגענטימליכקייטען, די ווירקליכע עלעמענטען פון דעם ביז יעצט
אבסטראקט פאָרגעשטעלטען „מענש". די מענשהייט איז פאַנאנ־
דערגעפאַלען אין נאַציאָנאַליטעטען. די צעהן יאָהר וויסענשאַפט־
ליכע ארבייט זיינען געוועזען דער בריק פון זיין „הייליגע געשיכטע
פון דער מענשהייט" צו „רוים און ירושלים, די לעצטע נאַציאָנא־
ליטעטען־פראַגע".

עס האָט אָבער געמוזט צוקומען נאָך אַן אויסערליכער פאַק־
טאָר, כדי העס זאָל מאַכען אַן ענטשיידענדען שריט אויף דעם וועג
פון נאַציאָנאַליזם בכלל און אידישען נאַציאָנאַליזם בפרט. וויבאלד

נאָר העם איז דורך זיינע פילאָזאָפּישע און נאַטורוויסענשאַפטליכע שטודיען געקומען צו דער אידעע, דאָס די ראַסע און די נאַציאָן זיינען שעפּפערישע כחות פון געשיכטע און לעבען, וועלכע זיינען מסוגל אַנצואוואַקסען און זיך נאָך ווייטער אויסצובילדען אין דעם היסטאָרישען שטראָם, האָט ער זיך געמוזט דערמאָנען אָן זיין אידי־שע נאַציאָן. ווארום אייגענטליך האָט העס קיינמאָל דאָס אידי־שע פאָלק ניט פערגעסען, דערצו איז ער געווען צו פיעל א אידישער תלמיד חכם און האָט געהאַט א צו טיעפע און רעוואָלוציאָנערע נשמה. און אָט איז צוגעקומען אַן אויסערליכער פאַקטאָר, וועל־כער האָט געגעבען דעם אָנשטויס דערצו, דאָס זיין באהאַלטענער ירושלים זאָל ניי געבאָרען ווערען, און דאָס איז געווען די בעפריי־אונג פון רוים. נאָכדעם ווי עס האָט זיך בעפרייט די הייליגע שטאָדט אויף דעם טייך פון טיבער, איז אויך געקומען די צייט פאר די אייביגע שטאָדט אויף דעם בארג מוריה. נאָך דער בעפריי־אונג פון רוים מוז קומען די בעפרייאונג פון ירושלים, — אזוי זאָגט העס אין „רוים און ירושלים.“

אין יאָהר 1859 איז אויסגעבראָכען די מלחמה צווישען אי־טאַליען און עסטרייך פאר די בעפרייאונג און אויפלעבונג פון אי־טאַליען. אין איטאַליען זיינען די מאַסען ערוואכט צו א נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, און ווידער איז אייראָפּא און בעזונ־דערס פראַנקרייך אונרוהיג געוואָרען און איז ארויסגעקומען פון דעם צושטאַנד פון דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער ניעדערגעשלאָגענקייט. אמת, נאַפּאָלעאָן דער דריטער איז געווען פערבונדען מיט דיעזען קריעג, פון וועלכען ער האָט געזוכט צו פערשטאַרקען זיין אייגענע קייזערליכע פּאָזיציאָן און זיין טראָן, אָבער די לופט אין אייראָפּא איז געוואָרען אָנגעפילט מיט נאַציאָנאַלער און רעוואָלוציאָנערער עלעקטריציטעט. די איטאַליענישע רעוואָלוציאָנערען מ א צ י נ י און ג א ר י ב א ל ד י זיינען אויפגעוואַקסען צו דער הויך פון נאַציאָנאַ־לע העלדען. אין פּרייסען איז נאַטירליך דאַמאָלס ארויפגעשוואומען די פראגע, פאר וועמען זאָל עס שטעהן און אויף וועלכער זייט עס דארפען ליעגען די דייטשע סימפּאַטיען. די גאַנצע עפענטליכע מיי־נונג, בעזונדערס די דעמאָקראַטישע, האָט דיסקוטירט די נייע פראַ־גע מיט א היציגען אינטערעס.

די פיהרער פון דעם סאָציאַליזם האָבען גלייך געלאָזט הערען

זייער שטימע וועגען דער בעפרייאונג פון איטאליען, וועלכע איז געוואָרען אַן אַלגעמיין אייראָפּעאישעס פּראָבלעם. צוערשט איז אויפגעטרעטען ענגעלס מיט אַ שריפט: „פּאָ און ריין," אין וועלכער ער פּאָלעמיזירט געגען די דעמאָלט פערברייטעט געוועזענע אויפ־פּאַסונג, דאָס דער דייטשער ריין מוז בעשיצט ווערען ביי דעם אי־טאַליענישען פלוס פּאָ, און דאָס די אָבשוואַכונג פון עסטרייך דורך די בעפרייאונג פון איטאַליען איז אַ סכנה פאַר די צוקונפט פון גאַנץ דייטשלאַנד. ענגעלס טרעט אויף פאַר די בעפרייאונג פון איטאַליען פון דעם פרעמדען עסטרייכישען יאָך, אָבוואָהל ער ווייזט אויף די גאַנצע זעלבסטזוכט און אוואַנטיורע פון נאַפּאָלעאָן אין דיעזען קריעג. דיעזע שריפט האָט ענגעלס ארויסגעגעבען מיט דער צושטימונג פון מארקס, וועלכער האָט דיעזעלביגע געדאַנקען ענט־וויקעלט אין דער „נויארקער טריביון". באַלד נאָך ענגעלס'עס שריפט איז לאַסאַל אויפגעטרעטען מיט אַ שריפט: „דער איטאַליענישער קריעג און די אויפגאַבע פון פּרייסען". לאַסאַל טרעט אויף מיט גרויסער בעגייסטערונג פאַר די בעפרייאונג פון איטאַליענישען פאָלק, וועלכעס האָט אַ רעכט דורך זיין גאַנצע פערגאַנגענהייט, קולטור, זיינע קעמפּפען און האָפנונגען אויף נאַציאָנאַלע זעלבסט־שטענדיגקייט. אין דיעזער שריפט רעדט לאַסאַל בכלל וועגען דאָס רעכט פון פעלקער אויף נאַציאָנאַלע בעפרייאונג און וויעדעראויפ־לעבונג. די דעמאָקראַטיע איז די אינוועענדיגע אויטאָנאָמיע פון אַ פאָלק, וועלכע איז אָבער נאָר דאַן מעגליך, ווען דאָס פאָלק איז פריי פון יעדער פרעמדער הערשאַפט. די באַזיס און דער קוואַל פון דער דעמאָקראַטיע איז די פרייע אונאָבהענגיגע נאַציאָן. די דעמאָקראַ־טיע, וועלכע פאָדערט פאַר זיך די פרייהייט פון נאַציאָנאַליטעט, אָבער וויל ערהאַבען און בעהערשען אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען, אַזאַ דעמאָקראַטיע איז אונטריי געוואָרען צו דער אידעע פון דעמאָקראַ־טיע. אין זיין אַדרעס צום אינטערנאַציאָנאַל וועגען דעם דייטש־פראַנצויזישען קריעג מיט צוועלף יאָהר שפּעטער, האָט מאַרקס דיע־זען געדאַנקען וועגען דער בעציהונג פון פאָלק צו פאָלק אויסגע־דריקט נאָך פיעל טיעפער און מאַראַליש אַלגעמיינער: צווישען פאָלק און פאָלק מוזען עקזיסטירען דיעזעלביגע געזעצען פון מאָ־ראַל און רעכט, ווי צווישען מענש און מענש. אַזוי האָבען דורך די לעהרען פון דער געשיכטע מאַרקס און לאַסאַל פערלאָזען זייער

פריעהרדיגע שפּאַטיג־נעגאַטיווע האַלטונג צו אונטערדריקטע פעלקער, ווי צום בייספּיעל צו די קליינע סלאַווישע פעלקער, צו מעקסיקאַ, און האָבען זיך אויפגעהויבען צו דער אַנערקענונג פון די רעכט פון די נאַציאָנאַליטעטען און דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ אין דער געשיכטע און פּאָליטיק.

7

לאַסאַל, און שפּעטער אויך מאַרקס, האָבען אַנערקענט דאָס רעכט און די פפליכט פון די נאַציאָנען בכלל אויף נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט. דער דריטער גרויסער אידישער סאָציאַליסט העס האָט פּראָקלאַמירט די אידעע פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט און האָט דער ערשטער געבראַכט דעם אידישען פאָלק די בשורה פון דער היסטאָרישער אויפלעבונג. אין יאָהר 1862 איז ערשיענען דאָס בעריהמטע ווערק פון מאָזעס העס: „רוים און ירושלים“.

„רוים און ירושלים“ איז ניט אַ סיסטעמאַטישעס ווערק וועגען נאַציאָנאַליזם, יודענטום, אידען, דעם אידישען פּראָבלעם. אַזאַ סיסטעמאַטישעס ווערק וואָלט אין זיך געדאַרפט ענטהאַלטען אַלגעמיינע געשיכטס־פילאָזאָפיע, סאָציאָלאָגיע, פילאָזאָפיע פון אידישע געשיכטע, די אונטערזוכונג פון דער מאַטעריעל־קולטורעלער לאַגע פון אידען אין דער געגענוואַרט, די בעציהונג צווישען די פעלקער און אידען, די וועגען און מעגליכקייטען פון אַ אידישער קאָלאָניזאַציאָן אין צוזאַמענהאַנג מיט די ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען פון אָריענט. אַלס ערשטעס ווערק וועגען דיעזע פּראָבלעמען וואָלט עס געמוזט זיין אָנגעפילט מיט פּאָלעמיק און פּובליציסטישע איבערבענונגען און דיסקוסיאָנען. דער אינסטינקט פון דעם ענטדעקער האָט געוויעזען העס'ן די ריכטיגע פאָרם פאַר זיין ווערק: ניט אַ סיסטעם, נאָר לויזע געדאַנקען צו אַ סיסטעם, ניט דער בנין, נאָר די ציעגעל צו דעם בנין. „רוים און ירושלים“ איז אויפגעשריעבען אין צוועלף בריעף צו אַ פריינדין, צו וועלכע עס קומען נאָך צו אָנמערקונגען, אַן עפּילאָג פון זעקס קאַפּיטלען און צעהן נאָטען. אין דיעזער ניט־צוזאַמענהענגענדער פאָרם האָט דער פּערפאַסער ארויסגעזאָגט זיינע נייע איבערראַשענדע געדאַנקען.

אין „רוים און ירושלים“ אַקוראַט ווי אין אַלע זיינע פריה־

ערדיגע ווערק געהט העם ארוים פון דער ספינאָזאַ'יסטישער פילאָ־זאָפיע, וועלכע איז ביי איהם די העכסטע אמת'ע און אידישע פילאָ־זאָפיע, דאָס די וועלט איז אן איינהייט, אַלל־איינינ און איינציג. נאָר פאַר אונזער בעשרענקטען פערשטאַנד וויקעלט זיך די וועלט פאַנאַנדער אין איהר מאַניגפאַלטיגקייט פון ערשיינונגען. הינטער דער מאַניגפאַלטיגער שעפּפונג שטעהט דער איינהייטליכער שעפּפער, אָבער ניט אויסערהאַלב פון דער שעפּפונג, נאָר אין איהר גופא אַלס איהר אמת'ער וועזען, איהר מהות, איהר אורזאַכע און איהר לע־בען. פאַר דיעזע אידיש־ספינאָזאַ'יסטישע אידעען געפינט העס בעווייזען פון דער מאָדערנער נאַטורוויסענשאַפט. די גרעסטע ענט־דעקונג פון דער מאָדערנער נאַטורוויסענשאַפט, דאָס געזעץ פון דער ערהאַלטונג פון קראַפט, זאָגט דיזעלביגע זאַך, וואָס די אמת'ע רע־ליגיאָן, די תורה, און די אמת'ע פילאָזאָפיע, דער ספינאָזיזם. די אַל־איינינע אונענדליכע אייביגע קראַפט דריקט זיך אוים אין די מאַניגפאַלטיגע פערגענגליכע און פערענדליכע ערשיינונ־גען פון דער נאַטור. „אַלעס פערגענגליכע איז נאָר א גלייכניס", האָט אויך גע טהע געפיהלט.

דיעזע געשאַפענע וועלט, אין וועלכער דער שעפּפער לעבט, איז א שטענדיג זיך וויי טער שאַפענדע וועלט. די וועלט ווערט פאַנאַנ־דערגעטיילט אין דריי קעניגרייכען אָדער ספערען, אין די קאָסמישע, אָרגאַנישע און סאָציאַלע לעבענס־ספערען. אָבער דיעזע דריי וועל־טען, די קאָסמישע, אָרגאַנישע און סאָציאַלע בעשטעהען ניט פון אייביג אָן, זיינען ניט קיין קדמונים, נאָר זיינען אויך פּראָדוקטען פון דער אייביגער שעפּפונג. די אטאָמען, דאָס הייסט די יסודות פון דער קאָסמישער וועלט, עקזיסטירען ניט פון אייביג אָן, נאָר זיינען בעשאַפען געוואָרען. די אטאָמען זיינען ניט פון אייביג אָן, נאָר זיי זיינען אמאָל ענטשטאַנען שעפּפעריש פון דעם אונענדליך פאַרדינטען רוים. די קיימע, דיעזע יסודות פון דער אָרגאַנישער וועלט, זיינען אויך ניט אייביגע אָרגאַנישע עלעמענטען, ווי פיעלע מיינען, נאָר זיי זיינען ענטשטאַנען דורך א שעפּפונגס־אקט פון דער ניט־אָרגאַנישער, קאָסמישער וועלט. וואָס אין דער קאָסמישער וועלט זיינען די אטאָמען, דאָס זיינען אין דער אָרגאַנישער וועלט די קיימע און אין דער סאָציאַלער וועלט די אָפענבאַרונגען, די התגלות, די נייע שעפּפערישע אידעען, וועלכע זיינען אויך דער

רעזולטאט פון א שעפּפערישען אקט. די גאנצע וועלט ווערט בע־ערשט פון דעם געזעץ פון ענטוויקלונג, שעפּפונג, ווערדען, און עס פערווירקליכט זיך אין איהר א פּלאן און א העכערער צוועק. די וועלט איז ניט קיין בלינדער דראנג פון אונגליקליכען ווילען, ווי שאָפּענהויער לערנט, ניט קיין דיאַלעקטישע ענטוויקלונג פון דער אבסטראַקטער אידעע, וואָס איהר שליסעל ליעגט אויסערהאַלב פון דער לעבעדיגער רעאַליטעט, לויט העגעל'ס פילאָזאָפיע, זי איז ניט קיין בעשטענדיגער אונענדליכער פאָרטשריט אָהן א ברעג און אָהן א סוף, ווי די מאטעריאליסטישע נאטורפאָרשער מיינען, נאָר זי האָט א שכל'דיגען זין אין זיך זעלבסט, א סוף און א צוועק אין איהר פאָרטשריט, און דאָס איז די האַרמאָניע, דער שלום פון אלע שטריי־טענדע עלעמענטען, די פעראייניגונג פון אלע געגענזעצען אין דער העכסטער איינהייט.

העס רופט אָן דיעזע וועלטאנשויאונג די גענעטישע וועלטאנ־שויאונג, אָדער אויך די אידישע וועלטאנשויאונג. אין דיעזער וועלטאנשויאונג קלינגט די פילאָזאָפיע פון דער תורה, וועלכע זעהט די גאנצע וועלט פון געזיכטספּונקט פון דער שעפּפערישער צייט, און די פילאָזאָפיע פון ספּינאָזא, וועלכער זעהט הינטער דער מאניגפאלטיגער, אין ערשיינונגען פאנאנדערפאלענדער, אין גייסט און מאטעריע צוריסענער וועלט די אמת'ע אייביגע אל־איינ־הייט. ווי קלינגט דאָך דיעזע גענעטישע וועלטאנשויאונג פון העס נאָהענט און קרובת'דיג צו העגרי בערגסאָן'ס פילאָזאָפיע פון דער שעפּפערישער עוואָלוציאָן און דער צייט, וועלכע האָט איהר וואונדערבאַרע אורקראַפט צו בעשאפען יש מאין.

די עוואָלוציאָן פון דער קאָסמישער און אָרגאנישער וועלט האָט זיך שוין פערענדיגט, אָבוואָהל קאָסמישע און אָרגאנישע מאטע־ריע ענטשטעהען נאָך פאריינס דורך שעפּפערישע אקטען, אָבער די סאָציאלע עוואָלוציאָן האָט זיך נאָך ניט געענדיגט. דער סוף און דער צוועק פון דער סאָציאלער עוואָלוציאָן איז דער היסטאָרי־שער שבת, אזוי ווי דער סוף פון דער עוואָלוציאָן פון דער ניט־אָר־גאנישער און אָרגאנישער וועלט איז דער נאטור־שבת. דער נא־טור־שבת איז שוין געקומען, אָבער דער געשיכטס־שבת דארף ערשט קומען, ער דארף קומען אין דער אלגעמיינער האַרמאָניע, אין דער מלכות המשיח, אין דעם אלוועלטליכען סאָציאליזם. וואָס איז

אָבער דער סאָציאַליזם? דער סאָציאַליזם איז ניט נאָר דער וועג צו דעם העכסטען גליק און צו דער העכסטער מאַכט, נאָר ער איז די העכסטע מאָראַלישע פאָלקאָמענהייט פון דעם מענשען. זאָ־לאַנג ווי די מענשען זיינען ניט געוועזן רייף, האָבען זיי זיך גע־לאָזט פיהרען פון תאוות, אונפערנונפט און אונמאָראַל, האָבען זיי געקענט ש ט ר ע ב ע ן צו מאָראַל. אין דער סאָציאַליסטישער צו־קונפט וועט דער מענש מ ו ז ע ן לעבען מאָראַליש, און דיעזע מאָראַלישע נויטווענדיגקייט איז די היילינקייט. דער מענש וועט זיין מאָראַליש פריי, וואָרים ער וועט לעבען מיט בעוואוסטזיין און מיט ווילען לויט זיין בעשטימונג, און זיין ווילען וועט זיין אין הסכם מיט דעם געזעץ און ווילען פון גאָט. אזוי וועט זיך אין דעם געשיכטס־שבת פערווירקליכען דער העכסטער ציעל פון דעם וועלט־אַל, דער פאָלקאָמענער מענש, וועלכער וועט דערקענען גאָט, דאָס הייסט די אַל־איינינע וועלט, און וועט פריי לעבען נאָך איהר איינ־ווענדיגען געזעץ און שכל. דער סאָציאַליזם איז ביי העם קיינמאָל ניט געוועזן נאָר א נייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן, נאָר ער מאָלט זיך איהם שטענדיג אַלס די טעכנישע מעגליכקייט פאַר דעם נייעם אידעאַלען מענש.

אויף דער העכסטער שטופע פון דעם אָרגאַנישען לעבען איז ענטשטאַנען דער מענש, די מענשליכע ראַסע, אויך אַלס די פרוכט פון א שעפּפערישען אקט. וואהרשיינליך נאָך פון שוים פון ניעד־ריגע פאַר־היסטאָרישע ראַסען זיינען אַרויסגעוואַקסען און האָבען זיך אויפגעהויבען די גרויסע היסטאָרישע ראַסען. פון דיעזע מענש־ליכע ראַסען זיינען אַרויסגעקומען די צוויי שעפּפערישע ראַסען: די אינדאָ־גערמאַנישע און די סעמיטישע. די איידעלסטע שפּראַצונג פון דער אינדאָ־גערמאַנישער ראַסע איז דאָס גריכישע פאָלק, פון דער סעמיטישער ראַסע איז דאָס פרומע אידישע פאָלק. דאָס אַריס־טאָקראַטישע גריכישע פאָלק און דאָס אידישע פאָלק זיינען די צוויי געניאַלע פעלקער, וועלכע האָבען בעשאַפען די מענשליכע קולטור. העס גלויבט אין די אורשפּרינגליכע עקזיסטענץ פון די פערשיעדענע ראַסען, ער איז פּאָליגעניסט, אין געגענזאַץ צו דער מאָנאָגעניסטי־שער טעאָריע, וועלכע זאָגט, דאָס אַלע מענשליכע ראַסען שטאַמען אָב פון א י י ן ראַסע. די ראַסען זיינען די אורזאַכע פון דעם סאָציאַלען, היסטאָרישען לעבען, וועלכעס ענטוויקעלט זיך דורך די

ראסען־געגענזעצען צו דער לעצטער סאָציאַלער, היסטאָרישער איינהייט. די איינהייט פון דער מענשהייט איז ניט דער אָנהויב, נאָר דער סוף פון דער מענשליכער געשיכטע, די פרוכט פון דעם העכסטען לעבענס־ווילען פון די פעלקער, די אויספיהרונג פון זייערע פערשיעדענע נאַציאָנאַלע מיסיאָנען.

די גריכען און די אידען זיינען די שעפּפער פון צוויי גאַנץ פערשיעדענע ענטגעגענגעזעצטע וועלטאנשויאונגען. די גריכען זיינען ארויסגעגאַנגען פון דער מאַניגפאַלטיגקייט פון לעבען, די אידען האָבען דערקענט די איינהייט, די גריכען האָבען פערשטאַנען די וועלט אַלס אַן אייביגעס זיין, די אידען אַלס אַן אייביגעס ווערדען, דער גריכישער גייסט דורכדרינגט דאָס רוימליכע אויס־איינאַנדער, דער אידישער גייסט האָט צייטליכע נאָכאיינאַנדער. אין גריכישען גייסט שפּיגעלט זיך אָב די פאָלענדעטע שעפּפונג, אין אידישען גייסט דער שאַפענדער פּרינציפּ, דאָס ווערדען. די גריכען זיינען די פערטרעטער פון דעם נאַטור־שבת, די אידען פון דעם געשיכטס־שבת. דאָס גריכענטום איז אַ נאַטור־רעליגיאָן, דאָס יודענטום אַ געשיכטס־רעליגיאָן. די גריכען האָבען פערשענערט דאָס אינדיווידואום, דאָס יודענטום וויל אריינטראָגען מאָראַל און אמת אין די מענשהייט. דאָס גריכענטום האָט געזעהען אין דער פערגאַנגענהייט דאָס גאָלדענע צייטאַלטער, דאָס יודענטום האָט בע־שאַפען די אידעע פון משיח, די ערלעזונג אין דער צוקונפט, אין דעם אחרית הימים, אין דעם קץ.

העם איז דערפאַר דער פערניינער און געגנער פון קריסטענטום, אָבער ניט פון יענעם אורקריסטענטום, וועלכעס איז געווען רעוואָ־לוציאָנערעס און קאָמוניסטישעס יודענטום אין ארץ ישראל אין דעם ערשטען יאָהרהונדערט און האָט געוואָלט אראבברייגגען די משיח־גאולה אויף דער וועלט. אין יענער גרויסער צייט פון די איסיים, פון די משיחיים, פון די סאָציאַל־רעליגיעזע סעקטען ארום דעם חורבן בית שני, וועלכע זיינען געווען קעמפּפער פאַר פריי־הייט און זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם חסידיש־קאָמוניסטישען אידעאַל: שלי שלך, ושלך שלך, — אין יענער גרויסער צייט זעהט העם דעם העכסטען הערלאישען פערזוך פון נבואה־יודענטום זיך צו פערווירקליכען אין לעבען. אָבער נאָך דעם אונטערגאַנג פון פאָלק ישראל און דער פאַנאַנדערפאַלונג פון דער אַנטיקער וועלט,

האָבען זיך אין דעם נייען פעלקער־חאָאָס צונויפגעמישט איבער־נאַטירליכע אידעען פון יודענטום מיט האלב־מיטאָלאָגישע זכרונות פון דער גריכיש־רוימישער וועלט און עס איז ענטשטאַנען אויף דעם באָדען פון דער מענשליכער מאכטלאָזיגקייט און פערצווייפ־לונג די קריסטליכע יענע־וועלט־רעליגיאָן. דאָס קריסטענטום פער־שפּרעכט די אינדיווידועלע ערלעזונג פון דעם מענשען, אויפ'ן הי־מעל אין דעם שוים פון יעזוס קריסטוס, בשעת דאָס יודענטום זאגט נבואה די גאולה פון דעם כלל אויף דיעזער וועלט דורך די ביאת המשיח. דאָס קריסטענטום פאָדערט נאָר גלויבען, דאָס יודענטום פאָדערט מעשים, מעשים טובים. דאָס קריסטענטום איז געוואָרען דער היפך פון יודענטום און די נאַטירליכע אידעאָלאָגיע פון די באַבארישע פעלקער אין די ערשטע יאָהר־הונדערטען. דער ספּירי־טואַליסטישער תוכן, מיט וועלכען דאָס קריסטענטום צייכענט זיך אויס פּאָזיטיוו פון די מאַטעריאַליסטישע נאַטור־רעליגיאָנען, איז ווייטער ניט מעהר ווי אַ יסוד פון יודענטום.

אַזוי איז העס אַן אויסגעשפּראָכענער ראַסען־טעאָרעטיקער. די ראַסען־אייגענטימליכקייט איז אַ שעפּפערישער היסטאָרישער פּרינציפּ, און די וואָרצעל פון סאָציאַלען לעבען ליעגט אין דער ראַ־סען־קראַפט. די ראַסען־אידעאָלאָגיען פון אידישען און גריכישען פאָלק, וועלכע שטאַמען נאָך פון דער ווייטער אורגעשיכטע, זיינען געבליעבען לעבען אין דער פערשיעדענסטער אומגעבונג, זייערע שעפּ־פערישע ליכטזאַמען קענען אפילו אריבערגעפלאַנצט ווערען אויף אנדערע פעלקער. מיט דיעזער ראַסען־טעאָריע וויל העס בעלייכטען די געהיימניספולע און פערבאָרגענע וועגען פון דעם מענשליכען גייסט. דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם איז זיין וואולגארנער פאָרם וויל ארויסדרינגען און ערקלערען יעדע אידעאָלאָגיע פון די סאָציאַלע לעבענספערהעלטניסען, פון דער געזעלשאפטליכער סביבה, אָבוואָהל מארקס זעלבסט האָט קיינמאָל ניט אונטערזוכט און אַ פּשיטא שוין ניט ערשעפּט די ענטשטעהונג און די וויי־טערדיגע עקזיסטענץ און דעם שיקזאל פון די מענשליכע אידעאָ־לאָגיען. אין די געאָגראַפיש און קלימאַטיש נאָהענטע לענדער האָט זיך ענטוויקעלט אַ טעכניש און סאָציאל פערשיעדענעם לעבען, אַזוי דאָס דער צוזאַמענהאַנג פון געאָגראַפיע און געשיכטע איז ניט קיין אבסאָלוטער. דער קלאַסען קאַמפּף האָט ניט אויפגעלעבט אין יעדער

געזעלשאפט און ניט ביי יעדער נאציאָן, האָט זיך ניט גלייכאַר־טיג אויסגעדריקט, האָט ניט מיט גלייכער קראפט געשטורעמט און האָט ניט געפיהרט אומעדום צו דער סאָציאַלער בענייאונג און אויפלעבונג. די געשיכטע פון די פעלקער, די געשיכטע פון אַל־טערטום, פון פאָלק ישראל, גריכענלאַנד, רוים, איז די געשיכטע פון דעם פערשיעדענעם שיקזאל פון קלאסען־קאמפף, וועלכער איז בע־שטימט געוואָרען פון די פערשיעדענסטע מאָטיווען און גאָר אין א גרויסער מדרגה פון דער ראסאווער און נאציאנאלער אידעאלאָגיע.

אָבער העס, וועלכער איז אַן אנהענגער פון דער ראַסען־טעאָריע, איז ווייט דערפון צו געהן אין דיזעלביגע וועגען, אין וועלכע עס זיינען געגאנגען די ראַסען־טעאָרעטיקער, ווי גאָבינא, טשעמבערליין, אָדער גאָר ווי די סלאַוואפילישע טעאָרעטיקער. פאר יענע ראַסען־טעאָרעטיקער זיינען פאראַן ווערטפולע און ווערטלאָזע ראסען און נאציאָנען, ראַסען, וועלכע האָבען א רעכט אויף געשיכטע, און ראַ־סען, וועלכע לייקענען און שטערען דעם זין פון דער געשיכטע. ביי העס זיינען אייגענטליך אַלע נאציאָנען אויסגעקליבענע, אתה־בחרתנו־פעלקער. יעדעס פאָלק מוז האָבען, ווי דאָס אידישע פאָלק, א מיסיאָן, א היסטאָרישען קולט, מוז ווערען גאָט'ס פאָלק.

דאָס אידישע פאָלק מוז נאציאנאל זיך דערקענען און פאָלי־טיש אויפלעבען אין ארץ־ישראל, כדי צו דערפילען זיין היסטאָ־רישע מיסיאָן, דעם סאָציאַליזם, דעם געשיכטס־שבת. דאָס וויע־דעראויפגעלעבטע זעלבסטשטענדיגע אידישע פאָלק וועט א דאנק זיין שעפּפערישע, געניוס ווייטער אויסבילדען די אידישע ביבעל־רעליגיאָן צו א וויסענשאפטליכער ענטוויקלונגס־לעהרע פון דעם קאָסמישען, אָרגאַנישען און סאָציאַלען לעבען. די בעגרינדונג פון א נייער סאָציאַלער וועלט און די שאפונג פון א נייער וועלט־רעליגיאָן, אָדער בעסער געזאָגט פון א נייער און בענייטער רעליגיאָן פאר דער וועלט, איז דער העכסטער צוועק פון דער אידישער רענעסאנס. דורך ספינאָזא, וועלכער האָט געפרובט פעראייניגען דעם אידישען געניוס מיט דער וויסענשאפט, איז שוין געלעגט געוואָרען דער יסוד צו דיזער אידישער וועלט־רעליגיאָן פון דער צוקונפט.

העס שרייבט זיין „רוים און ירושלים" אין דער עפּאָכע פון דער הערשענדער אסימילאציאָן. ער מוז דערפאר פאראיינס אונ־טערשטרייכען און דערמאָנען, דאָס די אידען זיינען א נאציאָן, און

מוז פיהרען א פּאָלעמיק געגען די אסימילאַטאָרען פון דער צייט. די אידען האָבען דורכאויס ניט פערלאָרען זייער ראַסען־טיפּ אין לויף פון די יאָהרטויזענדרען פון גלות, און האָבען אויך ניט פער־לאָרען זייערע נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען, זייער נאַציאָנאַלעם פּאַטריאָטישעם געפיהל. די אומקעהרונג אהיים אין ארץ ישראל, די האָפנונג אין דעם פּאָליטישען משיח איז קיינמאָל ניט פער־שוואונדען פון דער אידישער געשיכטע, ניט פון דער רעליגיאָן, ניט פון לעבען, ניט פון דער פאמיליע. דער גלויבען אין די אומקעה־רונג האָט געהאַט אויך א שטענדיגע טיעפע ווירקונג אויף די גאַנ־צע לעבענספיהרונג פון אידען. די גאַנצע אידישע רעליגיאָן, וועלכע איז אייגענטליך ניט קיין רעליגיאָן פון גלויבונגען און דאָגמען, נאָר א רעליגיאָן פון מעשים, פון לעבען, וועלכע ענטוויקעלט זיך און ענ־דערט זיך אין פלוס פון לעבען, איז אויפגעבויט אויף דעם יסוד פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט. די שיבת ציון וירושלים איז דער לייטמאָטיוו פון דעם אידישען רעליגיעזען קולט.

העס קריטיקירט און מאכט לעכערליך די רעפאָרם־ראַבינער, וועלכע לייקענען אין די אידישע נאַציאָן און האָבען פון דער אידי־שער רעליגיאָן, פון דער אידישער שול און דער אידישער תפילה ארויסגענומען די לעבעדיגע נאַציאָנאַלע נשמה. די רעפאָרם־ראַבי־נער האָבען מיט זייער טרוקענעם ראַציאָנאַליזם פארקריסטעלט די אידישע רעליגיאָן און גערויבט איהר טיעפזיניגען אינהאַלט. פער־גליכען מיט דיעזע אסימילירטע רעפאָרמער זיינען שוין אָרטאָ־דאָקסען פיעל נעהענטער צו דעם אמת, פיעל אויפריכטיגער און זיכערער אין זייער אידישקייט. אָבער געוויס זיינען אויך די אָרטאָ־דאָקסען ניט דער חמר פון דער אידישער נאַציאָנאַלער צוקונפט, זיי זיינען פערגליווערט און פערשטיינערט געוואָרען אין זייערע זינ־לאָזע צערעמאָניען און פאָרמען, וואָס זייער סימוואָלישער זין האָט זיך אויסגעוועבט און איז די אָרטאָדאָקסען זעלבסט ניט מעהר בע־וואוסטזיניג. אָבער טראָץ רעפאָרמער און אָרטאָדאָקסען זיינען אפילו אין דער געגענוואַרט פאראַן שפּראָצונגען פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, און דאָס זיינען די נייע אידישע בעלעטריסטיק און די אידישע וויסענשאַפט, מיט דעם היסטאָריקער ג ר ע ץ אן דער שפּיץ. דאָ האָט העס, ווי אומעדום, דערפיהלט דאָס וועזען פון אן ערשיינונג, וועלכעס אונטערשיידעט זיך פּאָלשטענדיג פון דער ער־

שיינונג גופא. די אידישע בעלעטריסטיק אין דייטשלאנד פון ק א מ פ ע ר ט, פ ר א נ צ א ז, און די אידישע וויסענשאפט פון ג י י ג ע ר, ה א ל ד ה י י ם, י א ס ט, צ ו נ ץ א. ז. וו. זיינען געוועז דורכגעדרונגען פון דעם גייסט פון אסימילאציאן און האבען זיך אפילו געשטעלט אין דיענסט פון אסימילאציאן. אבער אין ווירקליכקייט האט דיזע ערוואכענדע אידישע ליטעראטור גע־וועקט די בעהאלטענע אידישע נאציאנאלע ענערגיע און איז גע־ווארען א טרייבענדער כח פאר די נאציאנאלע דערוואכונג. די־זעלביגע ערשיינונג האט זיך איבערגע'חזר'ט מיט די אידען פון אלע אנדערע לענדער און די מאדערנע אידישע ליטעראטורען אין אלע שפראכען, אפילו אין אידיש און העברעאיש.

דאס פאליטיש און נאציאנאל אויפלעבענדע אידישע פאלק וועט אבער ניט נאר פערווירקליכען א נייע וועלטהיסטארישע אי־דעע, עס וועט זיך זעלבסט בעפרייען און ערלעזען פון אונטערדרי־קונג, שאנדע און דער סאציאלער פאראזיטסטווע פון גלות. ניט דער אנטיסעמיטיזם, וועלכער האט אין העס'ס צייטען נאר עק־זיסטירט אלס א מילדער יודען־האס, וועט טרייבען דאס אידישע פאלק צו זייער היים. אפילו ניט דער יודען־האס אין די מזרח־אייראפעאישע לענדער האט נאך העס'ען געקענט זיין די טרייבענ־דע קראפט צו דער אויסוואנדערונג, ווארום אין יענער צייט הא־בען אידען אין רוסלאנד געווארט אויף ישועות פון דעם ליבעראלען רוסישען פאלק און זיין אויפגעקלערטער רעגיערונג. דער מארא־לישער מאטיוו אליין צו בעפרייען זיך פון נאציאנאלער שאנדע און סאציאלער אונפרוכטבארקייט און אונפראדוקטיוויטעט דארף טרייבען דאס אידישע פאלק צו אן אייגענער היים. און דערביי זאגט העס יענע מערקווירדיגע נביאישע ווערטער, וועלכע בעלייכ־טען די גאנצע אידישע עקאנאמיק, ווי זי האט זיך פאנאנדערגע־וויקעלט ערשט אין אונזער צייט אין איהר גאנצער ניט־נארמאלקייט. ביי די אידען, אזוי זאגט העס, מוז נאך מעהר איידער ביי יעדען אנדערען אונטערדריקטען פאלק, די נאציאנאלע זעלבסטשטענדיג־קייט זיין די ערשטע בעדינגונג פאר יעדען סאציאל־פאליטישען פארשריט. א געמיינשאפטליכעם נאציאנאלעם לאנד איז דער יסוד פאר געזונדע ארבייטס־פערהעלטניסע, א פאלק אין גלות מוז ווע־רען א פאלק פון פאראזיטען, וועלכעס לעבט נאר פון פרעמדער

פראָדוקציאָן. מיט אייניגע געדאנקען האָט דאָ העם אָנגעצייכענט דעם גאנצען שפּעטערדיגען סאָציאַליסטיש־ציוניסטישען בליק אויף די אידישע עקאָנאָמיק אין גלות.

אויף וועלכע פּאָליטישע און קולטורעלע מאכט קענען זיך אָבער אידען שטיצען אין זייער שטרעבונג און דראנג צו ארץ ישראל? די תשובה איז פאר מאָזעס העס זעלבסטפערשטענדליך. פראנקרייך, דאָס לאנד פון רעוואָלוציאָן, פון פרייהייט, פון רעפּובליק, דאָס פראנצויזישע פּאָלק, וועלכעס האָט א רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַלע תכונה אין זיך, וועט קומען דעם אידישען פּאָלק צו הילף. פראנקרייך וועט עס טאָן אויס אידעאַלע מאָטיוען, אקוראט ווי אויס פּאָליטישע. די בעפרייאונג פון אידישען פאלק איז נאָך אַלץ די פאָרטזעצונג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן און איהרע אייביגע פרייהייטס־אידעאַלען. אָבער פראנקרייך האָט אויך א פּאָליטישען אינטערעס פאר די ווידעראויפלעבונג פון ארץ ישראל דורך אידען. דאָס לאנד ארום דעם סועץ־קאנאל, אויף דעם וועג צו כינא און אינדיען, קען האָבען א גרויסע קאָמערציעלע און קולטורעלע צוקונפט, און אידען קענען ווערען די נאטירליכע פּיאָנערען, כדי אויפצואוועקען און ענטוויקלען יענעם לאנד. העס בעוואונדערט און שעצט דעם דייטשען געדאנקען, אָבער אלע זיינע סימפּאַטיען אלס איד און רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט זיינען נאטירליך אויף דער זייט פון פראנקרייך. אין דער צייט פון העס איז פראנקרייך געווען די גרעסטע מאכט אין דער וועלט און האָט אויך בעהערשט דעם סועץ־קאנאל.

העס זעהט פאָראויס די טענה, וועלכע מען קען האָבען פון אידישער זייט געגען דעם ווידעראויפבוי פון א אידישער מלוכה אין ארץ ישראל: א אידישע מלוכה אין ארץ ישראל קען דאָך בעגרויבען די אידען פון גלות פון זייערע בירגערליכע רעכט. געגען דיעזע טענה, וועלכע איז אין דער עפּאָכע פון ציוניזם געוואָרען די וויכטיגסטע טענה פון די בורזשואזנע אזוי ווי פון די פּראָלעטאַרישע אסימילאַטאָרען און פראקטיקער, געגען דיעזע טענה ווענדעט זיך שוין העס. ער איז זיך קלאָר מכח דעם, דאָס אויך אונטער א אידישער מלוכה וועלען מיליאָנען אידען לעבען אין די גלות־לענדער, אָבער יענע אידען דארפען ניט מורא האָבען פאר זייער פּאָליטישען שיקזאַל. די גלייכבערעכטיגונג פון אידען איז א רעכט,

וועלכעס קומט זיי און וועלכעס איז געשטיצט אויף די בירגערלי־כע פּאָליכטען, און איז ניט קיין אויסגעבעטענע גנאד. די אידען פון גלות וועלען ניט פערליערען זייערע בירגער־רעכט, נאָר פער־קערט ערשט דורך אן אייגענעם שטאַאט אין ארץ ישראל וועלען זיי בעקומען דעם מוט און די אינוועגדיגע בערעכטיגונג צו נאציאנא־לער און בירגערליכער אנערקענונג אין דער גאנצער וועלט. אויב אָבער די אידישע עמאנציפּאציאן איז באמת ניט פעראיינבאר מיט דער אידישער נאציאנאַליטעט, דארף זיך דער איד בעסער אָבזאָגען פון דער עמאַנציפּאציאָן, איידער אויפגעבען זיין נאציאָנאַליטעט.

אין דער פערווירקליכונג פון דער אידישער רענעסאנס־אידעע פעראייניגט העם מיט זיין פאַנטאַסטישען צוקונפטס־בליק פּראַק־טישען זין פאר די רעאַלע מעגליכקייטען אין דער געגענוואַרט. ער רעדט פון דער בעגרינדונג פון אַ אידישען קאָלאָניזאציאנס־אינ־סטיטוט און אַ אידישען קאָנגרעס, וועלכער זאָל פאָדערן פון דער וועלט די אומקעהרונג פון ארץ ישראל צו אידען. ווי אַ צייכען פון דער נייער צייט בעגריסט העם די ערשטע חברה פאר ישוב ארץ ישראל, וועלכע איז גראד אין יענער צייט געגרינדעט געווארען פון רבי צבי הירש קאַלישער אין טאָרן. עס מוז זיך אָנהויבען אַ אידישע קאָלאָניזאציאן אין ארץ ישראל, פאר וועל־כע די מזרח־אייראָפּעאישע אידען זיינען דער נאציאנאַלער מאַטע־ריאל. עס פערשטעהט זיך, דאס אַ מאסען־קאָלאָניזאציאָן אין פּאַ־לעסטינא איז נאָר דאן מעגליך, ווען דאָרט זאָלען זיין בעסערע לע־בענס־פערהעלטניסען, אַ קלענערער סאָציאַלער דרוק אזוי צו זאגען, איידער אין די גלות־לענדער. דיעזע קאָלאָניזאציאנס בעדינגונגען צו שאפען איז די אויפגאבע פון דער צייט, די פּאָליכט פון די אידי־שע גבירים, דאָס אמת'ע ציעל פון אַ ווייטזיכטיגער נאציאנאַלער פּאָליטיק.

אָבער ניט נאָר די צוקינפטיגע ענטוויקלונג פון דעם אידישען פּאָלק און דעם ציוניזם האָט העס פאראויסגעזאגט אין „רוים און ירושלים“. ער האָט מיט דעם אויג פון אַ נביא פאָראויסגעזעהן די וועלט פּאָליטישע ענטוויקלונג, וועלכע האָט געפיהרט צו דעם איצ־טיגען וועלט־קריעג און ראסען־קריעג. ער זעהט די סכנה פאר דער פרייהייט און דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט פון דער דייטשער רעאקציאָן און פון דעם צוקינפטיגען קריעג צווישען דעם רעאקציא־

נערען דייטשלאנד און די פרייע מערב־אייראָפּעאישע דעמאָקראַ־טישע פעלקער. אין יאָהר 1871 נאָך דעם דייטש־פראנצויזישען קריעג האָט מארקס ארויסגעזאגט דיזעלביגע געדאנקען וועגען דער סכנה פון אַ צוקינפטיגען ראסען־קריעג צווישען די דייטשען און די סלאווישע און ראָמאַנישע ראסע, וועלכע וועט אריינוואַרפען די גאנצע וועלט אין דאָס בלוטיגע פערדארבען. נאָר האָט העס נאָך פיעל פריהער און אויך פיעל קלארער איידער מארקס געזעהן, דאָס אלע רעוואָלוציאָנערען און אמת'ע פריינד פון דייטשלאנד זעלבסט דארפען וועלען די מפלה פון דייטשלאנד'ס וואפען.

עס איז איינס פון די וואונדערבארסטע נביאישע ביכער „רוים און ירושלים"!...

## 8.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואס פאר אן איבערראַ־שענדע ווירקונג די ערשיינונג פון „רוים און ירושלים" האָט גע־מאַכט אין דער אידישער וועלט. אַ אידישער רעוואָלוציאָנער ער־קלערט דאָס יודענטום אלס די רעליגיאן פון סאָציאַליזם, אלס די פערטיעפסטע סאָציאַליסטישע מאָראַל און לעבענס־אנשויאונג. אַ אידישער פאָרשער פיהרט דעם קאמפּף געגען דאָס קריסטענטום, נעהמט פון איהם אראב זיין קולטור־מאַנטעלע און בעווייזט, אויף וויפיעל עס איז דער רעאקציאָנערער היפּך פון דעם סאָציאַל־רעוואָ־לוציאָנערען יודענטום. אַ אידישער פּאטריאָט ערקלערט דאָס אי־דישע פאָלק פאר אַ נאַציאָן און פּרעדיגט די בעגרינדונג פון אַ אי־דישער מלוכה אין ארץ ישראל אונטער דער הילף און דעם שוץ פון דעם רעוואָלוציאָנערען פעלקער־בעפרייענדען פראנקרייך. די אָרטאָדאָקסע און די רעפאָרמירטע רבנים, די ליטעראַרישע כלי־קדש און טרייע דיענער פון דער אידישער אסימילירטער בור־זשואזיע האָבען זיכער אזא בוך ניט געקענט אריבערטראָגען. וואס גרעסער עס האָבען זיך ארויסגעוויעזען די ליטעראַרישע און וויסענשאפטליכע מעלות פון דעם בוך, אלץ גרעסער איז געווען דער צארן און די אויפרעגונג.

מען איז אויפגעטרעטען מיט ניט־איינגעהאַלטענעם כעס און אָפּענעם שפּאָט געגען דעם ערשטען סאָציאַליסטישען ציוניסט. מען האָט געשפּאָטעט און געלאכט פון דעם נייעם בעל־תשובה.

די אסימילאַטאָרען האָבען גלייך אָנגעהויבען אראבצואווישען פון זיך דעם פלעק פון אידישען נאַציאָנאַליזם, און נאָך אמאָל האָט שטאָלץ געקלונגען דער אני־מאמין פון דעם אסימילאַטאָר, דאָס ער איז קודם כל אַ דייטש, אַ פראַנצויז, אַן ענגלענדער, אַן אַמעריקאַ־נער און דערנאָך ערשט אַ איד. ווען עס זאָל אפילו אידען ארץ ישראל אבגעגעבען ווערען, וועלען דאָך די ציוויליזירטע אידען ניט פערלאָזען זייער ליעבעס פאטערלאנד און וועלען ניט אומקעהרען זיך צו די קברים און חורבות. היינט זיינען אידען גאָרניט פעהיג צו בעשאַפען אַן אייגענע קולטור. פאטריאטיזם איז ניט די ליעבע צו דער ערד, צו די בערג און טאָלען, צו די פעלדער און טייכען, נאָר די ליעבע צו די אינסטיטוציאָנען פון פאטערלאנד, וועלכע גיבען מאַטעריעלען נוצען. ראָטשילד וועט בעסער וועלען זיין דער איד פון די קעניגען, איידער דער קעניג פון די אידען. אַ אידישע מלוכה איז געגען גאָט׳ס געבאָט אין דעם גלויבען אין משיח׳ן, און אַ אידישע מלוכה איז אַ רעאקציאָנער פעראַלטעטער געדאַנק, וועל־כער איז געגען דעם פראָגרעסיווען גייסט פון דער צייט. מיט דיע־זע און עהנליכע טענות זיינען אויפגעטרעטען די דאַמאָליגע אידי־שע פיהרער: פיליפסאָן, לעוו, גייגער, די אָרטאָדאָקסען פון כל המינים און די רעפאָרמאַטאָרען. נאָר אברהם גייגער האָט דעם בעכער פון זיין קריטיק דערגאָסען נאָך מיט גאַל און ביטערקייט פון פערזענליכע אָנפאַלען. העס האָט באַנקראָטירט אין סאָציאַ־ליזם און רעוואָלוציאָן און בעטרייבט יעצט דעם שווינדעל פון נאַציאָנאַליזם, אזוי האָט געשימפפט גייגער און האָט אויף דער אידישער נאַציאָן זעלבסט געגעבען אַ טריט מיט׳ן פוס. צו מארקס און ענגעלס האָט דאָס נייע בוך פון העס קעגטיג ניט דערגרייכט, ווארים אין זייער קאָרעספאָנדענץ ווערט דערפון גאָרנישט ניט דערמאַנט. נאָר דער קריסטליכער פילאָזאָף מישלע, וועלכער האָט ארויסגעגעבען אַ צייטשריפט: „דער געדאַנקע", האָט געלויבט „רוים און ירושלים", ניט נאַטירליך וועגען זיין אויפפאַסונג פון יודענטום, נאָר פאַר דעם פּלאַן פון אַ אידישען שטאַאַט אין פאַלעסטינאַ. די איינציגע אויסנאַהמע פון אלע אידישע צייט־גענאָסען האָט גע־מאַכט גרעץ, וועלכער האָט אונטער דער ווירקונג פון „רוים און ירושלים" פערעפענטליכט אין יאָהר 1863 אין קאַמפערטס „יאָהרבוך פאַר איזראַעליטען" אַן ארטיקעל: „די בענייאונג פון דעם אידישען

שטאם", אן ארטיקעל פון וועלכען עס רעדט א שטארקער אויפגע־
וואכטער נאציאנאלער געפיהל.

העס האט זיכער ניט ערווארטעט אין יענער צייט וועלכען עס
פראקטישען רעזולטאט פון זיין נבואה־בוך. צווישען די דייטשע
אידען, צו וועלכע ער האט זיך געווענדעט, איז ניט געווען קיין באָ־
דען אפילו פאר א גייסטיגע שטרעמונג אין זין פון העס. די אידי־
שע בורזשואזיע האט דערהויבען צו אן אמת דאס אלטע ציניש
ווארט: דארט איז דאס פאטערלאנד, וואו עס איז גוט. די אסי־
מילאציאן איז געווען דער רעאלער לעבענס־אינטערעס פון דער
אידישער בורזשואזיע, און איהר גייסטיגער אינטערעס איז ער־
שעפּט געווארען מיט די קליינליכע און נארישע מחלוקות וועגען
ארטאָדאָקסיע און רעפארם און די פערשיעדענע קאריקאטורנע
שאטירונגען פון דערזעלביגער ארטאָדאָקסיע און רעפאָרם. די
פּאָלעמיק וועגען „רוים און ירושלים" האט באלד אויפגעהערט און
דער פערפאסער און דאס בוך זיינען פערגעסען געווארען אין
דייטשלאנד.

אָבער אויב פאר העס דעם ציוניסט האט אין יענער צייט ניט
געקענט זיין קיין טעטיגקייט, האט זיך פאר העס דעם סאָציאליסט
געעפענט דאמאלס ווידער א פעלד פון רעוואָלוציאָנערער אקטיוויטעט.
אין די זעכציגער יאָהרען הויבט זיך אָן די ווידעראויפלעבונג פון
דעם סאָציאליזם אין אייראפּא. מארקס בעגרינדעט דעם אינטער־
נאציאנאל, באקונין טרעט ווידער אויף אין לאָנדאָן נאָך לאנג־
יאָהריגער געפאנגשאפט, לאסאל הויבט אָן זיין סאָציאליסטישע
אגיטאציאן אין דייטשלאנד. א פרישער ווינד פון רעוואָלוציאָן
הויבט אָן צו בלאָזען פון פוילען ביז איטאליען. אין מאי 1862
האט לאסאל בעגרינדעט דעם אלגעמיינעם דייטשען ארבייטער־
פעראיין. העס, וועלכער האט זיך דאמאלס אויפגעהאלטען אין
קעלן, האט זיך באלד אנגעשלאָסען אָן לאסאל און זיין נייע בעווע־
גונג. מיט לאסאל איז העס געווען בעקאנט און בעפריינדעט נאָך
פון 1848 און זיין פערזאָן האט געהאט אויף איהם א צויבערהאפ־
טע ווירקונג. אויך זיינען געווען לאסאל'ס פּלאנען צו בויען קאָאָ־
פעראטיווע פאבריקען מיט דער הילף פון שטאאט נאָך דעם גייסט
פון העס, וועלכער האט שטענדיג בעגעהרט א פּראקטישע סאָציא־
ליסטישע טעטיגקייט. אין 1863 פאהרט העס ארום אין פערשיע־

דענע שטעדט צוליעב דער לאסאלישער פראפאגאנדא, און זיינע רע־דען ווערען אבגעדרוקט אין דער פארטיי־פרעסע. „די רעכטע פון דער ארבייט“ איז א נייע בראשורע, וועלכע העס האט דאמאלס ארויסגעגעבען, און אין וועלכער ער שטעהט אויף דעם רעוואלוציא־נער־פראלעטארישען באדען בנוגע צום מיטעלשטאנד, אבער פא־דערט צו דערזעלביגער צייט די פערווירקליכונג פון די לאסאל׳־שע פלאנען וועגען ארבייטער־פראדוקטיוו־גענאסענשאפטען (קאא־פעראטיווע פאבריקען). העס בלייבט אבער ניט לאנג טעטיג אין דעם אלגעמיינעם דייטשען ארבייטער־פעראיין. ער מאכט נאך א נסיעה אין עלבערפעלד צוזאמען מיט לאסאל, פאהרט אבער ענדע 1863 צוריק אין פאריז, כדי שוין פון דארט זיך מעהר ניט אומקעהרען אין דייטשלאנד.

אין פאריז גיט זיך אב העס כמעט אויסשליסליך צו זיין לי־טעראַרישער און וויסענשאפטליכער טעטיגקייט. ער ענטוויקעלט ווייטער זיינע אידעען וועגען יודענטום און אידען און בעטייליגט זיך מיט גרויסער איבערגעבענהייט אין דער סאציאליסטישער לי־טעראטור. אין די „ארשיוו איזראעליט“ אין פאריז, אין גרעץ׳ס „מאנאטשריפט פיר די געשיכטע און וויסענשאפט דעם יודענטומס“ און אין קלענערע אידישע צייטשריפטען פיהרט העס זיין ווייטער־דיגע פראפאגאנדא פאר די פונדאמענטאלע אידעען, וועלכע ער האט אויסגעדריקט אין „רוים און ירושלים“. אין דעם לאסאל׳שען ארגאן דער „סאציאלדעמאקראט“, שפעטער אין „פאלקסשטאאט“ און אין בראשורען און ביכלעך האט העס פערעפענטליכט זיינע ווייטערדיגע סאציאליסטישע ארבייטען און האט גענומען א שטעלונג צו די פערשיעדענע פאסירונגען פון דער צייט. אין דערזעלביגער צייט ארבייט ער אויף זיין גרויסען ווערק, וועלכעס האט גע־דארפט בריינגען אין א פילאזאפישעם סיסטעם אלע זיינע געדאנ־קען און איבערלעבונגען, און פון וועלכען עס איז ערשיענען נאך זיין טויט דער ערשטער טייל אונטער דעם נאמען: די דינאמישע שטאף־לעהרע (1877).

זיינע ארטיקלען אין די אידיש־דייטשע און אידיש־פראנ־צויזישע צייטשריפטען זיינען קליינע בעמערקונגען, קריטיקען וועגען ביכער, פאלעמיקען, און זיי אלע דרעהען זיך ארום דער היסטארישער און קולטורעלער בעדייטונג פון יודענטום, אלס א

בעזונדערע קולטור־פאָרם, אין געגענזאַץ צום גריכענטום, צום קריסטענטום און צום מאָדערנעם מאַטעריאַליזם. די אַרטיקלען זיינען פול מיט געדאַנקען־בליצען, מיט איינפעלען, מיט שעפּפע־רישע אידעען, וועלכע בעלייכטען די דונקעלסטע און פערוויקעל־סטע ערשיינונגען און פּראָבלעמען.

אין אַ קליינער בעמערקונג וועגען דעם גאָטעס־נאָמען י ה ו ה, גיט העס אַן ערקלערונג וועגען דער בעדייטונג און זין פון דיעזען נאָמען. יהוה איז דער לשון עתיד פון הוה, וועלכע איז די עלטערע פאָרם פון היה—זיין, ער וועט זיין, ער איז דער גאָט פון דער געשיכטע, די שעפּפערישע צוקונפט. אין דעם נאָמען פון אידישען גאָט געפינט העס זיין גאַנצען כאַראַקטער אַלס דער גאָט פון דער געשיכטס־רעליגיאָן. אין זיינע גלענצענדע בריעף אין „ארשיוו איזראַעליט“ איבער דעם פאָלק ישראל׳ס מיסיאָן אין דער מענשליכער געשיכטע חזר׳ט נאָך אַמאָל העס איבער איי־ניגע געדאַנקען פון „רוים און ירושלים“, אָבער ער גיט זיי צו מעהר קלאָרקייט און אויך מעהר קינסטלערישען גלאַנץ. דאָס יו־דענטום איז די רעליגיאָן פון דיעזער וועלט און ניט פון יענער וועלט. עס איז די משיח־רעליגיאָן, די רעליגיאָן פון דער ער־לעזונג, די רעליגיאָן פון דער צוקינפטיגער סאָציאַל־בעגייסטער און בעפרייטער מענשהייט. דאָס יודענטום איז דער סאָציאַליזם. אָדער בעסער געזאָגט די מאָראַלישע גרונדלאַגע פון סאָציאַליזם איז דאָס יודענטום. כדי אָבער דאָס יודענטום זאָל ווערען לעבע־דיגער סאָציאַליזם, מוז דאָס אידישע פאָלק בעקומען אַ לאַנד. ערשט אין אַן אייגענעם לאַנד וועט אויפבליהען די אמתע אידישע רעליגיאָן, דאָס הייסט די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזירונג פון מענ־שען. מיט דיעזען דרייסטען און טיעפזיניגען געדאַנק צורייסט העס דאָס גאַנצע טעאָלאָגישע און מגידישע שפּין־געוועב, מיט וועלכען מען האָט ארומגעדרעהט, פערדרעהט און פער׳מיאוס׳ט דעם הייליגען תוכן פון יודענטום.

קריטיקען וועגען ביכער מכח דער אור־געשיכטע פון קריס־טענטום, מכח דעם כאַראַקטער פון קריסטענטום, זיינען די וויי־טערדיגע ארבייטען פון העס. ווי יעדער סאָציאַליסט האָט ער אַ בעזונדערען אינטערעס פאַר די געשיכטע פון קריסטענטום. פ ע ן ס י מ אָ ן, פּ ר ו ד אָ ן, פ ו ר י ע, ו ו י י ט ־

ל י נ ג ביז צו דעם מאָדערנעם ק אַ ו ט ס ק י האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף די וואונדערבארע ערשיינונג פון אורקריסטענ־טום. דער אינטערעס פון העס פאר דאָס אורקריסטענטום איז אַ דאָפּעלטער, ער שטאַמט פון זיין סאָציאַליזם און פון זיין אידיש־קייט. אין זיינע בעטראַכטונגען און קריטיקען קומט העס צו דיזעלביגע רעזולטאַטען און שלוסען, צו וועלכע די פרייע ביבעל־קריטיקער און קאַוטסקי זיינען געקומען אין אונזער צייט. קריס־טום איז געווען אַ אידישער סאָציאַלער רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז ארויסגעקומען פון דעם שוים פון די איסיים, פון איינער פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע סעקטען פון יענער צייט. קריסטום און זיין ערשטע משיח־סעקטע האָט געוואָלט פערווירקליכען דעם מלכות השמים אויף דער ערד, דאָס קעניגרייך פון סאָציאַלער גלייכהייט און ברידערליכקייט. ערשט דורך דאָס איינדרינגען פון דעם אידישען קריסטענטום צווישען די אַנדערע פעלקער און דורך די פערמישונג פון דיזען אידישען קריסטענטום מיט די עלעמענ־טען פון דער גריכיש־רוימישער קולטור, און נאָך מעהר דורך די פאַנאַנדערפאַלונג און דעם גוואַלטטעטיגען אונטערגאַנג פון דער אידישער מלוכה אין דער אַנטיקער וועלט, איז דאָס סאָציאַל־רעוואָ־לוציאָנערע אידישע אורקריסטענטום פערוואַנדעלט געווארען אין אַ רעליגיאָן פון יענער וועלט, אין אַ רעליגיאָן פון אינדיווידועלער ער־לעזונג, אין אַ רעליגיאָן פון דואַליזם צווישען דיזער וועלט און יענער וועלט, צווישען מאַטעריאַליזם און ספּיריטואַליזם, צווישען יחיד און כלל, צווישען גלויבען און לעבען, אין דאָס היינטיגע קריסטענ־טום.

אין זיין לעצטען אידישען ארטיקעל: „דאָס גאָט־פערטרויען פון די ענוים אין די שטורמען פון אונזער צייט“, אין גרעץ'ס מאָ־נאטשריפט, ווענדעט זיך העס מיט אַן אויפרוף צו אידען. דער ארטיקעל איז מערקווירדיג דורך זיין רעוואָלוציאָנערען טאָן און אינהאַלט. העס רופט צו די אידען, דאָס זיי זאָלען זיך צוזאַמען מיט די פּראָגרעסיווע פעלקער און פּארטייען אָנשליעסען אָן די בעוועגונג צו בעגרינדען אַ נייע וועלט פון פרייהייט און סאָציאַ־ליזם. ער רופט צו די אידען, דאָס זיי זאָלען זיך ניט אָנהאַלטען אָן די צובראָכענע שטיקלעך פון דער אַלטער געזעלשאַפט, און זאָלען ניט פאַבריצירען קיינע נייע געטשקעס און זיי אָנרופען אלה אלהיך

ישראל, נאָר דאס זיי זאָלען געהן מיט דער מאָדערנער וועלט־בע־וועגונג און דער וויסענשאַפטליכער וואהרהייט, וועלכע איז ניט להיפך צו די גרויסע אידעען פון די ענוים און צדיקים, די בעגרינ־דער פון אונזער געשיכטס־רעליגיאָן. די אמת׳ע עהרליכע אידען וועלען זיך בעסער און היימישער פיהלען אין דער נייער סאָציאַ־ליסטישער וועלט, וועלכע זיי קענען זעהר פיעל העלפען פערווירק־ליכען, איידער אין דער סביבה פון די געצענדיענרישע אידען, וועלכע לויפען נאָך דעם הבל פון זייער צייט, מאַכען נאָך די שלעכטע חוקות הגוים, האָבען שטענדיג פערפאָלגט זייערע נביאים, פערשפּאָטעט זייערע צדיקים, פערשקלאַפּט זייערע ענוים, אָבער וועלכע וועלען פערשווינדען פון דער וועלט צוזאמען מיט זייערע געצען אין דעם טאָג פון געריכט. עס איז א שוואכקייט צו פער־טיידיגען און פערגלעטען אלעס, וואס שטעהט אין צוזאמענהאנג מיט דער אידישער ראַסע און געשיכטע. עס איז שטענדיג געווען נאָר א קליינער קערענדעל אין יודענטום, וועלכער האָט בעשאַפען דאָס גרויסע און הייליגע פון אידישען גייסט. „אָבער שטענדיג איז געווען און איז פאראַן נאָך צווישען אונז היינט אַן עגאָאיסטישער, זעלבסטזיכטיגער פּוסטער קלאַס, וועלכער יאָגט זיך נאָך רייכ־טימער און פּוסטען כבוד, וועלכער איז דער היפך פון די ענוים און צדיקים און וועלכער האָט פון די עלטעסטע צייטען ביז היינט ניט אָהן א גרונד ארויסגערופען דעם פערדאַכט פון אלע פעלקער צו אידען".

„די אַלטע נביאים האָבען ניט פערגלעטעט זייערע לאַסטער, האָ־בען זיי ניט גע׳חנפ׳ט פאַר זייער רייכטום און איינפלוס. פער־קעהרט, זיי האָבען צוליעב זיי און זייערע עברות אנגעזאגט דעם גאַנצען פאָלק ישראל די שלעכטעסטע טעג. די היינטיגע כלומרשטע פערטרעטער פון יודענטום טהוען איהם א שלעכטען דיענסט, ווען זיי זיינען שטיל בנוגע צו דיעזע „גרויסע" אידען, אָדער ווען זיי לויבען זיי אלס בעלי־טובות פאַר די פּאָר ברעקלעך, וועלכע זיי וואַרפען ארויס פאַר די הונגעריגע און ליידענדע. וואס מעהר אמת עס ליעגט אין די ווערטער: כל ישראל ערבין זה בזה, אלץ מעהר זיינען די אמת׳ע פערטרעטער פון יודענטום פערפליכטעט צו זאגען דעם אמת צו די רייכע און הערשזוכטיגע און צו בעפרייען אונזערע ברידער פון א סאָלידאַריטעט, וועלכע קען פאַר זיי זיין

נאָר פערדערבליך אין יעדען אופן". מיט כמעט א האלבען יאָהר־הונדערט צוריק האָט שוין העס געזעהן דעם געוואלטיגען פערדאַר־בען, וועלכען די אידישע בורזשואזיע בריינגט דעם אידישען פאָלק ניט נאָר סאָציאל, נאָר אויך נאציאנאל און קולטורעל, און האָט אויפגעפאָדערט צום קאמפף געגען דיעזע אידישע בורזשואזיע, אלס די שטאַרקסטע מחיצה צווישען דעם אידישען פאָלק און דער אי־דישער בעפרייאונג. יעדעס וואָרט, וועלכעס העס האָט דאַמאָלס געזאָגט, פאסט זיך אזוי ריכטיג פאר אונזער געגענוואַרט און איהרע אידישע קעמפפען און גענענזעצען.

אין דער מיטען פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט אויף דעם פעלד פון סאָציאליזם און אידישען נאציאנאליזם גיט זיך העס אָב נאָך מיט איבערזעצונגס־ארבייטען. ער איבערזעצט דעם דריטען באנד פון גרעץ'ס געשיכטע פון אידען אין פראנצויזיש אונטער דעם נאָמען „סיני און גאלגאתא", עס איז דער באַנד וועגען דער ענטשטעהונג פון קריסטענטום. אויך האָט העס אָנגעהויבען צו איבערזעצען דעם „קאפּיטאל" פון קארל מארקס, ווי דאס איז צו זעהן פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישען מארקס און ענגעלס אין יאָהר 1867. ווי עס זעהט אויס איז אָבער דיעזע ארבייט שוין אין אָנ־הויב אָבגעשטעלט געוואָרען, פון סבות, וועגען וועלכע די קאָרעס־פּאָנדענץ פון מארקס גיט ניט קיין אויפקלערונג.

עס איז ניט בעקאַנט געוואָרען, וועלכע שטעלונג העס האָט גע־נומען צו דעם אינטערנאציאנאל, וועלכער האָט אָנגעהויבען צו ווירקען אין יענער צייט. העס האָט אָבער אנטייל גענומען אין דעם דריטען קאָנגרעס פון אינטערנאציאנאל אין בריסעל אין סעפּ־טעמבער 1868. העס האָט אויף יענעם קאָנגרעס געהאלטען די בעדייטענדסטע רעדע געגען די פּרודאָניסטען און זייער טעאָריע פון פרייען קרעדיט אלס א וועג צום סאָציאליזם. מארקס זעלבסט האָט געלויבט דיעזע רעדע, אין א בריעף צו ענגעלס, אלס די בעסטע אויף דעם גאנצען קאָנגרעס.

## 9.

פון זיינע וויסענשאפטליכע שטודיען און זיין ליטעראַרישער ארבייט אויף דעם פעלד פון סאָציאליזם און אידישען נאציאנאליזם איז העס ארויסגעריסען געוואָרען דורך דעם דייטש־פראנצויזישען

קריעג אין 1870. העס איז ניט געווען קיין דייטשער פאטריאט, אבוואהל ער איז געווען א איד פון דייטשלאנד. אלס סאציאליסט און אלס א זוהן פון אידישען פאלק האט דאס רעאקציאנערע אנטי־רעוואלוציאנערע דייטשלאנד ניט געקענט זיין זיין פאטערלאנד, עס איז נאר געווען זיין היימאט־לאנד. אין אלע זיינע שריפטען, און בעזונדערס אין „רוים און ירושלים", פיהרט העס דורך דעם געדאנ־קען, דאס פראנקרייך איז דאס לאנד פון ערלעזונג, פון פרייהייט, פון דער צוקינפטיגער סאציאלער רעוואלוציאן, דאס לאנד, וועלכעס איז דער סימוואל פון רעפובליק און רעוואלוציאן אין דער וועלט. העס איז א פראנצויזישער פאטריאט, און ער לערנט אידען נאך א נייעם אמת, דאס ניט דאס געבורטסלאנד איז דעם איד'ס פאטער־לאנד, נאר דאס לאנד, אין וועלכען עס לעבען די אידעאלען פון פרייהייט און רעוואלוציאן. מיליאנען אידען, וועלכע זיינען אין די לעצטע יאהרצעהנטען אויסגעוואנדערט פון דייטשלאנד, רוסלאנד, רומעניען, עסטרייך אין פרייע לענדער און בעזונדערס אין אמע־ריקא, האבען אין זייער ליעבע און בעגייסטערונג פאר די נייע לענ־דער פון פרייהייט און רעכט היסטאריש בעשטעטיגט דעם אמת און דעם אדעל פון העס'ס געפיהל.

דער נצחון פון דייטשלאנד איבער פראנקרייך האט ארויס־גערופען ביי העס דעם טיעפסטען שמערץ. ער האט א רייהע פון ארטיקלען איבער פראנקרייך און די מלחמה פערעפענטליכט אין די צייטשריפטען "סאלידאריטע" און „פעפל בעלזש" און האט דיעזע ארטיקלען שפעטער ארויסגעגעבען אין ברוסעל אין א בוך: „א צושלאגענע נאציאן. די פעראייניגונג פון אלע פעלקער געגען דאס פרייסישע דייטשלאנד" (1871).

ניט געגען די פראנצויזישע אימפעריע פיהרט דייטשלאנד קריעג, נאר געגען דאס רעוואלוציאנערע פראנקרייך, כדי צו מאַ־כען א סוף צו דעם „הערד פון דער רעוואלוציאן". פרייסען האט נאר איין ציעל, ווי אין 1792 און 1814, פראנקרייך צו ערא־בערן, צו ערנידריגען, צו צוטיילען, פאריז צו פערברענען און ווערען דער האר פון אייראפא, כדי עס צו פער־וואנדלען אין א נייעם כינא. ניט פאר דאס שלעכטס, נאר פאר דאס גוטס, וואס פראנקרייך האט געטאן דער מענשהייט, ווערט עס פון דייטשלאנד אזוי געהאסט. פרייסען האט גארנישט

ניט געטאָן פאַר דער מענשהייט, פאַר דער פרייהייט. פערקעהרט, וואו מען האָט אונטערדריקט פעלקער, זיינען די דייטשען געווען דערביי. געגען דעם פאַן־גערמאַניזם וועט נאָך אַמאָל דער פאַן־סלאַוויזם זיין א גוטעס געגען־גיפט. היינט צווינגען די פרייסען ארויף זייער ציוויליזאַציאָן אויף די פוילען, אָבער דער טאָג פון נקמה וועט קומען אויף פאַר די סלאַווישע פעלקער, וועלכע ווערען יעצט דורך פרייסען פערהינדערט צו פערברידערן זיך מיט די גע־בילדעטע פרייע פעלקער פון מערב־אייראָפּאַ. זיי וועלען אריבער־שרייטען איבער דעם מת פון פרייסען און העלפען פערווירקליכען דעם גרויסען געדאַנק פון די פעראייניגטע שטאַאטען פון אייראָפּאַ.

האָם זיינען די אידעען, וועלכע העס האָט אויסגעשפּראָכען וועגען דעם דייטש־פראַנצויזישען קריעג און וועגען דייטשלאַנד אויף דעם שוועל פון דער דייטשער אימפּעריע. מיט דיעזע גע־פיהלען און געדאַנקען בנוגע צו דייטשלאַנד שטעהט העס ניט אליין, אויף מארקס האָט זיך אויסגעדריקט כמעט אין דעמזעלביגען גייסט. העס'ס אָבשאַצונג פון די פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע קרעפטען פון אייראָפּאַ און זיין רוף צו די פעראייניגטע שטאַאטען פון אייראָפּאַ זיינען אפשר דאַמאָלס נאָך ווייניג פערשטאַנען גע־וואָרען. אין יאָהר 1915 האָט די גאַנצע פערבלוטיגטע מענשהייט דערפיהלט און איבערגעלעבט, וואָס העס האָט נביאות געזאָגט אין 1871.

אין מאַי 1871 איז העס צוריקגעקומען פון ברוסעל אין פּאַריז, ווארום אלס דייטשען אונטערטאַן האָט מען בשעת דעם קריעג דעם „דייטש" העס ארויסגעשיקט פון פּאַריז. געבליבען האָט זיין רע־וואָלוציאָנערע נשמה, בשעת ער איז געקומען צוריק אין פּאַריז. פראַנקרייך איז ערֹאָבערט געוואָרען, און אין פּאַריז איז די קאָמונע דערשטיקט געוואָרען אין בלוט פון דעם העלדענהאַפטען פּראָלעטאַ־ריאַט. גאַליפע האָט געשאָסען די ארבייטער אין די טויזענדער. העס האָט זיך צוריקגעצויגען פון עפענטליכען לעבען און האָט זיך אין גאַנצען אָבגעגעבען צו זיינע שטודיען. פיעלע אַנדערע גרויסע רעוואָלוציאָנערען, ווי צום ביישפּיעל באַקונין, וועלכער האָט זיך ניט איינמאָל געטראָפען מיט העס'ן אויף זיין לעבענסוועג, האָבען אויך פערלאָרען דעם מוט, בשעת דייטשלאַנד האָט געזיעגט און ביסמארק האָט אָנגעהויבען צו רעגירען איבער דער וועלט. העס

האָט געזוכט זיין טרייסט און בערוהיגונג אין זיינע וויסענשאפטלי־
כע שטודיען.

נאָך זיין טויט, אין יאָהר 1877 איז דורך די בעמיהונג פון
זיין פרוי ערשיענען דער ערשטער טייל פון זיין סיסטעמאטישען
ווערק אונטער דעם נאָמען: „דינאמישע שטאָף־לעהרע“. אין דיע־
זען ווערק פיהרט העס דורך אויף א וויסענשאפטליכען אופן זיין
פריהער שוין ניט איינמאָל אויסגעשפּראָכענעם געדאנקען, דאָס די
גאנצע וועלט, די דריי לעבענס־ספּערען, די קאָסמישע, אָרגאנישע,
סאָציאַלע, זיינען א געשלאָסענע איינהייט. די וועלט איז אלל־
איינינג, אין אלע איהרע מאניגפאלטיגע פאנאנדערפאלענדע
ענדליכע ערשיינונגען. די „דינאמישע שטאָף־לעהרע“, וועל־
כע בעשעפטיגט זיך אין ערשטען טייל מיט דעם קאָסמאָס, מיט
דער הימעלבעשרייבונג, איז אָבער ניט קיין אבגעשלאָסענעס פאר־
טיגעס ווערק.

דעם 6טען אפּריל 1875, אין אלטער פון 63 יאָהר, איז משה
העס געשטאָרבען. אויף זיין וואונש האָט מען איהם מקבר געווען
אין דייטץ אָם רהיין אין דייטשלאנד נעבען די קברים פון זיינע
עלטערן. דייטשע, פראנצויזישע, פּוילישע סאָציאַליסטען האָבען
בעגלייטעט העס'ס מטה פון זיין וואהנונג אין פאריז צו דעם
באהנהאָף נאָך דייטשלאנד. טיעף ריהרענדע רעדען זיינען געהאל־
טען געוואָרען ביי דעם אָבשיעד, און דעם זוהן און קאָמענטאַ־
טאָר פון דער רעוואָלוציאָן איז צוגעזאָגט געוואָרען אן אייביגעס
אנדענקען אין דעם הארצען פון דעם פּראָלעטאריאט.

נאָר די דאמאָליגע אידישע פּרעסע האָט כמעט ניט דערמאנט
וועגען דעם טויט פון דעם פערפאסער פון „רוים און ירושלים“.

ערשט אונזער צייט ווערט רייף, כדי צו פערשטעהן און צו
ווירדיגען העס'ס געדאנקען, שטימונגען, אָנזאָגונגען, פאראויסזאָגונ־
גען, זיין נבואה און זיין לעבען. זיין פילאָזאָפיע, זיין גענעטישע
וועלטאנשויאונג פליעסט פון דעמזעלבינען קוואל, פון וועלכען עס
שטאמט בערגסאָן'ס פילאָזאָפיע פון דער שעפּפערישער עוואָלוציאָן.
די פרייע שעפּפונג פון העס, די שעפּפערישע צייט ביי
בערגסאָן, דער שאפענדער יהוה פון דער נבואה, זיינען נאָ־
הענטע בעגריפען צווישען זיך און שטאמען אלע פון איין מקור,
וועלכער איז טיעפער און אונבעוואוסטזיניגער איידער די אינדיווי־

דועלע לאָגיק, זיי שטאַמען פון „דעם שכל פון הארץ“, פון וועלכען פּאסקאל רעדט. די געשיכטס־פילאָזאָפישע געדאנקען פון העס מכח דאָס יודענטום, די תורה, די נבואה, דעם שבת, משיח, די אידישע געשיכטע, דאָס אידישע לעבען זיינען נאָך אמאָל ענטוויקעלט געוואָרען פון הרמן כהן, דעם בעדייטענדסטען פילאָזאָף פון יודענטום. העס איז געוועזן דער נביא פון ציוניזם, אָבער ער האָט פערשטאַנען דאָס אידישע לאנד אלס א סאָציאליסטישעס לאנד און די אידישע פּאָליטיק נאָר אלס א סאָציאליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק. זיין נשמה האָט געדורשט נאָך א נייער רעליגיאָן, א רעליגיאָן פון אמת און ליעבע אין לעבען. דורך זיין מוטיגען קאַמפּף פאר דעם אמת און זיין העלדישקייט אין זיין אייגענעם לעבען האָט ער געשטרעבט היילינג צו מאכען דאָס וואָרט דורך דאָס לעבען, די פילאָזאָפיע דורך די טהאט, און האָט געדיענט דיעזער נייער רעליגיאָן פון אמת און ליעבע.

# רוים און ירושלים

## פאָרוואָרט.

פון דער צייט אָן וואָס דער פאפסט אינאָסענץ דער דריטער האָט אָנגענומען דעם טייוועלשען בעשלוס, צו פערניכטען מאָראַליש די אידען, וועלכע האָבען דאַמאָלסט אריינגעבראַכט דאָס ליכט פון דער שפּאַנישער קולטור אין דער קריסטליכער וועלט, דורך דעם צוואַנג צו טראָגען אַ שאַנד־פלעק אויף זייערע קליידער, פון יענער צייט אָן ביז צו דעם רויב פון אַ אידישען קינד פון זיין עלטערן־הויז אונטער דער רעגיערונג פון דעם קאַרדינאַל אַנטאָנעלי, איז דאָס פּאַבסטליכע רוים געוועזן אַ גיפט־קוואַל פאַר אידען. ווען עס וועט אויסגעטריקענט ווערען דיזער גיפט־קוואַל, וועלען אויך אונזערע קריסטליך־גערמאַנישע אידען־פיינד אויסשטאַרבען פון מאַנגעל אין נאַהרונג.

ווען עס הערט אויף די פיינדליכע שטעלונג פון קריסטענטום צו דער קולטור, הערט אויך אויף איהר פיינדליכע שטעלונג צום יודענטום; ווען עס בעפרייט זיך די אייבּיגע שטאָדט אויף דעם טייך טיבער, הויבט זיך אָן די בעפרייאונג פון דער אייביגער שטאָדט אויף דעם הר מוריה; ווען איטאַליען לעבט אויף, לעבט אויף יהודה. — אויך די פער׳יתומ׳טע קינדער פון ירושלים וועלען זיך בעטייליגען אין דעם גרויסען תחית המתים פון די פעלקער פון דעם ווינטער־שלאָף פון מיטעלאַלטער און זיינע בייזע חלומות.

דער פעלקער־פריהלינג האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן; דאָס יאָהר 1789 איז געווען דער פריהלינגס־טאָג פון די היסטאָרישע פעלקער. די תחית המתים פון די פעלקער איז ניט קיין וואונדער מעהר אין אַ צייט, ווען גריכענלאַנד און רוים ערוואַכען, ווען פוילען אָטעמט אויף, אונגאַרן גרייט זיך צום לעצטען קאַמפף, און עס בערייטעט זיך פאַר אַן אויפשטאַנד פון אַלע יענע אונטערדריקטע ראַסען, וועלכע ווערען מיסברויכט און

אויסגעזויגען פון אזיאטישער בארבאריי און איירָאפּעאישער ציווי־לִיזאַציאָן, און וועלכע הויבען אָן יעצט זיך אויפצולעהנען געגען דאָס הערשער־רעכט פון די הערשענדע ראסען.

צו די פּאָר טויט פערדעכענטע פעלקער געהערט אויך דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס האָט ניט אומזיסט געקעמפּפט צוויי טויזענד יאָהר געגען די שטורעמס פון דער וועלט־געשיכטע און האָט פון אַלע עקען פון דער וועלט, וואוהין די געשעהענישען האָבען איהם פערטראָגען, געווענדעט און ווענדעט נאָך עד היום זיין בליק צו ירושלים. מיט דעם זיכערען ראסען־אינסטינקט פון זיין קולטור־היסטאָרישער מיסיאָן, וועלכע בעשטעהט אין דער אחדות פון דער וועלט און די מענשען און זייער פערברידערונג אין נאָמען פון זייער אייביגען שעפּפער, דעם אל־איינעם,— מיט דיעזען אינסטינקט האָט דיעזעס פאָלק דערהאַלטען זיין נאַציאָנאַליטעט און זיין רעלי־גיאָן און זיי ביידע פערבונדען אין זיין ארץ־אבות. קיין מאָדער־נעס פאָלק, וועלכעס קעמפּפט פאַר א פאָטערלאַנד, קען ניט אָבזאָגען אין א פאָטערלאַנד דעם אידישען פאָלק, ווארים אויב ניט פאַלט עס אריין אין א סתירה מיט זיך זעלבסט און בעגעהט א מאָראַ־לישען זעלבסטמאָרד אָן זיך זעלבסט.

דעם פּאָראורטיילס־פרייען פרעמדען בעאָבאַכטער זעהט אויס די אידישע נאַציאָנאַליטעטס־פראַגע צייטגעמעס, ניט אָבער דעם „קולטורעלען" איד אין דייטשלאַנד. ווארים אין דייטשלאַנד ווייזט אָן דער רעאַקציאָנערער און דער ליבעראַלער אידען־פיינד אויף דעם חלוק צווישען דער אידישער און גערמאַנישער ראסע. אין דייטש־לאַנד איז די אידישע נאַציאָנאַליטעט נאָך דער לעצטער ארגומענט געגען די פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פון אידען. אין דייטשלאַנד שטרעבען די אידען זייט מענדעלסאָן צו דער פּאָליטישער און סאָציאַלער גלייכבערעכטיגונג, אָבער אָהן ערפאָלג, אָבוואָהל זיי בעטייליגען זיך לעבהאַפט אין דער דייטשער קולטור, אָבוואָהל זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט פון זייער נאַציאָנאַליטעט און זוכען זיך מיט אַלע כחות צו גערמאַניזירען.

דאָס וואָס א ברודער האָט ניט בעקומען פון אַ ברודער, א מענש פון א מענשען, דאָס וועט בעקומען א פאָלק פון א פאָלק, א נאַציאָן פון א נאַציאָן. אין דעם לעצטען איירָאפּעאישען פריי־

הײמס־קריעג קען עס פאר קײן פאָלק ניט זײן גלײכגילטיג, אויב עס וועט האָבען אַן אַנדערעס פאָלק פאר זײנעם אַ פרײנד אָדער אַ שונא.

*
* *

די שטימען, וועלכע לאָזען זיך הײנט הערען פון אומעדום פיר די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט פון דעם פאָלק ישראל, זײנען קודם כל בערעכטיגט דורך דעם אידישען קולט, דורך דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון יודענטום. אָבער אויך די אַלגעמײנע ענטוויקלונג פון דער וועלטגעשיכטע און איהר רעזולטאַט: די געגענווערטיגע לאַגע, פיהרט צו דער אידישער אויפלעבונג.

אין די בריעף ווערט קודם כל בעטאָנט די ערשטע, די אינ־ווענדיגע בערעכטיגונג. דער פערפאַסער האָט זיך דערפאַר געמוזט אויסשפּרעכען אַקוראַט אַזוי געגען די ראַציאָנאַליסטישע און פּילאָנ־טראָפּישע אילוזיאָנען, וועלכע פערלײקענען די נאַציאָנאַלע בעדײ־טונג פון אידישען קולט, אַזוי ווי אויך געגען די אָרטאָדאָקסען, וועלכע וואַרפען זיך אַרײן אין דעם שוים פון דער גליקליכער אונ־וויסענהײט, ווײל זײ זײנען ניט פעהיג צו ענטוויקלען אונזער געשיכטס־רעליגיאָן צו דער הויכקײט פון דער מאָדער־נער וויסענשאַפט. דערמיט האָט זיך דער פערפאַסער דערנעהנטער׳ט צו דעם וועג פון שלום, וועלכער פערנעהמט אַלץ מעהר דעם פּלאַץ פון דער מלחמה צווישען רעפאָרם און אָרטאָדאָקסיע.

אַ דאַנק די נײע אַרבײטען פון די אידישע געלעהרטע, אַ דאַנק די רײצענדע שילדערונגען פון אידישען לעבען פון טאַלאַנטפולע ראָמאַן־שרײבער און פּאָעטען, האָט אונזער נאַציאָנאַל־הומאַניטערער געשיכטס־קולט געפונען איצט אָנהענגער אפילו אונטער יענע, וועלכע האָבען געמײנט פריהער, דאָס אויפקלערונג מײנט אָבפאַלונג פון יודענטום. אויף דעם באָדען פון דער נײערער אידישער קריטיק איז שוין ניטאָ קײן חלוק צווישען רעפאָרם און אָרטאָדאָקסיע. די מאָטיווען, וועלכע ווערען אין די בריעף געבראַכט פאר די אידישע אויפלעבונג, שליסען זיך אָן אָן די מאָדערנע וויסענשאַפט.

„די געשיכטע פון דער נאָך־תלמוד׳ישער צײט“, זאָגט דער

בצדייטענדסטער אידישער היסטאָריקער*), האָט נאָך אַלץ א נ א צ י אָ נ א ל ע ן  כאראקטער;  זי איז ניט נאָר געשיכטע פון רעליגיאָן אָדער קירכע.״

„אלס געשיכטע פון א פאָלק״, זאָגט ווייטער אונזער היס־טאָריקער, „איז די אידישע געשיכטע ניט בלויז א ליטעראַטור־געשיכטע אָדער קירכען־געשיכטע, נאָר די ליטעראַטור און די רעלי־גיעזע ענטוויקילונג זיינען, אזוי ווי דאָס טראגישע מארטירערטום פון דיעזען פאָלק, נאָר איינצעלנע מאָמענטען אין זיין געשיכטע, און ניט איהר גאַנצעס וועזען.״

די היסטאָרישע קריטיק איז געקומען אויף דעם פּלאַץ פון יענע „רעפאָרמאַטאָרען״, וועלכע האָבען געוואָלט אַבטיילען אין יודענטום דעם פּאָליטישען תוכן פון דעם רעליגיעזען, אָדער וועלכע זעהען ניט דעם נאַציאָנאַלען לעבענס־קוואַל, פון וואַנען עס פליסט די תלמוד׳ישע ליטעראַטור אזוי ווי די ביבלישע, און מיינען, דאָס די תלמוד׳ישע ליטעראַטור איז מעהר ניט ווי אַן אויסערליכע צופּאַ־סונג צו די פערענדערליכע פערהעלטעניסען פון דער צייט.

פּיעלע אויפגעקלערטע אידען, וועלכע האָבען געבראַכען מיט דער פערשטיינערטער אָרטאָדאָקסיע, האָבען זיך שוין אָנגעהויבען צו פערטיעפען אין דעם נאַציאָנאַלען תוכן פון יודענטום און זיך אָבגעזאָגט פון דעם אויבערפלעכליכען ראַציאָנאַליזם, וועלכער פיהרט נאָר צו דער אָבפאַלונג און גלייכגילטיגקייט צום יודענטום, און ניט צו דער וויעדער־אויפלעבונג פון זיין שעפּפערישען גייסט. אָבער אויך פּיעלע רבנים, וועלכע איך האָב געהאַט דאָס גליק צו קענען אין מיין יוגענד, בלייבען ניט אָבגעשטאַנען יעצט אין וויסענ־שאַפט און בילדונג. די נייע ראַבינער־שולען, נאָך דעם מוסטער פון דער ברעסלאַוער, וועלען שוין גאַנץ צודעקען דעם אָבגרונד, וועלכער האָט זיך געעפענט צווישען דעם ניהיליזם פון דער רעפאָרם, וועלכע האָט גאָרנישט ניט געלערענט, און דער רעאַקציאָן, וועלכע האָט גאָרנישט ניט פערגעסען. א מילדער שלום־ברענגענדער לעבענסווינד בלאָזט שוין דאָרט, וואו מיט איניגע צעהנדליג יאָהר־

*) גרעץ : געשיכטע פון אידען, 5 חלק, איינלייטונג, זייטע 3.

צוריק האט דאס ארטאדאקסע אייז געוואלט אלעם פערפריהרען און דער רעפארמאטארישער פייער־ווינד אלעס פערברענען.

* *
*

די אלגעמיינע ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דעם סאציאלען לעבען און איהרע רעזולטאטען, די היינטיגע נאציאנאליטעטס־שטרעבונ־גען, וועלען דא בעטראכטעט ווערען, כדי צו בעלייכטען די נאך ניט געענדיגטע אויפגאבע פון יודענטום, כדי אנצודייטען, דאס די היינ־טיגע וועלט־לאגע דארף שטיצען די גרינדונג פון אידישע קאלאניען ביים סועץ־קאנאל און אויף די ברעגען פון ירדן, און כדי ארויסצו־ברענגען, דאס הינטער די נאציאנאלע בעפרייאונגס־פראגען, וועלכע שטורעמען היינט אין דער וועלט, שטעהט נאך די אוראלטע ראסען־פראגע, וועלכע מוז פערענטפערט ווערען, איידער די פאליטיש־סאציאלע פראגען קענען געלייזט ווערען.

כדי צו פערענטפערען די צווייפלען, וועלכע דער דייטשער ראסען־שאוויניזם און די אבגעשטאנענע אידישע וויסענשאפט וואלטען געקאנט מאכען געגען מיין וועלט־אנשויאונג בכלל, און בעזונדערס אין צוזאמענהאנג מיט דעם יודענטום, האב איך געשרי־בען דעם עפילאג, וועלכער קען בעטראכט ווערען אלס א י י ג־ל י י ט ו נ ג צו דיזע בריעף. אין דעם עפילאג אזוי ווי אין די נ א ט ע ן, וועלכע שטעהען ביים ענדע פון דעם בוך, איז אויך דער פלאץ פיר די פילאזאפישע ארומערדונג און די וויסענשאפטליכע בעגרינדונג פון אייניגע פרינציפען און טהאטזאכען, וועלכע זיינען אין די בריעף נאר איבערפלעכליך אנגעריהרט געווארען.

דער פערפאסער.

ק ע ל ן, מאי, 1862.



## ערשטער בריעף.

די צוריקקעהרונג אהיים. — די אידישע פרויען. — א קוואל פון דער אידישער געשיכטס־רעליגיאָן. — פאמיליען־ליעבע. — מאַטער דאָלאָראָזאַ.

אַט שטעה איך נאָך אַמאָל נאָך א צוואנציג־יעהריגער פער־פרעמדונג אין דער מיטען פון מיין פאָלק און נעהם אנטייל אין זיינע ימים־טובים, זיינע זכרונות און האָפנונגען, זיינע גייסטינע מלחמות צווישען זיך גופא און מיט די קולטור־פעלקער, צווישען וועלכע עס לעבט, און מיט וועלכע עס קען זיך ניט אָרגאַניש צונויפוואקסען.

א געדאנקען, וועלכען איך האָב שוין געהאלטען פאר דער־שטיקט אין מיין הארצען, שטעהט ווידער לעבעדיג פאר מיר: דער געדאנקען וועגען מיין נאציאָנאליטעט, וועלכע איז פערבונדען מיט מיין ירושת אבות, מיט דעם הייליגען לאנד און דער אייביגער שטאָדט, מיט דעם געבורטסאָרט פון דעם גלויבען אין די געטליכע איינהייט פון לעבען און די צוקינפטיגע פערברידערונג פון אלע מענשען.

דיעזער לעבעדיג בעגראָבענער געדאנקען האָט שוין זייט יאָה־רען געקלאפט אין מיין הארצען און געזוכט זיך ארויסצורייסען. עס האָט מיר אָבער געפעהלט די קראפט אריבערצוגעהן פון מיין וועג, וועלכער איז געלעגען אזוי וויט פון יודענטום, צו דעם נייעם וועג, וועלכער איז געלעגען פאר מיר נאָך אין נעבעלהאפטער וויטקייט.

איז עס א צופאל, דאָס יעדעס מאָל ווען איך שטעה פאר א נייער ריכטונג, ערשיינט אַן אונגליקליכע פרוי אויף מיין לעבענס־וועג און גיט מיר מוטה און קראפט, צו וואנדערען אויף אַן אונבע־קאנטען וועג?

אָה, ווי פאלש איז די מיינונג, דאָס פרויען האָבען געהאט א קליינע ווירקונג אויף די ענטוויקלונג פון יודענטום און אידען. — פערקעהרט, עס ווערט געזאָגט פון די פרויען, דאָס א דאנק זייער

ריינקייט זיינען אידען אויסגעלייזט געווארען און וועלען נאך אויס־געלייזט ווערען. *)

ערשט ווען איך האב איך געזעהן אין אייער שמערץ, האט זיך געעפענט מיין הארץ, און עס האט אויפגעלעבט מיין איינגע־שלאפענער פאלקס־געדאנקען; איך האב ענטדעקט דעם קוואל, פון וואנען עס שטאמט אייער גלויבען אין די אייביגקייט פון דעם גייסט.

אייער אונענדליכער שמערץ וועגען דעם טויט פון א טייערען נאהענטען מענש האט מיך געבראכט אינגאנצען צו דעם ענטשלוס: ארויסצוטרעטען פיר די נאציאנאלע ווידערגעבורט פון מיין פאלק. אויף אזעלכע אונבעגרעניצטע פאמילען־ליעבע איז נאר פעהיג א אידישעם הארץ. און דיעזע ליעבע איז דער נאטירליכער קוואל פון יענער אינטעלעקטועלער ליעבע צו גאט, וועלכע איז לויט ספינאזא די העכסטע מדרגה, צו וועלכער דער גייסט קען זיך אויפהויבען. פון דעם אונערשעפליכען קוואל פון דער אידישער פאמיליען־ליעבע שטאמען די ערלעזער פון דער מענשהייט.

„דורך דיך“, זאגט דער געטליכער געניוס פון דער אידישער פאמיליע, „וועלען אלע משפחות פון דער ערד געבענשט ווערען.“

יעדער איד האט אין זיך דעם שטאף צו א משיח, יעדע אידין דעם שטאף צו א מאטער דאלאראזא.

---

## צווייטער בריעף.

גערדאנקען וועגען טויט און אויפערשטעהונג. — פאמיליען־קברים. — פערוואנדטע נשמות. — די אידישע און די אינדישע היילינע. — שאפענהויער. — אחרית הימים. — דער שבת פון דער געשיכטע.

דער שמערץ אזוי ווי די פרייד זיינען אנשטעקענד. איהר, מיין פריינדין, האט מיך אנגעשטעקט מיט אייערע געדאנקען וועגען טויט און אויפערשטעהונג. איך פלעג קיינמאל ניט געהן צו קברים, איצט ציהט מיך אהין. צום ערשטען מאל זייט דעם פריהען טויט פון מיין מוטער בין איך געוועזן אויפ'ן בית־עולם, וואו מיין מוטער

*) נאטע 1.

ליעגט, און וואו מען האט שפעטער אין מיין אבוועזענהייט מקבר געווען מיין פאטער. — איך האב פערגעסען דעם קדיש און האב אנשטאט דעם געזאגט פון דער שמונה־עשרה: „אתה גבור לעולם יהוה מחיה מתים אתה“... דא האב איך דערזעהן אן איינזאמע בלום אויף א קבר פון דער נאהענט. איך האב זי גענומען און אריינגעלעגט צווישען מיינע פאפיערען. אין דער היים האב איך זיך ערשט דערוואוסט, ווער עס ליעגט אונטער דעם קבר. — איך האב זיך דערוואוסט, דאס דער אוצר, ווי איהר האט אנגערופען די ארימע בלום, איז פאר אייך בעשטימט.

עס זיינען פאראן געהיימניספולע בעציהונגען צווישען די געשטארבענע און די לעבעדיגע, אבוואהל זיי וועלען בלייבען שטענדיג א סוד. ווען די פעדים פון לעבען ווערען דורכגעשניטען, ווערען אבער ניט דורכגעשניטען די פעדים פון די גייסטער, וועלכע פערבינדען די נשמות אין דער צייט און דער אייביגקייט:

די געשטארבענע נשמות
זיי לעבען נאך אין גייסט.

דערפאר האב איך ליעב בעקומען דעם טויט. — ניט ווייל איך האס דאס לעבען; ניין, איך ליעב אויך דאס לעבען, אבער נאר אזוי ווי דער גרעסטער דענקער ספינאזא האט עס געליעבט. — וואס הומאנער, וואס הייליגער, וואס געטליכער דאס לעבען איז, אלץ מעהר זיינען לעבען און טויט פון גלייכען ווערט.

נאר די אידען האבען זיך געקענט אויפהויבען צו אזא הויכקייט, וואו לעבען און טויט האבען דעם גלייכען ווערט, אבער פון דעם לעבען האבען זיי זיך ניט אבגעזאגט. — מיט אכצעהן־הונדערט יאהר צוריק שוין האט א איד, וועלכען די אומות העולם האבען פערגעטערט אלס זייער ערלעזער, געפונען דעם שטיצפונקט אויסערהאלב פון דער וועלט, פון וועלכען ער האט געוואלט איבערקעהרען די וועלט.

די גרויסע לעהרער פון דער ערקענטניס פון גאט, פון דעת יהוה זיינען שטענדיג געווען אידען. אונזער פאלק האט ניט נאר אין אלטערטום בעשאפען די ערהאבענסטע רעליגיאן פון דער גאנצער וועלט, נאר עס האט זי אויך ענטוויקעלט ווייטער לויט דעם פארטשריט פון דער מענשהייט. און דיזע מיסיאן וועט פאר

איהם בלייבען ביז צו דעם אחרית הימים, ווען עס וועט ווערען ומלאה הארץ דעה. ווארים דער אחרית הימים, פון וועלכען דאס יודענטום האט שטענדיג נבואה געזאגט, איז ניט דאס ענדע פון דער וועלט, ווי אנדערע פעלקער האבען עס פאלש פערשטאנען, נאר עס איז דער סוף פון דער ענטוויקלונג און די העכסטע ערצי־הונג פון דער מענשהייט.

מיר שטעהען ערב דעם געשיכטליכען שבת און מוזען אונז פארבערייטען צו אונזער מיסיאן, פערשטעהענדיג אונזער געשיכטס־רעליגיאן.

קיין ווארט פון אונזערע הייליגע שריפטען ווערט ניט פער־שטאנען ריכטיג, זאלאנג מען ווייס ניט דעם געזיכטספונקט, פון וועלכען דער אידישער געניוס האט זיי בעשאפען. — די עגאיסטישע ערלעזונג פון דער נשמה פון דעם איזאלירטען יחיד איז דעם יודענ־טום פאלשטענדיג פרעמד. — דאס יודענטום טיילט ניט אב דעם יחיד פון דער פאמיליע, די פאמיליע פון דער נאציאן, די נאציאן פון דער מענשהייט, די מענשהייט פון דער שעפפונג, די שעפפונג פון דעם שעפפער. דאס יודענטום האט ניט קיין אנדערען דאגמאט (עיקר), ווי דיעזע לעהרע פון דער איינהייט. אבער דיעזער דאג־מאט איז ניט קיין פערשטיינערטער טויטער גלויבען, נאר א לעבע־דיגע שעפפערישע אידעע, וועלכע ווארצעלט אין דער פאמיליען־ליעבע, בליהט אין דעם פאטריאטיזם, און ברענגט רייפע פרוכט אין דער מאדערנער בענייטער מענשליכער געזעלשאפט. — דאס יודענ־טום וואלט אבגעשטארבען אין דאגמאטען, אזוי ווי די רעליגיאנען, וועלכע זיינען פון איהם ארויסגעקומען, ווען זיין רעליגיאן וואלט ניט געווען דער פראדוקט פון זיין לעבען. דאס יודענטום איז ניט קיין פאסיווע רעליגיאן, נאר אן אקטיווע ערקענטניס, וועלכע איז צונויפגעוואקסען מיט דער אידישער נאציאנאליטעט. — דאס יודענטום איז קודם כל א נאציאנאליטעט, וואס איהר געשיכטע געהט האנד אין האנד מיט דער געשיכטע פון דער מענשהייט, א נאציאן, וועלכע האט שוין אמאל ארויסגערופען די אויפלעבונג פון דער סאציאלער וועלט, און וועלכע לעבט אויף היינט מיט דער ווידעראויפלעבונג פון די היסטארישע קולטור־פעלקער.

## דריטער בריעף.

אונשטערבליכקייט. — רבי יוחנן. — רמבן. — משיחיות. — פאטער אונזער. — סאלידאריטעט. — פראנקרייך'ס רוף און דער רעאקציאָ־נערער געשריי.

איהר וואונדערט זיך, וואָס אין דער תורה איז ניטאָ גאָרנישט וועגען אונשטערבליכקייט. — איהר זייט ניט בעפריעדיגט דער־מיט, ווי די אגדתא און די מאָדערנע אידישע און קריסטליכע ווי־סענשאפט טייטשען אוים דעם גלויבען אין די אונשטערבליכקייט פון דער תורה. — ווען משה און די נביאים וואָלטען געגלויבט אין א יענע וועלט, ווי דאָס קריסטענטום, וואָלטען זיי געוויס גערערט וועגען דעם. — איך לייקען ניט דיעזען פאקט. ווען איהר מאכט אָבער דערפאר א פאָרוואורף געגען די תורה, פערגעסט איהר ווידער דעם היסטאָרישען געזיכטספונקט פון דער הייליגער געשיכטע, וועלכע טיילט ניט אָב דעם יחיד פון זיין שטאם, די נאציאָן פון דער מענשהייט, די שעפפונג פון דעם שעפפער. — איהר פער־געסט, דאָס דער טייל פון אונזערע הייליגע שריפטען, וואו עס רעדט זיך ניט פון דער אונשטערבליכקייט, איז ענטשטאנען אין א צייט, ווען די אידישע נאציאָן איז נאָך ניט אונטערגעגאנגען און האָט ניט געקענט האָבען קיין געדאנקען וועגען תחית המתים. — דער אידישער גלויבען אין די אונשטערבליכקייט קען ניט אָבגע־טיילט ווערען פון דעם נאציאָנאל־מענשליכען גלויבען אין משיח. ערשט מיט משיח און דער מלכות המשיח, זאָגט ר' יוחנן, איז דערגרייכט געוואָרען דאָס ציעל פון דער שעפפונג. — אַלע נביאים, זאָגט ער ווייטער, רעדען אין זייערע נבואות פון מלכות המשיח; פון יענער וועלט וויים נאָר גאָט אליין. — אויך אין דעם רבנ'ישען יודענטום איז יענע וועלט ניט אונטערשיעדען שטארק פון דער מלכות המשיח. דער רמב"ן בעשטעהט דערויף, געגען דעם רמב"ם, דאָס מלכות המשיח און עולם הבא זיינען איינס און דאָס זעלבע. דאָס יודענטום האָט ניט געדאָרפט בעזונדערס בעטאָנען די אייביג־קייט פון גייסט, וואָרים זיין גאַנצע געשיכטע איז די פערקערפע־רונג פון דיעזער אידעע. בשעת עס איז אין סוף פון בית ראשון ארויפגעקומען דער געדאנקען פון דעם נאציאָנאַלען אונטערגאַנג

און דער ווידערגעבורט נישט פון אידישען פאלק, איז אויך דער-וועקט געווארען דער געדאנקען פון דער אונשטערבליכקייט. שוין דער נביא ישעיהו מאכט אן אונטערשיעד צווישען די אומות, וועלכע וועלען אויסשטארבען אהן א זכר, און דעם פאלק ישראל, וואס וועט אויפלעבען, און וואס זיין טויט איז נאר די חבלי לידה פון דער מלכות המשיח (ישעיה כ"ו, י"ד—י"ט).

אפילו אין אורקריסטענטום, זאלאנג עס איז ניט אבגעפאלען פון נאציאנאלען יודענטום, האט נאך געלעבט די אידישע פאלקס-אידעע, אין וועלכער תחית המתים, מלכות השמים און עולם הבא האבען אייגענטליך בעדייטעט די ימי המשיח, דעם מלכות הרוח, וואס זיין אנקומען ווערט ערווארטעט נאך אין די עוואנגעליען און אין דער עכט-אידישער תפילה: „פאטער אונזער".

אויך די לעצטע תורה פון דעם אידישען גייסט וועגען לעבען און טויט, די פילאזאפיע פון ספינאזא, האט גארנישט צו טהאן מיט יענער אטאמיסטישער אונשטערבליכקייט, וועלכע לעזט אויף דאס אייניגע לעבען ספיריטואליסטיש אדער מאטעריאליסטיש, און וואס איהר העכסטער רעליגיעזער און מאראלישער פרינציפ איז דער עגאיסטישער פרינציפ: יעדערער פאר זיך. קיין פאלק איז ניט אזוי וויט פון דיעזען עגאיזם, ווי דאס אידישע. ביי די אידען איז דאס העכסטע פרינציפ די סאלידאריטעט [1]. אין די פרקי אבות ווערט ערקלערט יענע בורזשואזנע מאראל, לויט וועלכער יעדער איינצעלנער שטעהט נאר פאר זיך, פאר א שלעכטע מדה [2]. ביי ספינאזא, ווי ביי אלע אידישע הייליגע, שטעהט ניט דער פרט אבגעטיילט פון כלל. — די אייביגקייט הויבט זיך ניט אן, לויט ספינאזא, נאך דעם טויט, נאר זי שטעהט, ווי גאט, שטענדיג פאר אונז.

נאר ווייניגע האבען אין זיך דעם גייסט, וועלכער האט בע-גייסטערט די אידישע הייליגע. יעדערער וויל האבען זיין שטיקעל אונשטערבליכקייט פאר זיך אליין. דער אחרית הימים איז נאך וויט, אבער אמאל וועט דער הייליגער גייסט פון אונזער פאלק ווערען דער אוצר פון דער גאנצער מענשהייט. אמאל וועט די גאנצע ערד ווערען א טעמפעל, וואו עס וועט רוהען גאט'ס גייסט. דער מלכות הרוח, וועלכער איז אנגעזאגט געווארען בנבואה אין

דער תורה, איז אריבערגעטראָגען געוואָרען אַמאָל אויף דעם עולם הבא. ספינאָזא האָט דער ערשטער פערשטאַנען דעם מלכות הרוח אַלס אַ געגענווערטיגען. ער עקזיסטירט שוין, אָבער אַלס אַ ליב־טיגע שפּראָצונג דערווייל. כדי דיעזע שפּראָצונג ווייטער צו ענט־וויקלען צו סאָציאַלע שעפּפונגען, ארבייטען דייטשלאַנד, פראַנק־רייך און ענגלאַנד. — דייטשלאַנד האָט אויסגעטראָטען דעם וועג פון פילאָזאָפיע; דעם וועג פאַר סאָציאַל־פּאָליטישע איבערקעהע־נישען האָבען אויסגעטראָטען די פראַנצויזען פאר אַלע נאַציאָנען זייט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן; דער פּאָרטשריט פון דער אינדוסטריעלער ארבייט געהט ארויס פון ענגלאַנד.

די אידען האָבען שוין זייט לאַנגער צייט דערפיהלט, דאָס דער קאַמפּף פון די פעלקער, וועלכע קעמפּפען צוזאַמען מיט פראַנקרייך פיר זייער נאַציאָנאַלער וויעדערגעבורט, איז זייער איי־גענער קאַמפּף, און זיי האָבען זיך אומעדום אַנגעשלאָסען מיט בעגייסטערונג אַן די פּאָליטיש־סאָציאַלע בעוועגונגען. — עס איז געקומען די צייט, רופט צו אידען אַ פראַנצויזישער דעמאָקראַט, דאָס איהר זאָלט אַ קלער טאָן וועגען אייך זעלבסט און אָנהויבען ארבייטען פאר אייער אייגענער ווידערגעבורט 3). איינס שליסט אָבער גאָרנישט אויס דאָס אַנדערע. ווען איך ארבייט פאר די וויע־דעראויפלעבונג פון מיין אייגען פאָלק, האָב איך זיך ניט אָבגעזאָגט דערפאַר פון מיינע אַלמענשליכע בעשטרעבונגען. די היינטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונג איז נאָר אַ נייער שפּרונג אויף דעם וועג, וועלכען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן געהט זייט איהר אָנפאַנג. דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט זייט דער רעוואָלוציאָן גערופען אַלע פעלקער צו הילף. אָבער די פעלקער זיינען געבליבען על פי רוב טויב צו דיעזען געשריי, זיי האָבען צוגעהערט זיך מעהר צו דעם רעאַקציאָנערען ליארעם אין זייערע אייגענע לענדער. — היינט פערטויבט דיעזער ליארעם אין איניגע טיילען פון דייטשלאַנד העכסטענס דאָס פאָלק, וועלכעס איז אריינגעשווינדעלט געוואָרען אין אַ ווילדער בעגייסטערונג פאַר זיינע קעניגען און קריעגס־פיהרער. אַלע אַנדערע פעלקער פערשטעהען פראַנקרייך׳ס רוף. דיעזער רוף איז דערגאַנגען אויך צו מיין אַלטען פאָלק, און איך וויל פעראייניגען מיין שטימע מיט דער פראַנצויזישער, כדי צו

וואַרענען וועניגסטענס מיינע ברידער אין דייטשלאַנד נעגען דיעזען רעאַקציאָנערען ליארעם.

## אַנמערקונגען.

1) די אידישע סאָלידאַריטעט: כל ישראל ערבים זה בזה, ווערט אויך אויסגעדריקט דורך קידוש השם.

2) פערגלייך נאָטע 5, וואו עס זיינען ביים שלום אַנגעגעבען די פיער מיינונגען פון פרקי אבות וועגען מיין און דיין. די בור־זשואַזנע מאָראַל ווערט דאָרטען קריטיקירט אויף אַזא אופן: האומר שלי שלי ושלך שלך זו מדה בינונית ויש אומרים זו מדת סדום.

אַן אַנדער אויסשפרוך אין אבות, וועלכער ווערט אויסגעדריקט פערקעהרט אין אבות דרבי נתן, פערזאָגט: מיר זאָלען ניט זיין ווי קנעכט, וועלכע דיענען פאַר לוין, נאָר ווי קינדער, וועלכע טהוען די געטליכע ארבייט אוים עהרפורכט פאַר דעם פאָטער פון אַלע בעשעפענישען.

בנוגע צו דעם גלויבען אין אונשטערבליכקייט איז דיעזע לעהרע גלייכגילטיג (פערגלייך עפילאָג 3).

3) פערגלייך: „נייע אָריענטאַלישע פראַגע“ אין עלפטען בריעף.

4) פערגלייך עפילאָג 6.

---

## פיערטער בריעף.

דער דייטשער אידען־האס. — פאַטריאָטישע ראמאנטיקער און פילאָזאָפי־רענדע בוכהענדלער. — אטטא וויגאנד. — בערטאלד אויערבאך. — מאָלעשאָט. — דר. גאַלאַוואַרדין. — די רעפאָרם און די אידישע נעז. — א פאָטאָגראַפישער פאָרטרעט. — העברעאישע תפלות. — פאָט־ריאָטיזם. — מיין גראָספאטער. — די מאָמע רחל. — נאַציאָנאַלער טרויער. — שבת חזון.

די דייטשע בילדונג קען הפנים ניט מאַכען שלום מיט דער אידישער נאַציאָנאַלער אידעע. — וואָלט איך ניט געלעבט אין פראַנקרייך, וואָלט עס מיר ניט קומען אויף דעם געדאַנקען מיך צו פעראינטערעסירען פאַר די ווידעראויפלעבונג פון אונזער

נאציאָן; אזוי זיינען דאָס אונזערע אָנשויאונגען אָבהענגיג פון דער ארומיגער געזעלשאפט. יעדעס פאָלק ווי יעדער אינדיווי־דואום האָט זיין ספּעציאַליטעט. יעדער מענש אזוי ווי יעדעס פאָלק איז אפילו א פאָליטישע, אָדער בעסער געזאָגט א סאָציאַלע חיה; אָבער אין דער סאָציאַלער וועלט האָט דאָך יעדערער זיין בעזונדערען בערוף, און דער דייטש איז צופיעל אַן אוניווערזעלער פילאָזאָף, דאָס ער זאָל זיך קענען באמת אינטערעסירען פאר נאציאָ־נאַלע שטרעבונגען.

„די גאַנצע טענדענץ“, אזוי האָט מיר געשריבען מיין אמאָלי־גער פערלעגער אָטטאָ וויגאנד, ווען איך האָב איהם פאָרגעלעגט דיעזען בוך, „איז געגען מיין ריין מענשליכע נאַטור.“

די „ריין מענשליכע נאַטור“ פון דעם דייטש איז די נאַטור פון דער ריין דייטשער ראַסע, וועלכע איז אין דער טעאָריע אפילו אַלמענשליך, אין פּראַקטישען לעבען אָבער עגאָיסטיש. די שנאה פון דעם דייטש געגען די אידישע נאציאָנאַלע שטרעבונגען האָט א דאָפּעלטען גרונד. די אַלמענשליכע שטרעבונגען פון דעם דייטש זיינען געגען נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. געגען א י ד י ש ע נאַ־ציאָנאַלע שטרעבונגען האָט דער דייטש נאָך א בעזונדערע ראַסען־אַנטיפּאַטיע. דערזעלביגער דייטשער פערלעגער, וואָס זיין „ריין מענשליכע נאַטור“ האָט א פיינדשאפט געגען שריפטען פ א ר די אידישע נאַציאָנאַליטעט, דרוקט אָהן יעדע פיינדשאפט שריפטען ג ע ג ע ן דאָס יודענטום, און נאָר אויס דעם אָנגעבאָרענעם ראַסען־אנטאַגאָניזם.*) דער דייטש האָט אָבער ניט קיין קלאָרען בעוואוסט־זיין וועגען זיינע ראַסען־פּאָראורטיילען. ער זעהט אין זיינע עגאָיס־טישע ווי גייסטיגע שטרעבונגען נאָר „אַלמענשליכע“ טענדענצען; ער וויים אָבער ניט, דאָס מיט די גייסטיגע שטרעבונגען לעבט ער אין דער טעאָריע, מיט די עגאָיסטישע אין דעם פּראַקטישען לעבען.

אויך די געבילדעטע דייטשע אידען האָבען גענוג מאָטיווען, פאר וואָס זיך אָבצואָווענדען פון די אידישע נאַציאָנאַלע שטרע־בונגען. — מיין אַלטער ליעבער פריינד ב ע ר ט ה א ל ד א ו י ע ר־ב א ך איז אקוראט אזוי געגען מיר, ווי מיין אַלטער פערלעגער,

*) נאָטע 3.

אבוואָהל אמת פון א גאַנץ אנדערען גרונד. ער מאַכט מיר שווערע פאַרוווירפען און רופט אויס: „וואָער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ ריכטער איבער אונז 1)?“ דער דייטשער איד זוכט צוליעב דעם ארומיגען אידען־האַס אראָבצוואוואַרפען פון זיך אַלעס אידישע און פערלייקענען זיין ראַסע. קיין רעפאָרם פון דעם אידישען קולט איז דעם געבילדעטען דייטשען איד ניט ראַדיקאַל גענוג. אפילו די טויפע ערלעזט איהם ניט פון דעם אידען־האַס. די דייטשען האַסען די רעליגיאָן פון די אידען וועניגער איידער זייער ראַסע, זייער גלויבען וועניגער איידער זייערע נעזער. — ניט די רעפאָרם, ניט דער שמד, ניט די עמאַנציפּאַציאָן עפענען דעם דייטשען איד פאָלשטענדיג די טויערען פון סאָציאַלען לעבען. זיי זוכען דערפאַר צו פערלייקענען זייער אָבשטאַמונג. — מ אָ ל ע ש אָ ט דערצעהלט אין זיין פּיזיאָלאָגישען סקיצען־בוך (זייטע 257) וועגען דעם זוהן פון א געטויפטען איד, וועלכען מען האָט ניט געקענט אָוועקשלעפּען פון שפּיעגעל, וואָרים ער האָט געוואָלט אַלץ מאַכען גלאַט מיט אַ קעמעל זיינע געקרייזעלטע האָר. — אָבער אַזוי וועניג ווי די ניט־נאַציאָנאַלע רעפאָרם האָט דערגרייכט איהר צוועק, אַזוי וועניג קענען די אידען פערלייקענען זייער אָבשטאַמונג. די אידישע נעזער וועלען ניט רעפאָרמירט ווערען, און די אידישע געקרייזעלטע האָר וועלען ניט ווערען גלאַט. די אידישע ראַסע איז אַן אָריגינעלע. דער אידישער טיפּ איז געבליבען דערזעלביגער אין לויף פון יאָהר־טויזענדען.

„אויף דער מערב׳דיגער בערג־וואַנד אין טעבען אין מצרים, וועלכע איז די קברים־שטאָדט, זעהט מען דעם קבר פון א דירעקטאָר פון די קעניגליכע בויטען, אויף וועלכען עס זיינען דאַרגע־שטעלט די פערשיעדענע ארבייטען. עס ווערען דאָרטען אָבעליסקען אויפגעשטעלט, פּאַלאַצען געבויט, ציעגעל געפּאַרבט, שטיינער גע־שלעפּט. אַן אויפזעהער שטעהט מיט אַן אויפגעהויבענעם שטעקען. דער קבר איז, לויט די אויפשריפטען, פאַרטיג געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון משה, און אין די אזיאַטישע שקלאַפען דערקענט מען דעם אידישען טיפּ 2).“ אויף עגיפּטישע מצבות פון שפּעטערע צייטען ווייזען אונז אידען, וועלכע זיינען מערקווירדיג עהנליך צו די היינטיגע.

דאָס אידישע פאָלק וואָלט שוין לאַנג אין זיין גלות אונטערגע־גאַנגען, ווען ניט די קראַפט פון דעם אידישען טיפּ. — ווען דאָס יודענטום האָט צו פערדאַנקען זיין אונשטערבליכקייט צו זיין רעלי־גיעזען געניוס, האָט דער רעליגיעזער געניוס צו פערדאַנקען זיין אונשטערבליכקייט צו דער פּרוכטבאַרקייט און דער קראַפט פון דער אידישער ראַסע. — אזוי ווי אמאָל אין דער געפאַנגענשאַפט פון מצרים, אזוי איז אויך היינט אין דעם דריטען גלות ריכטיג דאָס וואָרט:

וכאשר יענו אותם כן ירבו
ותמלא הארץ אותם.

דאָס די אידישע ראַסע ווערט ניט פערניכטעט אין געמישטע הייראַטען, דערפאַר קען איך נאָך ברענגען א ביישפּיעל. פון גע־מישטע חתונות צווישען אינדאָ־גערמאַנען און מאָנגאָלען קומט אַרויס מעהר דער מאָנגאָלישער טיפּ. די רוסישע אַדעליגע, וועלכע האָבען אַריינגענומען אין זיך נאָר ווייניג מאָנגאָלישעם בלוט, האָבען א מאָנגאָלישען טיפּ. צווישען מיינע סאָציאַליסטישע פריינד געפינט זיך א רוסישער אַדעליגער, וועלכער האָט אַן אינדאָ־גערמאַ־נישען גייסט אָבער א מאָנגאָלישעם אויסזעהן. דיעזער פריינד האָט חתונה געהאַט מיט א פּוילישער אידין, און די זיהן האָבען אַלע א אידישען טיפּ.

איהר זעהט, מיין פריינדין, דאָס עס העלפט ניט די אידען צו פערלייקענען דורך די טויפע זייער אָבשטאַמונג. דער אידישער טיפּ קען ניט פערטיליגט ווערען.

דער אידישער טיפּ איז אָבער אויך זעהר נכר. — אפילו אין זיינע איידעלסטע פערטרעטער, וואו ער אונטערשיידעט זיך קוים פון דעם אַלטען גריכישען טיפּ, אָבער איז נאָך פיעל איידעלער אין זיין נשמה־אויסדרוק און זיין זיטליכען ערנסט, טראָגט ער אויף זיך די חתימה פון דעם עלטעסטען אַדעל פון די וועלט־היסטאָרישע פעלקער. — איך בין געוואָרען זעהר פערוואונדערט, ווען איך האָב אויף מיין רייזע דורך אנטווערפּען געוויזען דאָס אייך בעקאַנטע שעהנע פאָטאָגראַפישע בילד צו א קענער פון קונסט, וועלכער האָט, בעוואונדערענדיג די הערליכע געשטאַלט, אויסגערופען: איך וועט זיך, אז דאָס איז א אידין.

די אידישע ראסע, וועלכע איז צושטרייט אין דער גאנצער וועלט, האט די גרעסטע פעהיגקייט זיך צו אקלימאטיזירען. אזוי ווי דאס אידישע פאטערלאנד, פאלעסטינא, ברענגט ארוים נארד־ליכע און זיעדליכע פרוכטען, אזוי קען אויך געדייהען דיעזעס פאלק אונטער אלע קלימאטען. — א פראנצויזישער דאקטאר, גאלאַ־וואַרדין, האט בעוויזען דיעזעס פיזיאלאגישע פענאמען אין זיין ווערק: Position des Juifs dans le monde.

אזוי ווענינ ווי איך קען האבען א פאראורטייל געגען מיין אייגענער ראסע, אזוי ווענינ קען איך זיין געגען די הייליגע שפראך פון אונזערע אבות, וועלכע מען וויל פון אומעדום פערדרענגען. — די העברעאישע תפילות האבען מיך שטענדיג דערהויבען. עס קלינגט פון זיי דער אבקלאנג פון טויזענדע גענעראציאנען. זיי מאכען שטענדיג אן איינדרוק אויף דעם, וועלכער פערשטעהט זיי.

די אידישע תפילות זיינען קאלעקטיווע תפילות פיר דאס גאנצע פאלק. דער פרומער איד איז פריהער פאר אלץ א אידישער פאטריאט. דער „ניימאדישער" איז ניט נאר אן אבטריניגער אין רעליגיעזען זין, נאר אויך א פעררעטער פון זיין פאלק, זיין ראסע און פאמיליע. — אויב עס וואלט ווירקליך געווען אונמעגליך צו פעראייניגען די עמאנציפאציאן מיט דער אידישער נאציאנאליטעט, וואלט דער איד געדארפט אפפערען מיט דער עמאנציפאציאן. וועגען דיעזען פונקט דארף מען אפשר נאך מעהר רעדען.*) דאס דער איד דארף קודם כל זיין א אידישער פאטריאט, בעדארף מען קיין בעוויז ניט פאר דעם איד, וועלכער האט נאר בעקומען אן אידישע ערציהונג. דער אידישער פאטריאטיזם איז א נאטירליך־אמת'ער געפיהל.

מיין גראספאטער האט מיר געוויזען אמאל טייטלען און אלי־ווען און האט געזאגט מיט א ליכטיגען בליק: „דיעזע פירות וואקסען אין ארץ ישראל". אלעס, וואס דערמאנט אן פאלעסטינא, ווערט פון פרומע אידען בעטראכט מיט א געפיהל פון ליעבע און פערעהרונג; יעדען געשטארבענעם ווערט געגעבען אין קבר אבי־סעל ארץ־ישראל ערד, בדי דער טויטער זאל זיך ניט דארפען

---

*) נאטע 4.

קייקלען אין ארץ ישראל צו תחית המתים. דיזער מנהג, אזוי ווי דער געברויך פון לולב און אתרוג, איז מעהר איידער א רעליגיעזער מנהג אדער אבערגלויבען. דער גאנצער אידישער רעליגיעזער קולט איז געגרינדעט אויף דעם אידישען פאטריאטיזם. אונזערע „רע־פארמאטארען" ווייסען דאס זעהר גוט.

ספינאזא האט נאך געהאלטען דאס יודענטום פאר א נאציאן, און האט געזאגט (אנדערע פון דריטען קאפיטעל פון „טעאלא־גישען טראקטאט"), דאס די אויפריכטונג פון דער אידישער מלוכה העננט אב נאר פון דעם מוטה פון אידישען פאלק. אפילו מענדעל־סאן ווייס נאך גארנישט פון א קאסמאפאליטישען יודענטום.

יע, מיין פריינדין, וואס אונזערע גערמאנישע רעפארמאטארען זאלען דאגעגען ניט זאגען: די אידישע רעליגיאן איז אידישער פאטריאטיזם. איך דערמאן זיך מיט טיעפער גערירהרטקייט אן אלע טרויעריגע סצענען, וועלכע איך האב געזעהן אין הויז פון מיין גראספאטער אין באן, ווען עס פלעגט קומען תשעה באב, די דריי וואכען, די ניין טעג און דער שבת חזון.

מיין גראספאטער האט ניט געלעבט פון רבנות, האט אבער געהאט די קענטניסען און דעם טיטעל פון א רב. דעם גאנצען יאהר פלעגט ער נאך די טעגליכע געשעפטען ביז האלבער נאכט שטודירען דעם תלמוד און זיינע מפרשים. נאר אין די ניין טעג פלעגט ער אנשטאט גמרא פארלעזען פאר זיינע אייניקלעך די אגדתות וועגען חורבן ירושלים. דער שנעע־ווייסער בארד פון דעם אלטען מאן פלעגט ווערען בענעצט מיט טרערען. אויך מיר קינדער פלעגען זיך ניט קענען איינהאלטען פון געוויין. בעזונדערס ווען עס פלעגט דערצעהלט ווערען, ווי די מאמע רחל איז אויפגע־שטאנען פון איהר קבר און האט געקלאגט אויף איהרע אונגליקליכע קינדער 3).

איהר זעהט דא נאך אמאל דייטליך דעם קוואל פון דעם אידי־שען גלויבען אין אונשטערבליכקייט; ער איז א פראדוקט פון אונ־זער פאמיליען־ליעבע. אונזער גלויבען אין די אונשטערבליכקייט געהט אין דער פערגאנגענהייט ביז צו די אבות, אין צוקונפט ביז צו מלכות המשיח. — פון דער אידישער פאמיליע איז ארויסגע־

וואקסען דער לעבעדיגער גלויבען אין די שטענדיגקייט פון דעם גייסט אין דער געשיכטע.

דיעזע הערליכע בלום פון יודענטום איז פערדארט געוואָרען אין דעם גלויבען אין די אונשטערבליכקייט פון דער איזאָלירטער זעעלע, ווען דיעזע בלום איז אראָבגעפאַלען פון איהר וואָרצעל און איהר שטאַם. נאָר אין דער אידישער פאַמיליע האָט זיך לעבעדיג ערהאַלטען דער גלויבען אין די שטענדיגקייט פון גייסט אין דער געשיכטע. און ווען דער מאָדערנער דואַליזם פון מאַטעריע און גייסט האָט געפונען ביי דעם לעצטען קריסטליכען פילאָזאָף קאַר־טעזיוס זיין העכסטען אויסדרוק, האָט זיך ווידער פון יודענטום אויפגעהויבען דער גלויבען אין די אייביגקייט פון דער נאַטור און דער געשיכטע.

ווי דער קריסטליכער דואַליזם איז צושלאָגען געוואָרען טעאָ־רעטיש דורך ספינאָזאַ׳ן, אזוי ווירקט דאָס אידישע פאָלק דאגעגען דורך זיין געזונדעס מוסטערהאַפטעס פאַמיליען־לעבען. — יעצט שוין קען מען זעהן דעם גוטען איינפלוס פון דער אידישער פאַמי־ליע אויף ליטעראַטור, קונסט און וויסענשאַפט. ווי וועט זיך דאָך אַלץ נאָך ענדערען, ווען מיר וועלען האָבען אונזער פאָלקס־געשיכטע און נאַציאָנאַל־ליטעראַטור, ווען די תורה וועט ארויסגעהן פון ציון און גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים [4].

## אַנמערקונגען.

1) אויערבאך שרייבט מיר אין העברעאיש: מי שמך לאיש שר ושופט עלינו. אויערבאך לייקענט ניט די בערעכטיגונג פון מיינע אידישע סימפאַטיען אַלס פערזענליכע שטימונג, וועלכע איז איהם ניט פרעמד געבליבען. ער וויל אָבער ניט, דאָס מען זאָל עס אָפען אויסשפּרעכען. דאָס, זאָגט ער, איז אַקוראַט ווי „אונטערצינדען“ דאָס אידישע הויז.

2) „סיני און גלגתא“, פון פ. א. שטראוס, ז. 69.

3) ירמיהו, ל״א, ט״ו.

4) מיכה ד׳ א׳; ישעיהו ב׳ ב׳. דאָס איז א נבואה, וועלכע קומט אָפטמאָל פאָר ביי די פערשידענע נביאים, און ציהט זיך דורך אונזער גאַנצע געשיכטס־רעליגיאָן.

## פינפטער בריעף.

צוריקבליק. — געשעהעניסען פון דמשק. — א שמערץ־געשריי. — ממזר בלבול. — העפ העפ. — פלוכט אין פראנקרייך. — א דייטשער עהר־ליבער מאן. — גערמאנישע פאטריאטען. — זשעפערסאן. — פאטערלענדער און מלכים. — וואו עס איז גוט, דארט איז דאס פאטערלאנד. — דאס אידישע אינקאגניטא. — די רעליגיאן פון טויט. — טראג הויך דיין פאהן, מיין פאלק.

גלויב איך ווירקליך אין די גאולה פון גלות? — איהר פרעגט עס און זאגט, דאס איך האב זיך נאך פריהער אויסגעשפראכען פיר די ערפילונג פון דעם אידישען משיח־גלויבען, אין מיינע צוויי שריפטען: „די הייליגע געשיכטע פון דער מענשהייט“ און „די איירָאפעאישע טריארכיע“. איהר זייט גערעכט, ווען איהר דערמאנט מיך, דאס איך בין פעראנטווארטליך אויך פיר מיינע אמאליגע אידעען. איך וויל אייך דערפאר פארברענגען איינִיגע כאראקטעריסטישע מאמענטען פון מיין פערגאנגענהייט.

מיט צוואנציג יאהר צוריק, בעת דעם בלוט־בלבול פון דמשק, דאמאלסט שוין, אין מיטען פון מיין סאציאליסטישער טהעטיגקייט, האב איך דערפיהלט מיין צוגעהעריגקייט צו אן עלענדעם פערלאזענעם פאלק און האב שוין געוואלט אויסדריקען מיין אידיש־פאטריאטישעם געפיהל דורך א שמערץ־געשריי. דער געשריי איז אבער אונטערדריקט געווארען אין מיין ברוסט דורך דעם גרעסערען שמערץ, וועלכען דער איירָאפעאישער פראלעטאריאט האט אין מיר דערוועקט.

אנדערע פעלקער האבען נאר פארטיי־מחלקות; די דייטשען זיינען ניט אין שלום אפילו ווען זיי שטעהען אין דער זעלביגער פארטיי. מיינע אייגענע סאציאליסטישע גענאסען האבען מיר גענעבען אן אורזאכע צו ווערען אן עמיגראנט, און נאך דעם זיעג פון דער רעאקציאן בין איך פון א פרייווילִיגען עמיגראנט געווארען אן אונפרייוויליגער. — א קורצע צייט נאך דער פעברואר־רעוואלוציאן בין איך אוועקגעפאהרען נאך פראנקרייך. דא האב איך דערקענט דאס פאלק, וועלכעס איז געווארען דער קעמפפער פאר אלע סאציאלע שטרעבונגען.

נאָך נאַפּאָלעאָנ'ס איבערקעהרעניש בין איך אָבגעטראָטען פון דער פּאָליטיק און האָב זיך אָבגעגעבען אויסשליסליך צו נאַטור־וויסענשאַפט. דעם אַלטען יונג־העגעליאַנער ד ר. א ר נ אָ ל ד ר ו ג ע, וועלכער האָט ניט געקענט מוחל זיין דעם „קאָמוניסטען־ראַבי מאָזעס“ די אָבפּאַלונג פון דער „אידעע“, האָבען אויסגעוויזען דיעזע מאַטעריאַליסטישע שטודיען ווי אַ שרעקליכע זאַך. — אַזעל־כען נאַטורוויסענשאַפטליכען מאַטעריאַליזם האָט ער אָנגערופען אימפּעריאַליזם, באָנאַפּאַרטיזם. — וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג עס איז פאַראַן צווישען נאַטורוויסענשאַפטליכע שטודיען און באָנאַ־פּאַרטיזם, דאָס האָט דער אַלטער רוגע ניט ערקלערט. איך האָב אָבער פון מיינע ראַסען־שטודיען בעקומען די איבערצייגונג פון דעם אונטערגאַנג פון יעדער ראַסען־הערשאַפט און פון דער אויפ־לעבונג פון די פעלקער. בעזונדערס האָט מיך מיין אייגענעם אידי־שעס פאָלק אָנגעהויבען צו אינטערעסירען. דער שמערץ, וועלכער איז דערוועקט געוואָרען דורך דעם עלילת־דם אין דמשק, איז געוואָרען יעצט אַ שטענדיגע ריכטונג פון מיין גייסט. איך האָב ניט מעהר געזוכט צו אונטערדריקען די שטימע פון מיין אידישען געוויסען; נאָר איך האָב פערקעהרט אָנגעהויבען צו פערפאָלגען איהרע שפּורען, און אַט וואָס איך האָב געפונען געשריעבען שוין אין מיינע אַלטע מאַנוסקריפּטען פון 1840 איבער די געשעהענישען פון דמשק.

„די אַרט און וויזע, ווי דיעזע פערפאָלגונג ווערט אויפגע־נומען אין אייראָפּאַ און אפילו אין געבילדעטען דייטשלאַנד, דאַרף אַרויסרופען אַן איבערקעהרעניש אין יודענטום. זי בעוויזט נאָר, דאָס צווישען די מערב־אייראָפּעאישע אידען און די אייראָפּעאישע פעלקער זיינען נאָך פאַראַן שיידעווענד, ווי אין די צייטען פון דעם טרויעריגען רעליגיעזען פאַנאַטיזם. אונזערע ברידער, וועלכע ווילען צוליעב דער עמאַנציפּאַציאָן זיך און אַנדערע איינרעדען, דאָס די מאָדערנע אידען האָבען ניט קיין נאַציאָנאַלעם געפיהל, וויסען מעהר ניט, וואו דער קאָפּ שטעהט ביי זיי 1). זיי פערשטעהען ניט, ווי אַזוי מען קען אין אייראָפּאַ אין נייגצעהנטען יאָהרהונדערט גלויבען אין אויגענבליק אין דעם בלוט־בלבול, אין דעם „ממזר־בלבול“. פאַר אונזערע געבילדעטע דייטשע אידען איז דער אידען־האַס

שטענדיג געבליבען א רעטעניש. האָבען דען די דייטשע אידען זייט מענדעלסאָן ניט געשטרעבט צו זיין דייטשען און צו דענקען און פיהלען דייטש? זיינען זיי ניט געגאנגען אין דעם „בעפרייאונגס קריעג“? זיינען זיי ניט געווען דייטשע פאטריאָטען און שונאים פון פראנקרייך? האָבען זיי ניט נעבטען נאָך געזונגען מיט ניקאָלאס בעקער: „זיי זאָלען איהם ניט האָבען, דעם פרייען דייטשען רהיין“? האָב איך ניט זעלבסט געמאכט די דומ־הייט און ניט אריינגעשיקט דעם פערפאסער א מוזיקאַלישע קאָמ־פאָזיציאָן פאַר דיעזע „דייטשע מארסעליעזע“?

מיט מיר האָט אָבער פאסירט דאָסזעלבע וואָס מיט די דייטשע אידען בכלל נאָך זייער פאטריאָטישער בעגייסטערונג. דער דייטש האָט אויף מיין פאטריאָטישע צושריפט ניט נאָר געענטפערט אין א זעהר קאַלטען טאָן, נאָר האָט נאָך אויף דער אנדער זייט אויפ־געשריבען מיט א פערשטעלטער האנדשריפט: „דו ביזט א איד“. איך האָב בעקער'ס העפ־העפ אָנגענומען פאַר א פערזענליכע בעליידיגונג און האָב איהם אויפגעשריבען א פאַר בייסענדע ווער־טער, אויף וועלכע בעקער האָט ניט געענטפערט. — יעצט וואָלט איך ביי איהם אפשר גאַר געבעטען מחילה. ער האָט מיך ניט גע־וואָלט בעליידיגען פערזענליך. מען קען ניט זיין א דייטשער שאָווי־ניסט און א אידען־פריינד, אזוי וועניג ווי אן אָנהענגער פון מלחמה און פאָלקס־פרייהייט. דער דייטשער פאטריאָט ליעבט אין זיין פאָטערלאנד ניט דעם שטאאט נאָר די ראסען־הערשאפט. ווי קען ער געבען די גלייכבערעכטיגונג צו אנדערע ראסען, ווען זי איז נאָך אן אויטאָפּיע פיר די צאָהלרייכע פאָלקס־קלאסען אין דייטש־לאנד זעלבסט!

דער סימפאטישער פראנצויז אסימילירט יעדען פרעמדען ראַ־סען־עלעמענט. אויך דער איד איז דארין א פראנצויז. דרזשע־פערסאָן האָט שוין געזאָגט בשעת דעם אמעריקאנישען בע־פרייאונגס־קריעג: יעדער מענש האָט צוויי פאטערלענדער, זיין אייגענעם און פראנקרייך. — דער דייטשער אבער וויל בעזיצען פאַר זיך אליין אלע זיינע פאטערלענדער און קעניגען. ער קען ניט אסימילירען, עס פעהלט איהם די ווארעמקייט.

זאָלאנג דער איד האָט אריבערגעטראגען אלע פערפאָלגונגען

און ערניעדריגונגען אלס א שטראף פון גאט און געהאפט אויף די גאולה, איז זיין שטאלץ ניט צובראכען געווארען. פאר די היינטיגע אויפגעקלערטע אידען איז אבער יעדע פאלשע אנקלאגע א שלאג גע־גען זייער עהרע. וואס העלפט זיי די עמאנציפאציאן, וואס האט עס פאר א ווערט, ווען א איד ווערט אפילו גאר א מיניסטער, ווען דער נאמען איד איז בעדעקט מיט א פלעק, וועלכען יעדער נאַרישער אינגעל, יעדער פינסטערער שמיערער קען אויסבייטען מיט א זיכערען ערפאלג.

זאלאנג דער איד וועט פערלייקענען זיין נאציאנאליטעט, ווייל ער וועט ניט וועלען מודה זיין זיין סאלידאריטעט מיט אן אונ־גליקליכען פערפאלגטען פאלק, מוז זיין פאלשע שטעלונג ווערען אונ־ערטרעגליכער יעדען טאג. — צו וואס זאל מען זיך נארען? — די אייראפעאישע פעלקער האבען שטענדיג בעטראכטעט די עקזיסטענץ פון אידען צווישען די פעלקער אלס אן אבנארמיטעט. מיר וועלען שטענדיג זיין פרעמדע צווישען די נאציאנען, וועלכע וועלען אונז אפילו עמאנציפירען פון מענשען־ליעבע וועגען, אבער וועלען אונז קיינמאל ניט אכטען, זאלאנג אונזער פרינציפ איז: ד א ר ט ע ן א י ז ד א ס פ א ט ע ר ל א נ ד, ו ו א ו ע ס א י ז ג ו ט. — ניט קוקענדיג אויף די אויפקלערונג און עמאנציפא־ציאן וועט דאך דער איד אין גלות, וועלכער פארלייקענט זיין נא־ציאן, ניט בעקומען די אכטונג פון די פעלקער. — ניט דער אלטער פרומער איד, וועלכער וואלט זיך געבער לאזען אויסרייסען די צונג, איידער פארלייקענען זיין נאציאן, נאר דער מאדערנער איד איז דער פערעכטליכער, וועלכער פארלייקענט זיין נאציאנאליטעט, ווייל אויף איהר ליעגט די שווערע האנד פון שיקזאל. — די שענע פראזען פון מענשען־ליעבע און אויפקלערונג, מיט וועלכע ער ווארפט זיך ארום, כדי צו פערדעקען זיין פערראט אן זיינע אונ־גליקליכע פאלקס־ברידער, וועלען איהם ניט שיצען פאר דעם אור־טייל פון דער עפענטליכער מיינונג. — טוט אן טויזענד מאסקען, פערענדערט די נעמען, די רעליגיאן און זיטע, טרייבט זיך ארום גע'גנב'עטערהייט אין דער וועלט, כדי מען זאל ניט דערקענען אין אייך דעם איד; יעדע בעליידיגונג פון דעם אידישען נאמען טרעפט אייך מעהר איידער דעם עהרליכען מאן, וועלכער איז מודה אין

זיין סאָלידאַריטעט מיט זיין פאַמיליע און שטעלט זיך איין פיר איהר כבוד.“

* *

*

איהר זעהט, מיין פריינדין, אזוי האָב איך געקלערט אין מי־טען פון מיינע קעמפּפען פאר דעם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט. מיין גלויבען אין משיח'ן איז געווען דאַמאלס, אזוי ווי היינט, דער גלויבען אין די וויעדעראויפלעבונג פון דעם אידישען פאָלק. היינט, אקוראט ווי דאמאלס ווען איך האָב ארויסגעגעבען מיינע ערשטע ביכער, גלויב איך נאָך, אז דאָס קריסטענטום איז געווען א שריט אויף דעם וועג צו יענעם ערהאבענעם ציעל, וועלכען די נביאים האָבען געשילדערט אלס די ימות־המשיח. היינט, אקוראט ווי דאמאָלס, גלויב איך נאָך, דאס דיעזע גרויסע עפּאָכע הויבט אָן זיינט ספינאָזא אויפצושטעהען אין גייסט פון דער מענשהייט. איך האָב אָבער קיינמאָל ניט געזאָגט, אז דאָס קריסטענטום איז דאָס לעצטע ווארט פון דער הייליגער געשיכטע פון דער מענשהייט, אָדער דאָס דיעזע געשיכטע האָט זיך געענדיגט מיט ספינאָזא. — מיר זוכען יעצט א העכערע ערלעזונג, איידער דאָס קריסטענטום האָט אונז ווען געקענט געבען. — דאָס קריסטענטום איז געווען דער נאכטשטערן, וועלכער האָט נאָך דעם זונען־אונטערגאנג פון די אמאָליגע פעלקער געבראכט טרויסט און האָפנונג; עס האָט א ליכט געטאָן איבער די קברים פון די דער'הרג'עטע אמאָליגע נאציאָנען. די מיסיאָן פון דעם קריסטענטום, וועלכעס איז א רע־ליגיאָן פון טויט, האָט אויפגעהערט, ווייבאלד די פעלקער האָבען וויעדער דערוואכט צום לעבען. די געשיכטע פון די לעצטע דריי יאהרהונדערטען גיט אונז ביישפּיעלע דערפון אויף יעדען בלאט. עס איז געווען, ווען איך מאך אייך אויפמערקזאם אויף די יעצ־טיגע פאסירונגען אין איטאליען. אויף די חורבות פון דעם קריסט־ליכען רוים הויבט זיך אויף דאָס וויעדעראויפגעלעבטע איטאליע־נישע פאָלק. — אזוי ווי דאָס קריסטענטום אזוי האָט אויך דער מאָהאמעדאניזם געלערנט די רעזיגנאציאָן. זיי זיינען ביידע די אויפשריפטען אויף די מצבות, וועלכע דער באַרבאַרישער דרוק האָט געשטעלט אויף די קברים פון די נאציאָנען. — זאָלאנג די עסט־

רייכער הערשען אין איטאליען, און די טערקען אין פּאַלעסטינא, האָבען דאַס איטאַליענישע פּאָלק און דאס אידישע ניט געקענט ערוואכען צום לעבען. די סאָלדאטען פון דער מאָדערנער ציוויליזאציאָן, די פראנצויזען, צוברעכען די הערשאפט פון די בארבארען, זיי ווארפען אראב מיט זייערע ריעזען־הענד די מצבות פון די קברים, און די פעלקער לעבען אויף.

אין מזרח־אייראָפּא, אין רוסלאנד, פוילען, פּרייסען, עסטרייך, טערקיי, לעבען מיליאנען פון אונזערע ברידער, וועלכע בעטען צו גאָט פאר דער גאולת ישראל. זיי האָבען בעססער אויפבעוואהרט דעם לעבעדיגען קערנדעל פון יודענטום, די אידישע נאציאנאליטעט, איידער אונזערע ברידער פון מערב, וועלכע ווילען אלעס ניי בעלעבען אין יודענטום, א חוץ די הויפטזאך, די האָפנונג אויף די גאולה. — צו יענע מיליאנען טרייע ברידער וואלט איך וועלען וואנדערן און צורופען צו זיי: טראָג הויך דיין פאָהן, מיין פּאָלק! אין דיר איז געבליעבען דער לעבעדיגער זאמען, וועלכער וועט נאָך בריינגען פרוכט, ווען די הארטע שאָלעכץ וועט צוברעכען ווערען, און ער וועט פערפלאנצט ווערען אין די קולטיווירטע ערד פון דער געגענוואַרט.

די פערגליווערטע אָרטאָדאָקסיע, וועלכע איז געווען בערעכטיגט ביז היינט, קען צוברעכען ווערען נאָר פון אינוועניג, פון דער קראפט פון דער אידישער נאציאָנאליטעט. נאָר פון דער נאציאָנאלער ווידעראויפלעבונג וועט ציעהען דער רעליגיעזער געניוס נייע קרעפטען און וועט בעזעעלט ווערען פון דעם הייליגען גייסט פון די נביאים.

ביז יעצט אבער האָט זיך נאָך קיין קולטורפריינד, אפילו ניט מענדעלסאָן, איינגעגעבען צו צוברעכען די שאָלעכץ פון דעם ראביניזם, און ניט צו צושטערען דערביי דעם אינווענדיגען וועזען פון יודענטום און ניט צו פערניכטען זיין הייליגעם לעבען.

## אָנמערקונגען.

1) די אלגעמיינע צייטונג פון יודענטום, וועלכע איז געוועהנליך ניט קולטורפיינדליך, האָט זיך דאמאלס בעקלאָגט: „איי־

ראַפּאַ האָט קיינמאָל ניט פערשפּארט צו די אַנהענגער פון דער איזראַעליטישער רעליגיאָן א שמערץ, א טרער, א קרענקונג." וואָל־טען אידען געוועזן נאָר א רעליגיעזע קאָנפעסיאָן, וואָלט דאָס גע־ווען וואונדערבאר, בפרט בנוגע צו דייטשלאנד, וואו די אידען בעטייליגען זיך אזוי שטארק אָן דער קולטור. — די לעזונג פון דיעזען רעטזעל ליעגט דארין, דאָס אידען זיינען נאָך א פאָלק, א נ א צ י אָ ן, וועלכע ווערט פערלייקענט און פערלאָזען פון איהרע אייגענע קינדער, און וואס יעדער גאסען־איינגעל קען זי פערשפּאָטען, ווארום זי וואנדערט היימאטלאָז ארום אין דער גאנ־צער וועלט.

---

## זעקסטער בריעף.

די איידעלע פערטרעטער פון דעם דייטשען גייסט. — פּאטריאָטישע אי־דען. — דער היסטאָריקער גרעץ. — מערסיער. — הערבסט און פריהלינג פון דער וועלט־געשיכטע. — שבתי צבי. — חסידים. — נאטור־רעליגיאָן און געשיכטס־רעליגיאָן. — די אידישע מוטער. — וויקטאָר הוגא. — בערנע, ברוך איטציק.

איהר געפינט, דאס מיין אורטייל איבער די דייטשען און די שטעלונג פון די געבילדעטע דייטשע אידען צום אידישען פאָלק איז א ביסעל צו אבסאָלוט. אונטער די דייטשען, זאָגט איהר, זיינען פאראן אויך עכט הומאנע גייסטער, און אונטער די פראמינענטע געבילדעטע אידען זיינען פאראן פיעלע, וועלכע בעהויפּטען זייער רעליגיאָן און פאָלק.

איך גיב דאָס צו. מיר קען ניט קומען מעהר אויף דעם זין, אָבצולייקענען ביי דעם גייסטיג הויך שטעהענדען דייטשען פאָלק די גייסטיגע קראפט, זיך אויפצוהויבען איבער די ראסען־פאָראור־טיילען. א פאָלק, וועלכעס האָט ארויסגעבראַכט מענער ווי לעסינג, הערדער, שילער, העגעל, הומבאלד, מוז האָבען די פעהיגקייט זיך אויפצוהויבען אויף די העכסטע שטופע פון מאָראל.

איך דערמאָן זיך דערביי אן א ביישפּיעל, וועלכער בעווייזט דעם כח פון דעם דייטשען גייסט איבער ראסען־פאָראורטיילע, וועל־כעס מיר האָט דערצעהלט ל ו ד וו י ג וו י ה ל.

איהר האָט געוויס געהערט מכח ה ע ק ע ר , וועלכער האָט

געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָליע אין דעם רעוואָלוציאָנס־יאָהר 1848. העקער, אַ ריינער דייטש, איז געווען אַ בעקאַנטער ליבעראַל אין באַדען. לכתחילה האָט דיזער ליבעראַל געשטורעמט געגען דעם אידישען „שונא“. העקער האָט פערעפענטליכט אין *פראַנקפורטער זשורנאַל* אַ גאַנצע צאָהל אַנאָנימע אַרטיקלען *געגען די אידישע עמאַנציפּאַציאָן*.

דערזעלביגער העקער האָט אָבער אייניגע יאָהר שפּעטער פאָר־געשלאָגען אין באַדען אָן אַדרעס צו דעם פעראייניגטען בערלינער פּאַרלאַמענט לטובת פון דער אידישער עמאַנציפּאַציאָן. ווען מען האָט איהם דערמאַנט זיינע פריהערדיגע אידען־פיינדליכע איבער־ציינונגען, האָט ער געענטפערט, דאָס די פּרינציפּען פון רעכט און הומאַניטעט האָבען ביי איהם מנצח געווען.

די דעמאָקראַטען פון 1848 האָבען איבערגעיאָגט די ראָמאַנ־טיש־פּאַטריאָטישע חברה פון דעם בעפרייאונגס קריעג, ווי *יאָהן, אַרנדט* און חברותא. איך גלויב אָבער אויפ'ן גרונד פון מיין לאַנגיאָהריגער ערפאַהרונג, דאָס דייטשלאַנד איז סאָציאַל נאָך שטאַרק אַבגעשטאַנען פון די ראָמאַנישע פעלקער. אין דייטשלאַנד מוז נאָך אויסגעקעמפּפט ווערען דער לעצטער ראַסען־קאַמפּף, איידער די דייטשען וועלען דורכגעדרונגען ווערען פון סאָציאַלער און הו־מאַנער בילדונג אַזוי ווי די ראָמאַנישע פעלקער.

נאָך מעהר גיב איך צו אייער אָבשוועבונג פון מיין אורטייל בנוגע צו די געבילדעטע אידען פון מערב־אייראָפּאַ. איצט פיהלט זיך אויך אין יודענטום אַן אבשוועבונג פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער, ווי *רוסאָ* האָט זעהר ריכטיג געזאָגט, ליעבט די מענשען פון דער ווייט, כדי ניט מחויב צו זיין צו ליעבען זיי פון דער נאָהענט. עס ווערען אומעדום דערוועקט בעסערע, נאַטירלי־כערע און געזינדערע געפיהלען. אין אַמעריקאַ ענטשטעהען יעדעס יאָהר נייע אידישע געמיינדען, אין פראַנקרייך אָרגאַניזירט זיך די חברה כל ישראל חברים, אין דער דייטשער און פראַנצויזישער ליטעראַטור האָבען שריפטשטעלער ווי *קאָמפּערט, סטראַובען, ווייל, בערנשטיין* אַנגעהויבען צו שילדערן דאָס אידישע לעבען, אין דער ליטעראַטור פון יודענטום האָט גרעץ דורך זיין *געשיכטע פון יודענטום* דערוואַרעמט די הערצער פון אונזער פאָלק פאַר זיינע העלדען און מאַרטירער.

פריהער שוין האָט גאַבריעל ריעסער דעם נאָמען „איד“ געשטעלט אַן דער שפּיץ פון אַ צייטשריפט, וועלכע האָט פערטיידיגט אונזערע פּאָליטישע און בירגערליכע רעכט *). אויך ד״ר. לודוויג פיליפזאָן האָט שוין לאַנג קיין מורא ניט אָנצורופען דאָס קינד ישראל ביי זיין ריכטיגען נאָמען. לודוויג וויהל בעזינגט מיט זיין מוזע די גרויסע גע־שעהענישען פון אונזער אונשטערבליכער נאַציאָן.

עס איז אַ צייכען פון דער צייט, ווען לודוויג וויהל׳ס „וועסט־אָסטליכע שוואַלבען“, וועלכע זיינען מיט פּופצעהן יאָהר צוריק געבליעבען אונבעמערקט אין דייטשלאַנד, זיינען יעצט איבערזעצט געוואָרען אין פראַנצויזיש און לענקען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פראַנצויזישער פּרעסע אויף די אידישע נאַציאָן.

פּיער מערסיער, דער פראַנצויזישער איבערזעצער פון די „שוואַלבען“ גיט אין זיין אַבהאַנדלונג וועגען דער אידישער ליטעראַטור אַן אורטייל איבער דיעזע ליטעראַטור. אַלס קריסט פערשטעהט ער אַפילו דאָס יודענ־טום צו ספּיריטואַליסטיש. דאָך וויזט אַרויס זיין אורטייל אַ גרעסערעס פערשטעהען פון דעם רוח ישראל, איידער די דייטשע היסטאָריקער, וועלכע פערפאָלגען אונז מיט זייער אידען־האַס ביז וויט אין די תורה אריין.

בעמערקענסווערט איז זיין אורטייל וועגען די נייע אידישע ליטעראַטור, אין וועלכער ער זעהט אַ געגענגיפט געגען די מאָדערנע ראָמאַן־ליטעראַטור. ער האָט אַ טעות, ווען ער האַלט דעם קוואַל, פון וועלכען די אידישע ליטעראַטור איז אַרויסגעקומען, פאַר אַ ספּי־ריטואַליסטישען. דאָס אידישע לעבען איז קיינמאָל ניט געוועזען ספּיריטואַליסטיש. אַפילו די איסיים זיינען ניט געוועזען קיין ספּי־ריטואַליסטישע סעקטע, אַזוי וויי ניג ווי די ערשטע קריסטען. בשעת דיעזע סעקטע איז געוואָרען ספּיריטואַליסטיש אין קריסטענ־טום, איז זי אבגעפאַלען פון יודענטום. זי איז פון דאַן אָן פער־שוואונדען פאָלשטענדיג פון יודענטום. יעדעס מאָל ווען עס טרעט אריין אַ ווענדע־פּונקט אין דער געשיכטע פון די היסטאָרישע פעלקער, ענטשטעהט אַ גרויסע בעוועגונג אין דעם פאָלק, וועלכעס

*) נאָטע 4.

איז דער טרעגער פון דער געשיכטסרעליגיאָן. דער איבערגאנג פון אלטערטום אין מיטעלאלטער האָט זיך געלאזט אָנזאָגען דורך די גרויסע שטורמען אין יודענטום, וועלכע האָבען בעשאפען דאָס יודענטום און די שפּעטער פערשוואונדענע אידישע סעקטען. אויך היינט אין דעם פריהלינגס־אָנקומען פון דער מענשהייט קומען פאָר בעוועגונגען אין יודענטום, פון וועלכע די וועלט וויים נאָך גאָר־נישט, אָבער וועלכע האָבען ניט קיין קלענערע בעדייטונג, ווי יענע בעוועגונגען פון אמאָל. אין דעם אָנהויב פון דער מאָדערנער צייט האָט אָנגעהאפט די אידען פון מזרח און מערב א משיח־בעוועגונג, וואָס איהר פאלשער נביא איז געווען ש ב ת י צ ב י און איהר אמת'ער נביא ס פ י נ אָ ז אָ. אויך די מאָדערנע צדוקים, פרושים און איסיים, דאָס הייסט די רעפאָרמאטאָרען, אָרטאָדאָקסען און חסידים *) וועלען פערשווינדען אָהן א שפור, ווען דאָס אידישע פאָלק וועט ווייעדער אויפלעבען. דאָס יודענטום לאזט ניט צו ביי זיך קיינע ספּיריטואליסטישע און מאטעריאליסטישע סעקטען. דאָס אידישע לעבען איז אייגהייטליך, ווי זיין געטליכעס אידעאל, און איז געגען דעם מאטעריאליזם, וועלכער איז נאָר די אנדערע זייט פון דעם קריסטליכען ספּיריטואליזם. איך רעד דאָ ניט פון פילאָזאָפישע סיסטעמען אָדער רעליגיעזע דאָגמאטען, ניט פון דער לעבענס אנשויאונג, נאָר פון לעבען, פון וועלכען זיי זיינען נאָר א פּראָדוקט. דאָס לעבען איז א פּראָדוקט פון דער ראסע, וועלכע בויט אויף איהרע סאָציאלע אינסטיטוציאָנען נאָך איהרע אייגנע־בארענע תכונות און נייגונגען. פון דיעזער געשטאלטונג פון לעבען וואקסט ארויס די לעבענס־אנשויאונג, וועלכע ווירקט אויף דאָס לעבען, אָבער נאָר פערענדערענדיג, און וועלכעס קען קיינמאָל ניט בעדייטענד ענדערן דעם אָריגינעלען טיפּ, וועלכער ענטשטעהט שטענדיג אויפ'ס ניי.

איידער די גערמאנישע ראסען זיינען ארויפגעטרעטען אויף דעם שוי־פּלאץ פון וועלטאלטער, האָבען עקסיסטירט נאָר צוויי רעליגיאָנען, א נאטור־רעליגיאָן און א געשיכטס־רעליגיאָן. די ערשטע האָט געפונען איהר קלאסישען אויסדרוק אין גריכענלאנד, די צווייטע אין פּלשתנה. זייט דאָס אויפטרעטען פון די גערמאנישע ראסען

*) נאָטע 6.

האָבעןביידע רעליגיאָנען אויפגעהערט. זייער שטעלע האָט פער־נומען די פערגעטליכונג פון דעם איזאָלירטען אינדיווידואום. דאָס קריסטענטום האָט געפונען ביי די נאָרדישע ראסען אלס א נאטירלי־כע תכונה דאָס, וואָס ביי איהם זעלבסט איז געוועו נאָר דער פועל יוצא פון דעם אונטערגאנג און דעם טויט פון די אלטע פעלקער; איך מיין יענע לעבענסאנשויאונג, וועלכע זעהט ניט אין דער נאטור און ניט אין דער געשיכטע אַן איינהייטליכען בונד, א געטליכעס לעבען, נאָר זעהט אומעדום נאָר איזאָלירטע עקסיסטענצען*).

זאָלאנג די גערמאנישע ראסען האָבען געהערשט אין אייראפּא, האָט זיך ניט געקענט ענטוויקלען קיין נאציאָנאַלעס לעבען. די „רע־ליגיאָן פון ליעבע", אבגעטיילט פון דער רעליגיאָן פון נאטור און געשיכטע, האָט געהאט אין אויג נאָר די אינדיווידועלע ערלעזונג. די פערגעטליכונג פון דעם אינדיווידואום האָט אויסגעאַרטעט צום סוף אין א איבערטריעבענעם פרויען־קולט, וועלכער רופט ארויס ביי אונזערע יונגע מערכען היינט נאָך אַזוי פיעל סימפּאַטיען פאַר דאָס קריסטענטום.

די אידען נאָר האָבען געהאט דעם געזונדען זין, צו שטעלען די פרויען־ליעבע אונטער די מוטער־ליעבע. אלעקסאנדער וויל לאָזט זאגען א אידישע מוטער פאָלגענדע ווערטער: „דארף אַן עהרליכע אידישע מוטער זאָרגען וועגען ליעבע? די ליעבע איז א לאָסטערהאפטער געצענדיענסט. א אידין דארף נאָר ליעבען גאָט, איהרע קינדער און איהרע עלטערן." די אלטע באָבע ביי קאמפערט זאגט: „גאָט האָט ניט געקענט זיין אומע־דום, דערפאר האָט ער בעשאַפען די מוטער"... „די מוטער־ליעבע איז אין אידישען ראָמאַן די באזיס פון דעם גאנצען פאמיליען־לעבען, זיין ליידענשאפט, זיין געהיימניס. דערזעלביגער טיפּ פון דער אידישער מוטער געפינט זיך אין אלע אידישע ראָמאַנען. איך זעה פאר מיר דאָס בילד פון דיעזער אידישער מוטער, איהר פּנים איז פערהעליך אבער בלאס; א מעלאנכאָלישער שמייכעל שוועבט אויף איהרע ליפען; איהר טיעפעס אויג קוקט ווייט אין די צוקונפט."

ווען איהר לעזט דיעזע ווערטער פון מערסיער, קלערט איהר

*) נאָטע 6.

געווים וועגען אייער אייגענע מוטער, אויך איך דערמאן מיך דערביי אן מיין מוטער; איך האָב זי פערלאָרען אפילו אלס אינגעל פון פערצעהן יאָהר, אָבער זי איז מיר ביז צו דער לעצטער צייט יעדע נאַכט כמעט געקומען אין חלום. בשעת איך בין געווען זיעבען יאָהר אלט, האָט זי מיר געזאָגט די ווערטער, וועלכע איך דערמאן זיך נאָך ווי פון נעכטען. מיר זיינען שוין געלעגען אין בעט און איך האָב ערשט געענדיגט קריאת שמע. זי האָט צו מיר געזאגט מיט א בעגייסטערטער שטימע: „הער, מיין קינד, דו מוזט נאָר פלייסיג לערנען. מו"הריך איז איינער פון מיינע עלטער זיידעס, און דו האָסט דאָס גליק צו לערנען ביי דיין זיידען. עס שטעהט, דאָס וואו א זיידע מיט אן אייניקעל לערנען תורה, דאַרטען פערשווינדעט שוין ניט די תורה פון קינד צו קינד."

די ווערטער פון מיין מוטער האָבען אויף מיר געמוזט מאַכען א טיעפען איינדרוק, ווארום איך דערמאן זיך אן זיי נאָך עד היום, אָבוואָהל איך האָב וועגען יענעם וואָרט מכח זיידע און אייניקעל קיינמאָל גאָרנישט ניט געהערט און ניט געלעזען.

יע, די קינדער זיינען דער צענטר, ארום וועלכען עס דרעהט זיך דאָס גאַנצע אידישע לעבען און ליעבען. די ליעבע איז אין דעם אידישען הארץ צו מעכטיג און צו אונענדליך, דאָס זי זאָל קענען בלייבען שטעהן ביים געשלעכט און ניט אויסברייטען זיך אויף די דורות פון צוקונפט. — ווייל דאס אויג פון דער אידישער ליעבע קוקט אזוי ווייט אין די צוקונפט, דערפאַר זיינען געווען אזוי פיעל הייליגע נביאים צווישען אידען.

א פּאָר פּאָלק אָהן קינדער איז ביי אידען די שמערצליכסטע זאַך. א מענש אָהן קינדער איז געגליכען געוואָרען צו א טויטען. נאָר די אידען קענען בעטען צו גאָט אין די ווערטער פון דעם גרעסטען פראנצויזישען ליריקער, וויקטאָר הוגא, גאָט זאָל פערהיטען צו זעהן „דאָס הויז אָהן קינדער"...

מיט דיעזען פערז, וועלכען מערסיער ציטירט, שליעס איך אָב דיעזע בעטראַכטונג, וועלכע איך האלט פאר וויכטיג צוליעב דער וויעדערגעבורט פון אונזער פאָלק. אויב עס איז שוין א פרעהליכע ערשיינונג, דאָס פּאַטען און שריפטשטעלער טרעטען אויף פאַר אונזער נאַציאָן, איז עס נאָך בעסער, וואָס דאָס פראנצויזישע

פאָלק ווערט בעקאנט מיט די אידישע פאַטריאָטישע טענדענצען. וואָס וואָלט דאָס פראנצויזישע פאָלק געדארפט וועגען אונז קלערען, ווען אין דעם פעלקער־פריהלינג, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער פראנצויזישער רעוואלוציאָן, וואָלט קיין פּאַטריאָטישער קול פון אונזער צד ניט דערגרייכט איהם? א דאנק דעם פראנצויזי־שען איבערזעצער פון די "שוואלבען" איז דיזע שאנדע אראב פון אונז. אויב אפילו די אידישע פאָלקס־שרייבער און פּאָעטען האָבען ניט גערעדט וועגען אונזער פּאָליטישער וויעדערגעבורט, האָבען זיי דאָך געוויזען דער וועלט, דאָס אין דעם אויפגעקלערטען יודענטום זיינען נאָך פאראן פּאַטריאָטישע ערינערונגען, וועלכע קענען איבערגעהן אין טהאט. איך צווייפעל ניט, דאָס יעצט וועלען אויפגעקלערטע אידען זיין אַקוראט אזוי טעטיג פאַר די פּאָליטישע וויעדעראויפלעבונג פון אונזער פאָלק, ווי אַנדערע האָבען געקעמפּפט אמאָל פאַר די עמאַנציפּאַציאָן פון אידען אין גלות. דער יונגער אידישער דור וועט זיך אנשליעסען מיט בעגייסטערונג אן די אידישע נאַציאָנאַלע בעשטרעבונגען, און ווען די יוגענד וועט אויפשפּראָצען, וועט אויך דאָס פערדארטע האַלץ זיך בעדעקען מיט די בלעטער און בלומען פון ישראל. ביז איצט אָבער, מיין ליעבע פריינדין, איז אין מערב־אייראָפּעאישען יודענטום נאָך זעהר מעכטיג דאָס פערדארטע האָלץ פון דער אויבערפלעכליכער אויפקלערונג. דער גרעסטער טייל פון די דייטשע אידען שעמען זיך נאָך אלץ מיט זייער רעליגיאָן און פאָלק, וויבאלד זיי קומען אין בעריהרונג מיט דער אייראָפּעאישער בילדונג. אונזערע אידישע דייטשע פּאַטריאָטען האָבען אָבער געהאט א גרויסען טעות אין חשבון. עס האָט גאָרנישט ניט געהאָלפען מ י י ע ר ב ע ר'ן, ווען ער האָט שטענדיג אויסגעמיעדען אין ציטערניש צו בעארבייטען א אידישען שטאָף אלס אָפּער. די אידען־פיינדליכע אויגסבורגער אלגעמיינע צייטונג דערמאנט זעלטען זיין נאָמען מייערבער, דאָס זי זאָל דערביי ניט צושרייבען: יעקב מאיר ליפּמאן בעער! אויך דעם דייטשען פּאטריאָט בערנע האָט עס ניט געהאָלפען, ווען ער האָט איבערגעטויפט זיין פאמיליען־נאָמען ברוך. ער אליין איז זיך מודה: „ווען מיינע געגנער קענען גאָרנישט ניט מאכען מיט מיין בערנע", זאָגט ער ערגעץ וואו, „כאפּען זיי זיך אָן אן מיין ברוך". איך זעלבסט האָב עס דורכגעמאכט ניט נאָר ביי געגנער,

נאָר ביי מיינע אייגענע סאָציאַליסטישע גענאָסען, דאָס זיי גע־ברויכען ביי יעדען פערזענליכען שטריט דיעזען וואָפען פון העפּ העפּ, וועלכער מאַכט שטענדיג א ווירקונג אין דייטשלאַנד. איך מאָך זיי דעם געברויך פון דיעזען וואָפען נאָך בעקוועמער און נעהם אָן פון היינט אָן דעם נאָמען משה, און בעדויער נאָר, דאָס איך היים ניט א י ט צ י ק.

---

## זיעבענטער בריעף.

דער רעפאָרם־שווינדעל און די קריטיקלאָזע רעאַקציאָן. — לוטער און מענדעלסאָן. — דער שליסעל צו דער רעליגיאָן פון דער צוקונפט. — די דריי עפּאָכען פון אידישען גייזט. — דער וויעדער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה.

אייער פראַגע בעווייזט מיר, דאָס איהר האָט זיך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דעם יודענטום. — איהר זייט ניט דאַגעגען, דאָס אונזער נאַציאָן זאָל ווערען א היסטאָרישע, איהר מיינט אָבער, דאָס איז נאָר א שענער וואונש; דאָס יודענטום עקזיסטירט זייט צוויי טויזענד יאָהר שוין נור אין צושטרייטע פאַמיליען. דער רע־ליגיעזער בונד איז דורך די בעריהרונג מיט דער קולטור צוריסען געוואָרען. די רעפאָרם האָט עס געוואָלט אביסעל פאַרריכטען, האָט אָבער געמאַכט נאָך ערגער. מיט דער אָרטאָדאָקסיע און דער רעאַק־ציאָן, וועלכע האַלט די פּוילישע שטריימעל פאַר א הלכה למשה מסיני, קען מען דאָך אודאי גאָרנישט ניט מאַכען.

די פאָלגע דערפון איז, ווי איהר מיינט, דער אינדיפערענ־טיזם, דער אָבפאַל פון יודענטום. מען קען קיינעם ניט מאַכען פעראַנטוואָרטליך דערפאַר. די קראַפט פון די פערהעלטניסע האָט צושטערט דאָס אָרטאָדאָקסע יודענטום. — צו וועלכער געמיינדע, זאָגט איהר, צו וועלכער סינאַגאָגע זאָל מען זיך היינטיגע ציי־טען אָנשליעסען? — זאָלען מיר מאַכען, אזוי רופט איהר אויס, אונזערע געבילדעטע אידען א פאַרוואורף, ווייל זיי האָבען אנ־שטאָט די שאָלעכץ פון דעם ראַביניזם געבראַכט דאָס ליכט פון דער וויסענשאַפט?

ניין, ליעבע פריינדין, מיר ווילען קיינעם ניט מאַכען פער־אַנטוואָרטליך פאַר א געפעהרליכען אבער דאָך געזונדען און נויי־

טיגען קריזיס, וואס זיינע שלעכטע סימפּטאָמען זיינען שוין פּאַרי־
בערגעגאנגען און וועלען זיך שוין נאָך אמאָל ניט איבער'חזר'ן. —
דאָס יודענטום האָט איבערגעשטאַנען זיין לעצטע גרעסטע סכנה.
— עס האָט געגנער ניט פון זייטען פון דער וויסענשאַפט אָדער
פון לעבען, נאָר פון די, וועלכע שטעלען זיך אַרויס אלס זיינע פאַר־
טרעטער.

איך בין ווייט דערפון צו אונטערשעצען די אַרבייטען פון
יענע אידישע געלערנטע, וועלכע דער היינטיגער אידישער דור האָט
אַלעס צו פערדאַנקען, בילדונג, רייכטום, שטעלונג און פאָרטשריט,
און וועלכע האָבען געהאָלפען אויפהאַלטען די ריינע אידישע פאַ־
מיליע. — יענע געלערנטע און לעהרער זיינען די יורשים פון אונ־
זערע פאַרצייטיגע רבנים, וועלכע האָבען אין די צוויי טויזענד
יאהר פון גלות געשיצט דאָס יודענטום. ווען זיי געהען אפילו,
אַקוראַט ווי אונזערע דיכטער, מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם,
דאַרף נאָר צוקומען אַן אויסערליכע סבה, כדי זיי זאָלען ווערען אידי־
שע פּאַטריאָטען, ווי זיי זיינען דאָס יעצט אין הארצען. אַ סכנה
איז געווען פאַר דאָס יודענטום פון זייט פון די רעפאָרמאַטאָרען,
וועלכע האָבען מיט זייערע צערעמאָניען און אָבגעשטאַנענע
דרשות אויסגעזויגען פון יודענטום דעם מאַרך, און האָבען איבער־
געלאָזען פון דיעזער גרויסאַרטיגער ערשיינונג פון דער וועלטגעשיכ־
טע ניט מעהר ווי אַ סקעלעט. זיי האָבען ניט געוואָלט אויפהויבען
דאָס יודענטום אויף די הויכקייט פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט
און פערשענערען און פעראיידעלן דעם אַלטען רעליגיעזען קולט.
זיי האָבען נאָר געוואָלט דורכפיהרען אַ טויטע רעליגיאָנס־רע־
פאָרם, וועלכע שטאַמט פון אַן אַנדערער רעליגיאָן, און וועלכע
האָט ניט דעם קלענסטען אינהאַלט ניט אין דער מאָדערנער וועלט
און ניט אין דעם נאַציאָנאַלען יודענטום. — איך פערשטעה דעם
ווערט פון דער רעליגיעזער רעפאָרם פון ל ו ט ה ע ר אין דער
קריסטליכער צייט, און די עסטעטישע רעפאָרם אין מ ע נ ד ע ל ־
ס אָ ן ' ס צייט אין דער אידישער וועלט. יענע רעפאָרמאַטאָרען
האָבען דורכאויס ניט געוואָלט אָנריהרען דעם היסטאָרישען יסוד
פון אַ קולט, וואס מען קען ניט אויסקלערען בכונה אַ נייעם אויף
זיין פּלאַץ. אונזערע היינטיגע רעפאָרמער אבער ווילען דיעזען

**יסוד זעלבסט רעפּאַרמירען:** זייער רעפאָרם האָט נאָר דעם געגאַ־מיוועז זין, פעסטצושטעלען דעם אונגלויבען און דעם נאַ־ציאָנאַלען יסוד פון אונזער רעליגיאָן. זיי האָבען דערפאר נאָר גע־שטיצט דעם אינדיפערענטיזם און דעם אָבפאַל. אויב דאָס יודענ־טום איז ניט מעהר ווי א דאָגמאַטישע רעליגיאָן, וואָלט עס זיך גע־דארפט אויפלעזען אזוי ווי דאָס קריסטענטום. די אידישע רע־פאָרמאַטאָרען בעמיהען זיך אבער נאָר אויסצושיידען אלץ פון דער לעהרע און דעם קולט, וואָס דערמאָנט אָן די אידישע נאַציאָנאַ־ליטעט. זיי דוכט זיך אויס, דאָס אָן אייגענער פאַבריצירטער סדור, אין וועלכען א פילאָזאָפישער טעאיזם איז אויסגעדריקט אין שירים און מוזיק־נאָטען, דאָס אזא סדור איז ריהרענדער, איידער די אלטע העבּרעאישע תפילות, וועלכע דריקען אוים דעם שמערץ וועגען דעם פערלאָרענעם פאטערלאנד, און וועלכע זיינען נאָך היינט דער בונד, וואָס פעראייניגט אלע אידען אויף דער גאנצער ערד.

אונזערע רעפאָרמאַטאָרען האָבען געוואָלט מאכען פון דעם נאַ־ציאָנאלען און הומאַנעם יודענטום א צווייטעם קריסטענטום נאָך דעם ראַציאָנאַליסטישען צושניט. דיעזער שאָטען פון קריסטענטום איז אבער גאַנץ איבריג, ווען דער אָריגינאַל גופא ליעגט שוין קראַנק פון שווינדזוכט. — „די רעליגיאָן פון דער צוקונפט", פון וועלכער אייניגע פילאָזאָפען פון פאָריגען יאהר־הונדערט און זייערע הייג־טיגע נאָכאַהמער חלומ'ען, וועט ניט זיין קיין קאריקאַטור פון דער געצענדיענערישער נאַטור־רעליגיאָן, ניט א שאָטען פון דעם ניי־קריסטליכען און ניי־אידישען סקעלעט, וועלכער לעבט נאָך ווי א דבוק אין די קעפּ פון אונזערע רעפאָרמאַטאָרען. יעדע נאַציאָן מוז האָבען איהר אייגענע געשיכטס־רעליגיאָן, יעדעס פאָלק מוז ווערען, ווי דאָס אידישע, — גאָט'ס פאָלק.

די אידישע רעליגיאָן קומט ניט אריין אין סכנה, אזוי ווי די קריסטליכע, דורך די הומאַניטערע און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון אונזער צייט. עס איז א טעות, וועלכער שטאַמט נאָך פון קריסטענטום, דאָס אין א דאָגמאַט ליעגט די גאנצע וועלט־אנשוי־אונג. — איך זאָג ניט מיט מענדעלסאָן, אז דאָס יודענטום האָט ניט קיין דאָגמאַט, איך זאָג נאָר, דאָס זיין תורה איז קיינ־מאָל ניט געוועזען פארטיג און פערגליווערט, דאָס זי האָט זיך שטענ־

דיג ווייטער ענטוויקעלט אויף דעם יסוד פון דער געטליבער איינ־הייט פון לעבען מיט דעם גייסט פון אידישען פאלק און דער מענשהייט. די פרייע ענטוויקלונג פון דער תורה דורך לערנען און פארשען איז ביי דעם איד א הייליגער חוב. דאס איז דער גרונד, פאר וואס דאס יודענטום האט קיינמאל ניט אויסגעשלאסען דאס פילאזאפישע דענקען, און פאר וואס קיין עכטען איד איז ניט געקומען אויפ׳ן שכל צו רעפארמירען דאס יודענטום אויף דעם יסוד פון א פילאזאפישע וועלט־אנשויאונג. דערפאר זיינען אין יו־דענטום ניט ענטשטאנען קיינע סעקטען. — אויב אין דער לעצטער צייט זיינען ארויסגעטרעטען אין יודענטום ארטאדאקסע און ניט־ארטאדאקסע דאגמאטיקער, זיינען דאך אבער ניט ענטשטאנען קיינע סעקטען, וויל דאס יודענטום האט פלאץ פיר יעדע פרייע גייסט־טיגע שעפפונג. מיינונגס־פערשיעדענהייט וועגען מעטאפיזישע פראגען האט שטענדיג עקזיסטירט ביי אידען. אין יודענטום זיי־נען נאר פאראן אבגעפאלענע, וועלכע האבען זיך אין גאנצען אוים־געשלאסען פון כלל ישראל.

„און אזעלכע זיינען שוין ניטא", האט מיר געענטפערט דא־רויף א רב, פאר וועלכען איך האב אויסגעדריקט דיעזע מיינונג.

דאס יודענטום אלס נאציאנאליטעט האט א נאטירליכען יסוד, וועלכער קען ניט ארויסגעשטויסען ווערען ווי אן אמונה. א איד געהערט נאך זיין אבשטאמונג שטענדיג צום יודענטום, אבוואהל ער אדער זיינע אבות זיינען געווארען מומרים. דאס קען קלינגען פאראדאקסיש, אין דער פראקטיק איז דאס אבער שטענדיג ריכ־טיג. אויך א געטויפטער איד בלייבט א איד, אבוואהל ער קען דא־געגען זיך וועהרען. היינט קען מען שוין מעהר ניט אונטערשיידען צווישען א גע׳שמד׳טען איד און א ניט־גע׳שמד׳טען. מיין פריינד ארמאן ל., וועמעס זיידע עס האט זיך גע׳שמד׳ט, אינטערעסירט זיך מעהר פיר אידען, איידער פיעלע גע׳מל׳טע אידען, און גלויבט אין די אידישע נאציאנאליטעט מעהר, איידער די אויפגע־קלערטע רבנים.

דער איד איז מחויב ניט צו גלויבען, נאר צו פארשען די תורה. דער פלאכער ראציאנאליזם בעגניגענט זיך גרינג מיט דעם גלויבען. די דערקענטנים אבער ענטוויקעלט זיך מיט דעם אינדי־

ווידוּאוּם און דער מענשהייט, זי איז ניט איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסט און אָבגעשלאָסען. אין יודענטום האָבען געקאָנט זיך ענט־וויקלען פערשיעדענע לעבענסאנשויאונגען; פאַר דאָס שעפּפערישע יודענטום זיינען אַלע דיעזע לעבענסאנשויאונגען נאָר פאַראיבערגע־הענדע מאָמענטען, וועלכע ענדערען זיך לויט אויסערע און אינווע־ניגע ערלעבניסען, אבער וועלכע שפּיגלען אַלע אָב דעם אריגינעלען טיף און בעשאפען איהם סוף כל סוף אויפ׳ס ניי אַלס אַ רייפע פרוכט פון לעבענסבוים.

די גרויסע דענקער און איידעלע חאראקטערען האָבען שטענ־דיג פערשטאַנען אויף אזא אופן די אידישע געשיכטס־רעליגיאָן; זיי האָבען זיך ניט איינגערעדט, דאָס זיי וועלען רעפאָרמירען דעם היסטאָרישען יסוד פון אונזער רעליגיאָן. — סעדיה גאון און דער רמב׳ם, ספינאָזא און מענדעלסאָן זיינען ניט געווען קיין מומרים, אָבוואָהל די פרומאקעס האָבען זיי געוואָלט מחרים זיין, און האָ־בען זיי אויך מחרים געווען. — אויך אונזערע ראַציאָנאַליסטישע דאָגמאַטיקער וואָלטען די ספּינאָזיסטען מחרים געווען און גע־בלאָזען אין שופר, ווען זיי וואָלטען געהאַט די מאכט דערצו.

זייענדיג אונבעפריעדיגט פון דער אָרטאָדאָקסיע און דער רע־פאָרם פרעגט איהר, אָן וועלכער חברה מען זאָל זיך יעצט אָנשליע־סען אין יודענטום? — איך וויים נאָר פון איין חברה, און דאָס איז די אַלטע אידישע שול, וועלכע עקזיסטירט נאָך און וועט נאָך עקזיסטירען, ביז עס וועט זיך פערווירקליכען די נאַציאָנאַלע אויפ־לעבונג פון דעם אידישען פאָלק. — ווען איך וואָלט געהאַט אַ פאַ־מיליע, וואָלט איך, ניט קוקענדיג אויף מיינע אפּקורסות׳שע גע־דאנקען, מיך אָנגעשלאָסען ניט נאָר אין עפענטליכען לעבען אָן אַ פרומע אידישע געמיינדע, נאָר אויך אין מיין פאמיליע געהיט אלע אידישע יום־טובים, כדי צו דערהאַלטען לעבעדיג ביי מיר און מיינע קינדער די אידישע טראַדיציאָן. איך וואָלט געווים געהאָלפען צו פערשענערען די סינאַגאָגע און געטאָן וואָלט פיר די וויסענשאפט־ליכע אויסבילדונג פון רבנים און לעהרער. איך וואָלט געגעבען מיין האנד צו רעפאָרמען, אבער צו גאַנץ אַנדערע, ווי עס ווילען דאָס אונזערע רעפאָרמאַטאָרען. איך וואָלט ניט אָבגעשאפט קיין אַלטע מנהגים, ניט פערקריפּעלט דאָס העברעאישע ווארט, ניט

פערקירצט די שבתים און יום טובים. די חזנים און זינגער דאר־פען ניט זיין קיין טויטע אינסטרומענטען; די תפילות דאר־פען געדאווענט ווערען פון פרומע לייט און קינדער, און דארפען בעפריעדיגען מעהר נאך די פאדערונגען פון רעליגיאן איידער פון קונסט. די שול איז ניט קיין טעאטער, און די חזנים זיינען עט־וואס אנדערעס איידער גוטע קאמעדיאנטען. וואס עס קומט ניט פון הארץ, געהט ניט אין הארץ. — קורץ, איך וואלט אלעס אונ־טערשטיצט, וואס איז ניצליך פיר די דערהויבונג און בעלעהרונג פון דער געמיינדע. אין מיין אייגענער פאמיליע וואלט איך אב־געהיט די טראדיציאנען, וואלט אבער ניט אנגענומען קיינע רעליג־יעזע גלויבונגען און דאגמאטען.

דאס וואלט בעסער געדיענט דעם שלום אין די געמיינדען און דעם רעליגיעזען בעדירפנים, איידער די רעפארמען, וועלכע יעדער גייסטיגער גארנישט מאכט און וועלכע פערפרעמדען די נייע דורות פון יודענטום.

מען גיט אב צו פיעל כבוד דער רעפארם, ווען מען רופט זי אן א פרייע גייסטעס־ריכטונג. נעגאטיוו איז יעדע קריטיק, אפילו א פרייע ריכטונג. די פאזיטיווע פרייהייט אבער איז פרייע ענט־וויקלונג, און די ראציאנאליסטישע רעפארם, וועלכע פערלייקענט דאס וועזען פון יודענטום, די נאציאנאליטעט, קען ניט זיין שעפ־פעריש און דערפאר קען זי ניט זיין פריי. פאר די קריטיק פון האס אבגעלעבטע האט זי זעהר ווייניג אויפגעטאן. אין דיעזער בעציהונג האט אויפגעטאן די רעוואלוציאנערע צייט און ניט די אזוי־אנגערופענע רעפארמאטארען, די אידישע אדער די קריסטלי־כע. — די מאדערנע געזעלשאפט, וועלכע איז ארויסגעקומען פון דער רעוואלוציאן, איז א רעגענערירטע, זי רעפארמירט ניט, נאר זי שאפט נייעס. יעדע שעפפונג בעדארף עטוואס, פון גארנישט ווערט גארנישט. — דער זאמען פון די צוקינפטיגע סאציאלע שעפפונגען ליעגט אין דער אידישער נאציאנאל־הומאניטערער רעלי־גיאן. זאלאנג די אידען האבען ניט פערשטאנען דעם רעוואלו־ציאנערען הוראקטער פון דער נייער צייט, וועלכער איז אויך זייער תוכן, זיינען זיי ניט־פרייוויליג אריינגעריסען געווארען אין דיעזען שטראם פון דער מאדערנער געשיכטע. דערצו איז גאר ניט

נויטיג געווען קיין רעפאָרם. אין פראנקרייך און אם ריין, וואו די מאָדערנע שטרעמונג איז שטאַרקער איידער אנדערסוואו, איז קיין רעפאָרם ניט געווען, אבער דער אידעאל פון די רעפאָרמאַטאָרען, דער רעליגיעזער אינדיפערענטיזם, איז דאָרט דערגרייכט געווארען. די רעפאָרם האָט נאָר פעסטגעשטעלט דעם אונגלויבען, וועלכער האָט שוין פריהער עקזיסטירט, און פון דער נעגאַציאָן געמאכט א פרינציפּ. — מען וואָלט געקענט שענקען דער רעפאָרם דיעזען כבוד, ווען זי וואָלט זיך ניט וועלען דערביי אויך ארויסשטעלען אלס א פּאָזיטיווען פרינציפּ און ניט פרובען זיך אוועקשטעלען די תורת משה אלס די פיהרערין פון דעם בענייטען יודענטום, אין געגענזאַץ צום תלמוד. דאס איז נאָך א בעשרענקטערער גע־זיכטספונקט, איידער דער ארטאָדאָקסישער, אָבצוזאָגען זיך פון תורה שבעל פה און אנערקענען נאָר די תורה שבכתב. דער געזיכטס־פונקט איז דערביי אויך דורכאויס ניט־היסטאָריש. ביז צום גלות בבל און די סופרים זיינען תורה שבכתב און תורה שבעל פה גאָר ניט געווען אָבגעטיילט איינס פון דאָס אנדערע. ווי די פאנאנ־דערשייטונג פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה איז פאָרגעקומען, איז נאָך ניט גאָר קלאָר היסטאָריש, אבער דער גייסט פון די סופרים און אנשי כנסת הגדולה איז געווען אקוראט אזא פרייער, הייליגער און פאטריאָטישער, ווי פון משה און די נביאים. יעדע בעפריי־אונג פון סאָציאַל־פּאָליטישער קנעכטשאפט איז אויך א גייסטיגע בעפרייאונג און בעפרוכטונג פון דעם נאציאנאלען געניוס. די אי־דישע תורה האָט געהאט צוויי הויפּט־עפּאָכען, נאָך דער בעפריי־אונג פון דער עבדות מצרים און נאָך דער בעפרייאונג פון גלות בבל. די דריטע דאַרף ערשט קומען, דאָס איז די עפּאָכע נאָך דער בעפרייאונג פון דריטען גלות. — די בעדייטונג פון דער צווייטער עפּאָכע איז פון אונזערע רעפאָרמאַטאָרען, וועלכע פער־שטעהען גאָרניט דעם שעפּפערישען געניוס פון דער אידישער נאַ־ציאָן, ווייניגער פערשטאַנען געווארען, איידער פון די רבנים, וועל־כע האָבען געשטעלט עזרא׳ן אזוי הויך ווי משה׳ן. — די תורה שבכתב האָט ניט קיין הייליגערען אורשפרונג, איידער די תורה שבעל פה. פערקעהרט, פון דעם בית שני אָן איז די לעבעדיגע מסורה בעל פה בעטראַכט געוואָרען נאָך הייליגער, איידער די

געשריעבענע תורה. דאס איז אויך פערשטענדליך. דער נאציא־נאל־געזעצגעבענדער געניוס וואָלט אבגעשטאָרבען, ווען ער וואָלט זיך ניט בעשעפטיגט מיט דער לעבעדיגער ענטוויקלונג פון דער תורה. א דאנק דיעזער בעשעפטיגונג האָט דאָס יודענטום אויפ־געלעבט נאָך דעם גלות בבל און האָט זיך ערהאלטען אין גלות. איהם וועט עס אויך האָבען צו פערדאנקען זיין צוקינפטיגע נאַ־ציאנאַלע אויפלעבונג.

דערפאר איז פערבאָטען געוואָרען צו שרייבען די תורה שבעל פה. וואָלט מען די תורה נאָר געלערנט בעל פה אין די שולען, וואָלט דאָס יודענטום ניט פערלאָרען זיין נאַציאָנאַלען געניוס. אָבער מען האָט געמוזט אויפשרייבען די תורה שבעל פה, כדי זי זאל ניט פערגעסען ווערען אין גלות. דיעזע סכנה איז היינט ניטאָ. פון דער אנדער סכנה פון פערשטיינערונג וויכען מיר אוים דער־מיט, וואס מיר דערוועקען אין אונז געגען דעם פארמאליזם דעם גייסט פון קריטיק, געגען דעם ראציאנאליזם דעם הייליגען פאטריא־טישען גייסט פון אונזערע נביאים, געזעצגעבער און סופרים. מיר דארפען זיך בעשעפטיגען מיט אונזער פאָלקס־געשיכטע און דער־וועקען אין אונזער יוגענד וויעדער יענעם גייסט, וועלכער איז דער אורקוואַל, פון וואַנען עס האָבען געשעפט אונזערע נביאים. ווען מיר וועלען שעפען פון יענעם קוואַל, וועלען אונזערע תלמידי חכמים בעקומען אין פאָלק די אויטאָריטעט, וועלכע זיי האָבען מיט רעכט פערלאָרען זייט דעם אויגענבליק, ווען זיי זיינען געוואָרען פרעמד צו דעם גייסט פון יודענטום און האָבען עס געוואָלט רעפאָר־מירען צוליעב זייטיגע צוועקען. מיר וועלען בעקומען אין אונז די מאכט צו ענטוויקלען די תורה און צו רעפאָרמירען זי נאָך דעם בעדירפנים פון אידישען פאָלק. ווען עס וועט קומען דער סוף פון דעם אידישען גלות, דער וויעדעראויפבוי פון דער נייער אידי־שער מלוכה, וועט מען אונז געפינען ריכטיג פאָרבערייטעט.

## אַנמערקונג.

1) ווען מען קען ניט מאכען פון די תפלות געזאנגביכער, בעגניגענט מען זיך מיט וויינינגער. דר. הירש, ראבינער אין לוק־סעמבורג, האָט אין די י"ח ברכות המחזיר שכינתו לציון רעפאָר־

מירט אין שאותך לבדך ביראה נעבוד! — אנדערע רעפאָרמאטאָ־
רען בעגניגענען זיך דערמיט, וואס זיי פערטרייבען די שענע תפלה
יגדל פון שול, ווארום אויך אין דיעזער תפלה האָט דער משיח־
גלויבען געפונען א פאָעטישען אויסדרוק. — אקוראט ווי דיעזער
גלויבען, וועלכער איז די נשמה פון יודענטום, וואָלט נאָר געווען
ענטהאלטען אין דיעזע איינצעלנע תפלות און שירים און וואָלט
ניט געווען דער תוכן פון דעם גאנצען אידישען קולט.

---

## אכטער בריעף.

ניי אויפבליהענדע אידישע ליטעראטור. — לוצאטא, ראפאפארט, פראנ־
קעל, קראכמאל. — זאקס און היינע וועגען יהודה הלוי. — מענ־
דעלסאן און די נייע מאָדישע. — שאר. — סעקטירער אָהן סעקטען. —
סאלוואדאָר. — רעליגיאָנס־צוקונפטמישער און פריימויערער. —
הירש. — די בלומרשטע מיסיאָן פון אידען אין גלות.

איהר האָט א טעות, ליעבע פריינדין, ווען איהר גלויבט, דאָס
נאָר אונזערע אזוי אָנגערופענע אויפגעקלערטע האָבען זיך בעקאָנט
געמאכט מיט דער וויסענשאפט און דער קולטור פון דער צייט;
דאָס אבער צווישען די פרומע אידען הערשט נאָך פינסטערניס,
וועלכע איז אקוראט אזוי שעדליך פאר די וויעדעראויפלעבונג פון
אונזער פאָלק, ווי דער מאָדערנער אינדיפערענטיזם. — זייט דער
צייט, וואס איך האָב מיך געווידמעט דער זאך פון מיין פאָלק, בין
איך פערזענליך און דורך זייערע שריפטען בעקאנט געווארען מיט
פרומע לייט פון דעם עלטערען, אבער נאָך מעהר פון דעם איגגערען
דור. דיעזע פרומע אידען שטעהען ניט אָב אין וויסענשאפטליכער
און ליטעראַרישער בילדונג, פערשטעהען אבער בעסער צו ווירדי־
גען די נאציאנאלע פערגאנגענהייט און צוקונפט פון אונזער פאָלק,
איידער יענע אויפגעקלערטע קעפ, ביי וועלכע עס פעהלט דער פי־
לאָזאָפישער גייסט און דער היסטאָרישער זין.

דאָס אָרטאָדאָקסע יודענטום האָט אין ענגלאנד, פראנקרייך,
איטאַליען, דייטשלאנד, אונגארן, פוילען, בעהמען אקוראט אזוי גוטע
זיינע ליטעראריש־וויסענשאפטליכע פערטרעטער, ווי דאס אויפגע־
קלערטע יודענטום. צייטשריפטען און פילאָזאָפישע ווערק ווערען
פון אונזערע פרומע ברידער ארויסגעגעבען זעהר אָפט אין לשון

קדש און זיינע דורכגעדרונגען פון דעם גייסט פון עכטער הומאַ־
ניטעט, אַזוי ווי די נאַציאָן, צו וועלכער זיי געהערען. די העברע־
אישע ליטעראַטור איז אין אונזער יאָהר־הונדערט פון נאַציאָנאַלער
ווידערגעבורט, אַ דאַנק די אויסגעצייכענטע ארבייטען פון ל ו ־
צ אַ ט אָ, ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט, פּ ר אַ נ ק ע ל, ק ר אָ כ מ אַ ל
א. ז. וו. דערוואַכט צו נייעם לעבען, און אויך די דייטשע געביל־
דעטע ראַבינער בענוצען שוין די העברעאישע שפּראַך אין זייערע
בריעף. אפילו דער פערשטאָרבענער ה א ל ד ה י י ם האָט דאָך
זיין לעצטעס בוך געשריעבען אין לשון קדש, און ש אָ ר, וועל־
כער איז אזא שטאַרקער געגנער פון דער אָרטאָדאָקסיע, ווי האָלד־
היים, גיט ארויס זיין צייטשריפט „החלוץ“ אין לשון קדש. דאָס
נאַציאָנאַלע יודענטום האָט הפנים שוין היינט בעקומען אַ גרויסען
איינפלוס, ווען אפילו זיינע געגנער מוזען בעטרעטען דעם נאַציאָ־
נאַלען באָדען, כדי מען זאָל זיי הערען!

לעזט דאָך די „רעליגיעזע פּאָעזיע פון די אידען אין שפּאַ־
ניען“ פון דר. זאַקס. דיעזעס ווערק איז געשריעבען געוואָרען
אין דעם איידעלסטען סטיל און וועט אייך איבערצייגען, דאָס גע־
בילדעטע און דערצו פרומע אידען ווירקען פיעל בעסער אויף דאָס
יודענטום, ווי די רעפאָרמאַטאָרען. די רעפאָרמאַטאָרען שפּיעגלען
נאָר אָב דאָס קאַלטע געבאָרגטע ליכט פון דער אָבגעשטאָרבענער
אסימילאַציאָנס־עפּאָכע אויף די חורבות פון דער פערגליווערטער
אָרטאָדאָקסיע, אָבער זיי אַליין טראָגען אין זיך ניט דאָס ליכט און
ניט די וואַרעמקייט פון דעם נייען לעבען.

איהר ווייסט אפשר פון ה י י נ ע ' ס ראָמאַנצעראָ דעם טראַ־
גישען סוף פון אונזער אידישען פּאַטריאָט און הייליגען זינגער
יהודה הלוי, פון וועלכען די מעשה דערצעהלט, דאָס ער איז גע־
שטאָרבען אויף די חורבות פון ירושלים, וואוהין עס האָט איהם גע־
טריעבען די תשוקה צו די ארץ אבותינו. — עס וועט אייך אינטע־
רעסירען, זיך עטוואָס צו דערוויסען פון דעם לעבען און חאַראַקטער
פון דיעזען פרומען זינגער, וועלכער האָט בערייכערט אונזער סדור
מיט אַזעלכע הערליכע פּאָעזיען.

„ווער עס קען ניט“, אַזוי שרייבט דר. זאַקס, „טעאָרעטיש
לעזען דאָס פּראָבלעם, ווי אַזוי אַ צושטרייטעס פאָלק קען האָבען אַ

נאציאנאליטעט און א היימלאָזעס פאָלק א פאטערלאנד, דער וועט געפינען די טאטזעכליכע פראקטישע לעזונג דערפון אין דער פער־זאָן פון דיעזען זינגער“.

איך קען דאָ ניט אונטערדריקען די בעמערקונג, דאָס די שפא־ניש־אידישע קולטור־עפּאָכע האָט פּראקטיש געלעזט נאָך אן אנ־דערעס פּראָבלעם, דאָס פּראָבלעם ווי מען קען זיין צו דער גלייכער צייט א פּאטריאטישער נאציאנאלער איד אין פולסטען זין פון ווארט, און דאָך זיך בעטייליגען אין דעם קולטורלעבען און שטאאטסלעבען פון לאנד, וואו מען איז א בירגער, אזוי דאָס דיעזעס לאנד זאָל ווערען א צווייטעס פאטערלאנד.

„די תשוקה צו דער שטונדע פון דער גאולה“, אזוי שרייבט וויטער זאקס, „איז, פערשטעהט זיך, ביי אלע שפּאנישע פּאָעטען דער הערשענדער שטריך. פיעלע אבער ווערען געטריבען צו אזעל־כע האָפנונגען און ווינשען דורך די שווערע צייט, אין וועלכע זיי לעבען. ביי ר׳ יהודה הלוי אבער איז עס א קלאָרעס ליעבענדעס פערלאנגען, וועלכעס דריקט זיך אויס אמאָל קינדיש איינפאך, און אמאָל מיט פייערדיגער אינוועניגקייט. די ענערגיע און לעבעדיג־קייט, מיט וועלכער ער דריקט אויס דעם גלויבען אין די ערלעזונג פון זיין פאָלק, איז נאָך שטארקער דערמיט, ווייל אין דיעזע שירים קלינגט ניט אָב די שווערע געגענווארט, אזוי דאָס די משיח־האָפ־נונג איז ביי איהם ניט דאָס פערצווייפעלטע אנטלויפען פון א דונ־קעלער אומגעבונג אין ליכטיגע הימלען. ער האָט איז זיך די צו־פערזיכט, און די פרייד פון זיין גלויבען בעגייסטערט איהם“.

דיעזע זעלבסטגעוויסהייט און פרייד פון גלויבען דערמאָנט מיך וויעדער אָן מיין פרומען גראָספאטער. ווען מען פלעגט צו איהם רעדען מכח פלאנען פון צוקונפט, פלעגט ער זיי צוריקווייזען מיט דער בעמערקונג, דאָס מיר דארפען אין גלות ניט מאכען קיינע פלא־נען פון צוקונפט, ווארום די גאולה איז נאָהענט. מיין גראָספאטער איז ניט געווען קיין פּאָעט און ניט קיין נביא, נאָר א געשעפטס־מאן, וועלכער פלעגט ביי טאָג טאָן מסחר און ביי נאכט לערנען תורה, ווי איך האָב אייך שוין פריהער געשריעבען. — דאָס לער־נען תורה איז אין גלות געוואָרען דער הויפּט־טייל פון נאציאָנא־לען קולט. „דער בית מדרש“, זאָגט ער, „איז געווארען דער איינ־

ציגער מיטעלפונקט פון זעלבסטשטענדיגען לעבען און די תלמידי חכמים זיינען געווארען די טרעגער פון דער גייסטיגער נ א צ י א ־ נ א ל י ט ע ט ". די סינאגאגע איז געווען א בית התפילה און א בית המדרש. זי רופט זיך דערפאר נאך עד היום ביי די דייטשע אידען „שול". — דער אייגענטימליכער נאציאנאלער קולט, וועלכער בעשטעהט אין לערנען און אין דער בעאבאכטונג פון טויזענדע קליינע דינים, מיט וועלכע דאס יודענטום האט זיך ארומ־געצוימט, כדי צו בעשיצען זיין גאנצקייט אין גלות, אזוי ווי אמאל שוין געגען דעם העלעניזם, — דיזע יוריסטיש־רעליגיעזע דינים, וועלכע דורכדרינגען דאס גאנצע לעבען פון אידען, ווערען פער־שפאטעט פון פוסטע קעפ. פון פוסטע קעפ, וועלכע פערשטעהען ניט דעם טיעף־פאטריאטישען זין פון דיזע דינים, און וועלכע האלטען זיך פאר אויפגעקלעהרט, ווייל זיי האבען זיך אבגעווענ־דעט פון די פאלקסטראדיציאנען. עס איז נאך אלץ דאס אלטע אונגליק, וועלכעס האט זיך אנגעהויבען גלייך נאך מ ע נ ד ע ל ־ ס א ן און האט מענדעלסאנ'ען זעלבסט געקאסט גענוג שמער־צען. ווארום שוין אין דער צייט פון מענדעלסאן זיינען אויפ־געטרעטען יענע „ניימאדישע", וועלכע מעסטען זייער אויפקלערונג נאך דעם גראד פון זייער אבפאל פון יודענטום און בעקומען צום סוף אין דעם טויפצעטעל א צייגניס פאר שטאאטס־שטעלען. — פון יענע ערשטע צייטען פון דער אידישער אויפבליהונג איז פאר־ראן אן אנעקדאט, וועלכער איז כאראקטעריסטיש פאר יענער עפא־כע. א איד איז געקומען צו מענדעלסאנ'ען און האט זיך בע־ריהמט מיט די פילאזאפישע פעהיגקייטען פון זיין זוהן. אויף מענדעלסאנ'ס פראגע, אין וואס אייגענטליך האבען זיך די פעהיג־קייטען פון דעם זוהן אויסגעדריקט, האט דער גליקליכער פאטער געענטפערט, דאס דער זוהן לעגט שוין זייט פיעלע חדשים קיין תפילין ניט!

איהר ווייסט, דאס תפילין איז א מצוה מן התורה. די תורה פערזאגט, דאס מען זאל געדענקען די געטליכע לעהרע, און מען זאל זי אויפשרייבען איבער דער טיר, מאכען א סימן פון איהר אויף די עקען פון בגד, מאכען א סימן פון איהר אויף דער האנד און אויפ'ן שטערן צווישען די אויגען. מען געפינט ווירקליך אויף

די אַלטע עגיפּטישע מאָנומענטען אידען מיט ציצית, אַ סימן, דאָס דער מנהג איז זעהר אַלט. אויב אבער אפילו תפילין איז ניט אזא אַלטער מנהג, ווי ציצית, אזוי ווי דאָס מיינט ש א ר , זיי־נען דאָך אבער יענער אויפגעקלעהרטער זוהן און זיין גליקליכער פאָ־טער אזוי ווייניג בעקאַנט געווען מיט שאר׳ס פאָרשונגען, ווי מענ־דעלסאָן זעלבסט, וועלכער האָט געלעגט יעדען טאָג תפילין און אָבגעהיט אַלע אידישע דינים און פיהרונגען. די אויפגעקלעהרטע תלמידים האָבען קיינמאָל ניט געקענט פערשטעהען מענדעלסאָנ׳ס טרייקייט צו אונזערע אַלטע אידישע טראַדיציאָנען. מענדעלסאָנ׳ס שטעלונג צום ארטאָדאָקסישען יודענטום איז איבערהויפּט ניט גע־ווען אַ פאָלגע פון זיין דענקען, נאָר די נאַטירליכע אויסשטרעמונג פון זיין אידישען געפיהל. זיין פיינער טאַקט האָט עס ריכטיג גע־פיהלט, דאָס ווען מען זאגט זיך אָב פון די אידישע טראַדיציאָנען, זאָגט מען זיך אָב פון יודענטום בכלל. מען קען די טראַדיציאָנען ערקלערען און ארויסברענגען זייער ענטשטעהונג דורך היסטאָרישע קריטיק, אבער ניט אוועקוואַרפען זיי און פערשפּאָטען פון אינדי־פערענטיזם און מאָדערנאָגעניש. — איהר, וועלכע ערקלערט די לעה־רען און געבאָטען פון אונזערע חכמים פאר נארעשקייטען, זאָגט, וואָס וואָלט געווארען פון יודענטום און אידען, ווען זיי וואָלטען זיך ניט ביז צום טאָג פון זייער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אריינגעשפּו־נען אין זייער תלמוד, כדי זיך ערשט שפּעטער נאָך זייער פאָלגענ־דעטער גייסטיגער ווידערגעבורט ווי אַ שמעטערלינג אויפהויבען צו דער זון, לעבען אַלע איבריגע פריינעוואָרענע נאציאָנען? וואָל־טען זיי זיך געקענט דערהאַלטען אכטצעהן הונדערט יאהר און וואָלטען זיי זיך געקענט בעטייליגען אין דער קריסטליכער און מאהאמעדאנישער רעליגיאן, וואָלטען זיי דען ניט לאנג שוין פער־שוואונדען אַלס נאַציאָן פון דער ערד, ווען זיי וואָלטען זיך ניט געשאפען אומעדום מיט זייער לעבענס־פיהרונג אַ הייליגען באָדען, נאָכדעם ווי זיי זיינען פערטריעבען געווארען פון הייליגען לאנד פון זייערע אבות?

עס פערשטעהט זיך, וועמען עס פעהלט דער זין פאר געשיכט־ליכע ענטוויקלונג, יענעם איז עס גלייכגילטיג, אויב די אידישע נאציאן איז געבליעבען לעבען, אדער זי וואָלט אונטערגעגאנגען.

יענע גרויסע ארגאנישע שעפּפונג פון דער אידישער ליטעראטור, וועלכע איז דורך דריי יאהרטויזענדען ארויסגעוואקסען מיט אינ־ווענדיגער נויטווענדיגקייט פון דעם נאציאנאלען וועזען פון יודענ־טום, זעהט אויס ביי אונזערע ראציאנאליסטישע קליינגייסטער, ווי אן איבערפליסיגע פלאנץ, וועלכע האט געהארפט גיך און ראדיקאל אויסגעוואָרצעלט ווערען, וויבאלד זיי זיינען געווארען קלוג. — דיעזע קארליקעס פון א ריעזען־גרויסער צייט ווייסען ניט, דאס זייער גאנצע עקזיסטענץ איז שוין היינט פעראלטעט. פאר דער פראנצויזישער רעוואָלוציאן, אין יאהרהונדערט פון דער „קריטיק פון דער ריינער פערנונפט", איז דער ראציאנאליזם געווען בערעכ־טיגט. היינט, בשעת דער דאָגמאטיזם איז שוין צובראָכען געווא־רען, האָבען מיר דאָס בעדירפניס צו שאפען מיט אונזער פריי־געוואָרענעם גייסט, און זיך דערפאר צו פערבינדען מיט די שעפ־פערישע גייסטער פון אלע צייטען און ניט בלייבען פאראיינס ביי נעגאטיווער קריטיק, וועלכע האט פאר אונז קיין ווערט ניט. — דאָס בעדירפניס צו נייע שעפּפונגען פיהלען, פערשטעהט זיך, אויך די אידען, וועלכע זיינען אונפעהיג צו פערשטעהען דאָס שעפ־פערישע אין דער התגלות פון דעם אידישען גייסט און קענען ניט ווייטער בויען אויף דיעזען יסוד. אין זייער גייסטיגער הילפלאָזיג־קייט אבער כאפּען זיי זיך אָן אָן אויסערליכע צערעמאָניעלע מיט־לען, וועלכע פליעסען ניט פון דעם טיעפען לעבענסברונען פון אונ־זער נאציאן.

אין יודענטום, אזוי ווי אין דער גאנצער וועלט, זיינען פאראן צוויי ריכטונגען, וועלכע זיינען אפילו ענטגעגענגעזעצט, אבער וועל־כע שטאמען ביידע פון דעם בעדירפניס צו געפינען אָביעקטיווע אמת'ן, און פון דער אונפעהיגקייט דיעזע אמת'ן צו בעשאפען. — אייניגע קעהרען זיך דערפאר אום צו דעם אלטען קריטיקלאָזען גלוי־בען, וועלכער האט אבער פערלאָרען ביי זיי דעם אמת'ן קריטיקלאָ־זען נאאיווען כאראקטער. — אין זייער פערצווייפעלטען פערלאנגען צו ראטעווען זיך פון ניהיליזם, פערבלייבען זיי אין בעוווּאוּסט־זיניגען ווידערשפּרוך מיט דער פערנונפט. דיעזע פערצוויי־פעלטע רעאקציאן, וועלכע טרעט אויף געגען די נצחונות פון דער פערנונפט און דער רעוואָלוציאן, איז אין דער קריסטליכער וועלט

בעקאנט אלס סופערנאטוראליזם. אין דער אידישער וועלט ווערט זי פערטרעטען פון רבי ר פ א ל ה י ר ש אין פראנקפורט און אנדערע וויניגער בעגאבטע גייסטער, אבער אויך פון פיעלע ריינע עם־הארצים און צבועים, וואס איהר קענט בלייבען אונבעקאנט מיט זייערע נעמען. — געגען דיעזע רעאקציאנערען האבען די נעגא־טיווע רעפארם־שטרעבונגען א געוויסע בערעכטיגונג אלס געגען־גיפט, אבוואהל דער אבסטראקטער שכל, אויף וועלכען די רעפארם שטיצט זיך, קען קיינמאל ניט פיהרען צום אביעקטיווען אמת. — דערפאר איז די גאנצע רעפארם אינדיווידועל צוריסען און צושפאל־טען. — די מאדערנע רעליגיאנס־רעפארמער און רעליגיאנס־פאב־ריקאנטען זיינען סעקטירער אהן סעקטען. יעדער פון אונזערע אי־דישע פראטעסטאנטען האט זיין אייגענעם שלחן־ערוך. פון דיע־זעם כאאס פון מיינונגען וועט זיך געוויס ענטוויקלען א נייעס לע־בען, וועלכעס הויבט שוין אן זיך ארויסצואווייזען ביי דעם יונגען דור פון אונזערע אידישע געלערנטע און וועלכעס וועט ברייגגען גאנץ אנדערע רעזולטאטען, איידער מען האט זיי ביז יעצט ערווארטעט צווישען די דייטשע קולטור־אידען.

אויך דאס פראנצויזישע יודענטום, אין וועלכען עס איז נאך ניט פארגעקומען קיין שפאלטונג צווישען רעפארם און ארטאדאק־סיע און וועט אויך להבא ניט מעהר פארקומען, איז דאך ניט גע־בליעבען פריי פון דער טענדענץ, צונויפצומישען די פערשיעדענע היסטארישע קולטען, וועלכע זוכט צו דערגרייכען איהר ציעל דער־מיט, וואס זי נעהמט אוועק פון די קולטען זייער היסטארישען און באמת חאראקטעריסטישען אינהאלט.

איהר האט שוין געוויס געהערט פון דזשאזעף ס א ל ו ו א־ד א ר, דער פערפאסער פון דעם ווערק: ג ע ש י כ ט ע פ ו ן ד י א י נ ס ט י ט ו צ י א נ ע ן פ ו ן מ ש ה א ו ן פ ו ן ד ע ם א י ד י ש ע ן פ א ל ק. ניט לאנג האט סאלוואדאר ארויסגעגעבען א ווערק אונטער דעם נאמען: פאריז, רוים, ירושלים, פון וועלכען איהר וועט, אגב אורחא, קענען זעהען, דאס אפילו צווישען אונזערע אויפגעקלעהרטע ברידער זיינען פאראן טרוי־מער פון דעם ווידעראויפבוי פון ירושלים און דעם בית־המקדש. אבער זייער בנין פון ירושלים און דעם בית־המקדש וועט

ניט געפעלען ניט די פרומע און ניט די אויפגעקלעהרטע אידען און קריסטען. זייער נייער ירושלים דארף זיין די וועלט־הויפטשטאדט פון אלע רעליגיאנס־צונויפמישער. — סאלוואדאר מיינט נאך, דאס די אידען מוזען פריהער ווערען קריסטען, כדי דערנאך מאכען די קריסטען פאר אידען. דיעזע ארבייט האט זיך אבער שוין אנגע־הויבען מיט אכטצעהן הונדערט יאהר פריהער, און איז דערפאר ניט אזוי ניי, ווי סאלוואדאר מיינט. דאס יודענטום, וועלכעס סאלוואדאר האט זיך געמאכט אין זיין קאפ, איז, פערשטעהט זיך, אזוי ניי, ווי זיין קריסטענטום.

אנדערע רעליגיאנס־צונויפמישער, ווי מיין פריינד ה י ר ש פון לוקסעמבורג, ווילען בענוצען דאס פריימאורערטום, כדי צו־נויפצושמעלצען אלע היסטארישע קולטען. דער לוקסעמבורגער ראַ־בינער הירש, דער היפך פון דעם פראנקפורטער ראבינער הירש, האט אין זיינע אויסגעצייכענטע פארטרעגען, וועלכע ער האט גע־האלטען אין דער לוקסעמבורגער לאדזש און ארויסגעגעבען אונטער דעם נאמען: „די הומאניטעט אלס רעליגיאן" דערפיהרט דעם גע־דאנקען פון רעליגיאנס־צונויפמישונג ביז צום לאגישען סוף. די אידישע גלחים דארפען יעצט נאר צומאכען זייערע רעפארם־טעמפ־לען און שיקען זייערע אידישע קירכען־קינדער אין דעם טעמפעל פון די פריימוירער. — די קאנסעקווענצען פון דער רעפארם האַ־בען, געגען איהר אייגענעם רצון, באמת געפיהרט אויף דיעזען וועג אלע די אידען, וועלכע האבען זיך גערעכענט ערנסט מיט די דרשות פון די אידישע פרעדיגער, ווי איהר ווייסט עס זעהר גוט אלס פראנקפורטער קינד. אומזיסט האט מען שפעטער אויסגעשמיקט די דרשות וועגען רעליגיאנס־פערמישונג מיט תלמודישע מאמרים און ווערטער, עס איז שוין געווען צו שפעט, און מען האט גע־מוזט פרעדיגען די דרשות פאר פוסטע בענק.

אונזערע אידישע ראציאנאליסטען, וועלכע האבען קיין גרונד ניט צו בלייבען אין יודענטום, אזוי ווי די קריסטליכע ראציאנאליס־טען האבען ניט קיין גרונד צו בלייבען אין קריסטענטום, זיינען אקוראט אזוי ווי יענע ערפינדעריש אין דער אויסקלערונג פון גרינ־דען פאר די ערהאלטונג פון א רעליגיאן, וועלכע האט פערלארען פאר זיי יעדען זין. — לויט זייער מיינונג איז דער ג ל ו ת פון אי־

דען די *מיסיאן* פון יודענטום. — די אידען אין גלות דארפען אלזא נאך א סך זאכען בעזארגען! ערשטענס דארפען זיי פערטרעטען דעם „ריינעם“ מאנאטעאיזם געגען דאס קריסטענטום. צווייטענס דארף דאס „טאלעראנטע“ יודענטום לערנען דעם ניט־טאלעראנטען קריסטענטום הומאניטעט. ווייטער דארף דאס יודענטום אין גלות זיך מיהען, דאס די לעהרע און דאס לעבען, וועלכע זיינען אין קריסטענטום צוריסען, זאלען זיך ווידער פעראייניגען. — איז דאס שוין אלעס? ניין, די אידען זיינען אויך נויטיג פאר די גוים, צווישען וועלכע זיי לעבען, צוליעב דער ענטוויקלונג פון האנדעל און אינדוסטריע, און זיי טראגען אויך אריין גייסטיגע אונרוהיגקייט. יע, איך האב אפילו געהערט, דאס די אינדא־גערמאנישע ראסע מוז פערבעסערט ווערען דורך די אידישע!

אבער איהר דארפט וויסען, דאס פון אלע אמת׳ע און אויסגעטראכטע טובות, וועלכע די אידען האבען אין גלות געבראכט דער ציוויליזירטער וועלט, וועט קיינע ניט געהען לאבוד, ווען עס וועט זיין א אידישע מלוכה. ווארום אזוי ווי אין בית שני זיינען ניט אלע אידען צוריקגעקומען אין ארץ־ישראל, נאר דער גרעסטער טייל איז געבליבען אין דעם דאמאליגען גלות, אזוי קענען מיר ניט ערווארטען ביי דער צוקינפטיגער אויפלעבונג אזא וואונדער. איבריגענס דוכט זיך מיר, דאס דיעזע אידישע טובות פאר דער וועלט זיינען אביסעל איבערטריעבען. עס איז א פעראלטעטע זאך, ווען מען גיט אידען מיסיאנען, וועלכע זיי האבען געהאט אין אלטערטום, אפשר טיילווייז נאך אין מיטעלאלטער, וועלכע זיי קענען אבער געגענווערטיג מעהר ניט האבען. — וואס אנבעטרעפט די איינהייט פון דער לעהרע און דעם לעבען, איז זי נאר מעגליך ביי א נאציאן, וועלכע איז ארגאניזירט אין א מלוכה און פערווירקליכט זי אין די סאציאלע אינסטיטוציאנען. — פון וועלכע אידען פון גלות זאלען די היינטיגע קריסטען זיך אייגענטליך לערנען טאלעראנץ און מענשליכקייט? — ווען מען גיט די אידען די מיסיאן, צו בעפרייען די וועלט פון פאנאטיזם און אבערגלויבען, מיינט מען דאס *אויפגעקלערטע* יודענטום. איז דען אבער דער אויפגעקלערטער *קריסט* ניט בערעכטיגט, צו ענטפערן דעם אויפגעקלערטען איד דאסזעלבע, וואס *לעסינג* לאזט זאגען

אין זיין נתן דער חכם דעם אויפגעקלערטען קריסט צו דעם אויפגעקלערטען איד?

„וואס עס מאכט מיך פאר אייך א קריסט,
דאס מאכט אייך פאר מיר א איד“.

אדער ווען, פערקעהרט, דער אויפגעקלערטער איד זאל קענען זאגען צום ארטאדאקסישען קריסט: דיין גלויבען איז אבערגלויבען, דיין רעליגיאן איז פאנאטיזום, קען דאך דער אויפגעקלערטער קריסט זאגען עטוואס ענליכעס צום ארטאדאקסישען אידען לטובת פון דער קריסטליכער רעליגיאן! — אונזערע אויפגעקלערטע קולטור־אידען, וועלכע בעשולדיגען די קריסטען אין דעם בעגעהר צו פערפאלגען, דענקען אקוראט אזוי, ווי בעטמאן־האלוועג, וועלכער מאכט דעמזעלבען פארוואורף צו די אידען. דורך אזעלכע ערקלערונגען ווערט די געשיכטע ניט געענדערט און ווערט ניט געשטערט אין איהר לויף.

פון אויפגעקלערטען שטאנדפונקט זעה איך ניט קיין גרונד פאר די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון יודענטום אדער פון קריסטענטום. — דער איד, וועלכער גלויבט ניט אין די נאציאנאלע אויפלעבונג פון זיין פאלק, קען נאר ארבייטען, אזוי ווי דער קריסט, פאר די אויפלעזונג פון זיין רעליגיאן. איך פערשטעה, דאס מען קען האבען אזא מיינונג. איך פערשטעה אבער ניט גום, ווי אזוי מען קען ארבייטען צו דערזעלביגער צייט פאר אויפקלערונג און פאר די „מיסיאן פון יודענטום אין גלות“, דאס הייסט זיין בעגייסטערט פאר זיין אויפלעזונג און פאר זיין ווייטערע ערהאלטונג.

## אנמערקונג.

1) נאכדעם ווי איך האב געשריעבען דיעזע שורות, איז פיעלע מאל אויסגעדריקט געווארען די מיינונג, אפילו צווישען די פרומסטע אידען און קריסטען, דאס דער אויפבוי פון א אידישער מלוכה איז מעגליך אויף א נאטירליכען אופן. (זעה נאטע 10).

## ניינטער בריעף.

א דילעמא. — הייליגע געשיכטע פון דער מענשהייט. — אונזערע בונדעס־גענאָסען. — אייגהייט פון מענשען־געשלעכט. — ראסען און פאלקס־טיפען. — ארגאניזם פון דער מענשהייט. — ארגאן פון ליעבע.

איהר שטעלט אויף א דילעמא, אדער מען מוז מיט דעם ל ו ק ־ ס ע מ ב ו ר ג ע ר הירש זעהען דאָס ציעל און דאָס וועזען פון יודענטום אין דער הומאַניטעט, און דאן איז איהר מענשליכעס און ניט איהר נאציאנאלעס ציעל דאָס ווירדיגע, און דאן מוז דאָס יו־דענטום, ווי יעדע קירכליכע אדער שטאאטליכע פעראייניגונג, פער־שלונגען ווערען פון דער אלגעמיינער מענשהייט; — אדער מען זעהט, אזוי ווי דער פ ר א נ ק פ ו ר ט ע ר הירש, אין יודענטום די איינציגע ערלעזונג, דאן קומט מען אריין אין א סתירה מיט די מאָדערנע הומאַניטעטס־שטרעבונגען און מען האָט קיין רעכט ניט, אזוי ווי ווי וועניג ווי דאָס אָרטאָדאָקסישע קריסטענטום, זיך צו ווענדען צו דער עפענטליכער מיינונג פון אונזער יאהרהונדערט.

ליעבע פריינדין, איך מיין, דאָס מיינע געדאנקען געהערען צו א גאנץ אנדערע אָרדנונג פון אידעען. איך מיין, אז דאָס נאציאָ־נאלע וועזען פון יודענטום שליעסט ניט אוים די הומאַניטעט און ציוויליזאציאן, נאָר פערקעהרט, די הומאַניטעט איז איהר קאָנסע־קווענץ. ווען איך אונטערשטרייך אבער מעהר די נאציאנאלע וואור־צעל פון יודענטום, איידער זיינע הומאנע בליטען, האָט עס דעם גרונד דארין, וויל מען איז אין היינטיגער צייט מעהר בערייט, צו זאמלען די שענע בלומען פון דער קולטור־געשיכטע און זיך מיט זיי אויסצושמיקען, איידער צו קולטיווירען זיי אין דעם באָדען, אויף וועלכען זיי וואקסען. — פון דעם יודענטום איז ארויסגע־וואקסען אונזער היינטיגע גאנצע הומאניטערע לעבענסאנשויאונג. עס איז גאָר נישט ניטאָ אין דער קריסטליכער מאָראל, אין דער סכאָלאַסטישער פילאָזאָפיע פון מיטעלאלטער 1). אין דער מאָדער־נער פילאָזאָפיע, און אפילו ניט אין ספינאָזיזם, אין דיעזען לעצ־טען אויסדרוק פון יודענטום, אויך ניט אין דער מאָדערנער פילאָ־זאָפיע, וואָס די וואָרצלען דערפון זאָלען זיך ניט געפינען אין יודענטום. דאָס אידישע פאָלק איז ביז צו דער פראנצויזישער

רעוואָלוציאָן געווען דאָס איינציגע פאָלק פון דער וועלט, וועלכעס האָט געהאט א נאציאנאלען קולט צוזאמען מיט א הומאניטערען. דורך דאָס יודענטום איז געווארען די געשיכטע פון דער מענשהייט א הייליגע געשיכטע, דאָס מיינט, אן איינהייטליכער, אָרגאנישער ענטוויקלונגס־פּראָצעס, וועלכער הויבט זיך אָן מיט דער פאמיליען־ליעבע און מוז זיך ענדיגען מיט דער מענשהייט־פאמיליע, וואס איהרע גלידער וועלען זיין אקוראט אזוי סאלידאריש פערבונדען דורך דעם הייליגען גייסט, דורך דעם שעפּפערישען געניוס פון דער געשיכטע, אזוי ווי די פערשיעדענע אָרגאנען פון א לעבעדיגען קערפּער זיינען פערבונדען דורך די הייליגע, שעפּפערישע נאטור־קראפט. — זאָלאנג קיין אנדער פאָלק האָט נאָך ניט געהאט דיע־זען נאציאנאל־הומאניטערען געשיכטס־קולט, זיינען די אידען אליין געווען דאָס פאָלק פון גאָט. זייט דער גרויסער רעוואָלוציאָן פון פראנקרייך האָבען מיר געפונען אין דעם פראנצויזישען פאָלק און די פעלקער, וועלכע שליסען זיך אָן צו דער פראנצויזישער נאַ־ציאָן, איידעלע מיטקעמפּפער און טרייע גענאָסען. נאָך דעם נצחון פון דיעזע פעלקער איבער די מיטעלאַלטערליכע רעאקציאָן וועלען די הומאניטעטס־בעשטרעבונגען, אויב זיי זיינען נאָר ניט קיינע היפּאָקריטישע ווערטער, ווירקליך טראגען בליטען און ברייינגען פּרוכט. די אנטינאציאנאלע הומאניטעטס־בעשטרעבונגען זיינען אבער אזוי אונפרוכטבאר, ווי די אנטיהומאנע נאציאנאלע טענדענ־צען פון דער מיטעלאַלטערליכער רעאקציאָן. אין די אנטי־נאציאָנאלע, טעאָרעטישע הומאניטעטס־בעשטרעבונגען זעה איך מעהר אידעאליזם, איידער רעאליטעט. מען גיט אונז דאָ צו אָטע־מען ספּיריטואליסטישען טשאד און הומאניסטישען כלאָראָפאָרם, אזוי דאָס מיר ווערען גאנץ פער'שכור'ט און אונעמפּפינדליך צו דעם שמערץ, וועלכען דער נאָך בעשטעהענדער אנטאגאָניזם פון דער גרויסער מענשליכער פאמיליע רופט באמת ארוים. דיעזער אנטאגאָניזם ווערט ניט בעזייטיגט דורך פריינדליכע פּרע־דיגטען. דערצו איז נויטיג א געשיכטליכע ענטוויקלונג נאָך געזע־צען, וועלכע זיינען אזוי אייביג ווי די נאטור־געזעצען. אזוי ווי די נאטור פּראָדוצירט ניט קיינע אַ ל ג ע מ י י נ ע בלומען און פּרוכ־טען, קיינע אַ ל ג ע מ י י נ ע חיות און פלאנצען, נאָר פלאנצען־

טיפען און חיות־טיפען, אזוי בעשאפט אויף דער שעפפער אין דער געשיכטע נאָר פ אָ ל ק ס ־ ט י פ ע ן. אין דער מענשהייט האָט זיך דער פּלאַן פון דער פלאַנצען־מלוכה און חיות־מלוכה פערענדיגט. אָבער די מענשהייט, אלס זעלבסטשטענדיגע לעבענס־ספערע, אלס די ספערע פון דעם ס אָ צ י א ל ע ן לעבען, שטעהט נאָך אין דער ענטוויקלונג. אין דער מענשהייט געפינען מיר אן אורשפּרינגליכע פערשיעדענהייט פון פאָלקס־טיפען, וועלכע האָבען פריהער, אזוי ווי אין דער פלאַנצען־מלוכה, עקזיסטירט איינע לעבען די אַנדערע, וועלכע האָבען זיך שפּעטער, נאָך דעם פּלאַן פון דער חיות־מלוכה בעקעמפפט און פערניכטעט, און וועלכע ווערען איצטער פריי, כדי צו לעבען אין פריעדען מיט איינאַנדער, ניט פערלירענדיג דערביי זייערע טיפּישע אונטערשיידען. — די געזעצען פון דער וועלט־געשיכטע, איך מיין די געזעצען פון דער ג ע ש י כ ט ע פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט, פון דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דעם קאָס־מישען, אָרגאַנישען און סאָציאַלען לעבען, זיינען נאָך ווייניג דער־קענט געוואָרען. מיר האָבען איינצעלנע וויסענשאַפטען, אָבער נאָך ניט קיין וועלט־וויסענשאַפט. מיר וויסען נאָך ניט דעם צוזאַמענ־האַנג פון דעם גאַנצען לעבען. אויף אזוי פיעל איז זיכער, דאָס דורך די צונויפמישונג פון די רעליגיאָנען, וועלכע האָט זיך שוין אייגענט־ליך אָנגעהויבען אין אַמאָליגען רוים, איז ניט בעשאַפען געוואָרען קיין אמת׳ר שלום אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, אזוי ווייניג ווי דאָס קען ניט געשעהן דורך דעם אויפגעפרישטען גלויבען אין די איינ־אַרטיגקייט פון אַלע מענשען. מען פערוועקסעלט די סאָלידאַרישע אָרגאַניזאַציאָן פון דעם סאָציאַלען לעבען, וועלכע קען דערגרייכט ווערען דורך מיהזאַמע ארבייט אין לויף פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג, מיט ניט־אָרגאַנישער גלייכהייט, ווען מען וויל אויפ־בויען די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע מענשען אויף אן אורשפּרינג־ליכע גלייכאַרטיגקייט פון די ראַסען און טיפען. וואָס ווייטער מען געהט אין דער געשיכטע, אַלץ ווייניגער בעאָבאַכטעט מען דיעזע גלייכאַרטיגקייט. דער שלום פון די ראַסען קומט פאָר נאָך נאַטור־געזעצען, וועלכע מיר קענען ניט מאַכען ווילקירליך אָדער ענדערען. די צונויפמישונג פון די קולטען איז שוין אן אריבערגעשריטענע שטופע אין דער ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַלען לעבען. זי האָט

געהערט צו דער אַלגעמיינער רעליגיאָן, וועלכע פּערדאַנקט איהר עקזיסטענץ צו דעם טויט פון די אַלטע נאַציאָנען. היינט איז די פראַגע וועגען דעם, ווי די פערשיעדענע פאָלקס־טיפּען זאָלען ווייטער פריי ווערען און זיך ענטוויקלען. עס איז ניטאָ מעהר קיין סכנה, דאָס די פערשיעדענע נאַציאָנען וועלען זיך אָבשליסען פון איינ־אַנדער, אָדער בעקעמפּפען די שוואַכע און מאַכען זיי פאַר שקלאַפען. די היינטיגע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען שליסען אין זיך איין די האַר־מאָניטערע, וואָרים זיי זיינען אַ רעאַקציאָן געגען די אויסגלייכונגס־טענדענצען פון דער מאָדערנער אינדוסטריע און ציוויליזאַציאָן, וועלכע טויטען אָב יעדען אורקרעפטיגען, אָרגאַנישען לעבענס־כח דורך אַ ניט־אָרגאַנישען מעכאַניזם. — אויף ווי ווייט דיעזע טענ־דענצען זיינען געווען געריכטעט געגען די אָבשטאַרבענדע אינסטי־טוציאָנען פון אַ פערגאַנגענער געשיכטס־פּעריאָדע, זיינען זיי געווען בערעכטיגט. מען קען געגען דיעזע טענדענצען אויך גאָרנישט ניט האָבען, אויף ווי ווייט זיי זוכען צו בעשאַפען ענגערע בעציהונ־גען און פערבינדונגען צווישען די פערשיעדענע פעלקער פון דער ערד. מען האָט אָבער געוואָלט אין לעבען, אזוי ווי אין דער וויסענ־שאַפט, אָבלייקענען דאָס שעפּפערישע און דאָס טיפּישע, אזוי דאָס עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ אידעאַליסטישער דונסט און עס האָט זיך אויפגעהויבען אַן אַטאָמיסטישער שטויב, וועלכער האָט זיך געלעגט אויף יעדען זאַמענקערענדעל און האָט דערשטיקט יעדעס לעבען. נאָר געגען דיעזע אָבשוואַכונג פון דעם שעפּפערישען לעבען קעמפּפען די נאַציאָנאַלע טענדענצען פון אונזער צייט, און נאָר געגען זיי אַפּעליר איך צו דער אורשפּרינגליכער פאָלקס־קראַפט אין יודענטום.

די מענשהייט איז, אזוי ווי דאָס אוניווערסאַלע קאָסמישע לעבען און דאָס אינדיווידועלע לעבען, אַ לעבעדיגער אָרגאַניזם, וואָס די אורשפּרינגליכע ראַסען זיינען זיינע אָרגאַנען און גליעדער. — אין אַן אָרגאַניזם קענען געוויסע טיילען אָבגעשוואַכט ווערען און פערשווינדען, בשעת דער אָרגאַניזם געפינט זיך אין דעם פּראָצעס פון פאָלענדונג. אַנדערע אָרגאַנען, וועלכע זיינען פריהער געווען ניט קענטיג, בעקומען ערשט דאַן איינפלוס און בעדייטונג, ווען דער אָרגאַניזם ווערט רייף.

צו דיעזע לעצטע, אייגענטליך שעפפעריִשע אָרגאַנען פון דער מענשהייט, געהערט אויך דאָס אידישע פאָלק. — אין אַלטערטום, ווען דיעזעס פאָלק איז כמעט פערניכטעט געוואָרען פון די מעכטיגע עראָבערונגס־פעלקער, איז עס כמעט ניט בעמערקט געוואָרען. צוויי מאָל איז עס אין גלות פון מצרים און בבל כמעט אונטערגעגאַנגען. צוויי מאָל האָט עס אויפגעלעבט צום נייעם לעבען און האָט געקעמפפט געגען די מעכטיגסטע פעלקער פון אַלטערטום, געגען די גריכען און רוימער. אין די לעצטע קעמפפען פון דער פאַרצייטיגער וועלט האָט עס בעפרוכטעט מיט זיין גייסט די גאַנצע מענשהייט, און הויבט אָן יעצט ווידער אויפצולעבען צוזאַמען מיט דער גייס־טיגער וויעדערגעבורט פון דער מענשהייט. — היינט בשעת דער גייסטיגער אויפלעבונגס־פראָצעס פון די וועלט־היסטאָרישע ראַסען האָט זיך פאָלענדעט, און יעדעס פאָלק הויבט אָן ווידער צו ערפילען זיין ספּעציעלען בערוף אין דעם אָרגאַניזם פון דער מענשהייט, היינט הויבען מיר אָן צו בעגרייפען די בעדייטונג פון דיעזע פער־שיעדענע אָרגאַנען פון דער מענשהייט.

אין די ענגלענדער געפינען מיר די נערווען־קראַפט, וועלכע ברענגט אין בעוועגונג דאָס ע ר נ ע ה ר ו נ ג ס ־ ס י ס ט ע ם פון דער מענשהייט. פראַנקרייך רעפּרעזענטירט מיט זיך די אַלגעמיינע (סאָציאַלע) בעוועגונגס־קראַפט, דייטשלאַנד שטעלט פאָר דעם אָרגאַן פון ד ע נ ק ע ן, אַמעריקאַ שטעלט פאָר די קערפּער־פליסיגקייט, אין וועלכער אַלע עלעמענטען פון די געשיכטליכע פעלקער אַסימי־לירען זיך. ווען יעדעס מאָדערנע פאָלק, יעדע מאָדערנע געזעל־שאַפט בעקומט אויף אַזאַ אופן איהר ספּעציעלען בערוף אַלס אָרגאַן פון דער מענשהייט, טרעט אויך אַרויס די בעדייטונג פון דעם איינ־ציגען פאַרצייטיגען פאָלק, וועלכעס עקזיסטירט נאָך היינט ווי אַמאָל אין זיין גאַנצער קראַפט און גאַנצקייט.

אין דעם גאַנצען אָרגאַניזם פון דער מענשהייט זיינען ניטאָ קיינע צוויי פעלקער, וועלכע זאָלען זיך אַזוי אָנציהען און אָבשטויסען, ווי דאָס דייטשע פאָלק און דאָס אידישע. עס זיינען אויך ניטאָ קיינע צוויי גייסטעסריכטונגען, וועלכע זאָלען זיין נעהנטער און ווייטער פון איינאַנדער, ווי די וויסענשאַפטליך־פילאָזאָפישע און די מאָראַליש־רעליגיעזע. — די רעליגיאָן אין איהר פאָלענדונג איז דער

גייסטיגער בונד, וועלכער פערבינדעט דעם שעפּפער מיט דער שעפּפונג, זי איז דער אונענדליכער פאָדים, וואָס דער ענד פאַלט צונויף מיט דעם אָנהויב, די בריק, וועלכע פיהרט פון שעפּפונג צו שעפּפונג, פון לעבען צום טויט, פון טויט צום לעבען, וועלכע מאַכט דעם מענשען ניט נאָר טעאָרעטיש דערקענען דאָס אבסאָלוטע, נאָר דרינגט דורך און מאַכט הייליג זיין גאַנצעס לעבען מיט דעם גייסט פון גאָט, וועלכער איז אומעטום און שטענדיג פאַראַן. — אין דער רעליגיאָן, אַזוי ווי אין דער ליעבע, אויב זי איז, ווי די אידישע, ניט אַן איינזייטיג מאַטעריאַליסטישע און ניט אַן איינזייטיג ספּירי־טואַליסטישע, ווערט אויפגעלעזט דער גייסט אין דעם קערפּער און דער קערפּער אין דעם גייסט. — דער גרעסטער און געפעהרליכסטער שונא פון דער אידישער רעליגיאָן איז געווען אין אַלטערטום די רעליגיאָן פון דער מאַטעריאַליסטישער ליעבע פון די סעמיטען: די רעליגיאָן פון דעם בעל. אין מיטעלאַלטער איז דאָס געווען די רעליגיאָן פון דער ספּיריטואַליסטישער ליעבע: דאָס קריסטענטום. — דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס איז, אַ דאַנק זיינע נביאים פון אַלטערטום און זיינע רבנים פון מיטעל־אַלטער, געבליבען ריין פון דיעזע ביידע ענטאַרטונגען פון זיין רעליגיאָן, איז געווען און איז היינט נאָך דער אָרגאַן פון דעם לעבעדיגען שעפּפער אין דער געשיכטע פון דער וועלט, דער אָרגאַן פון דער איינהייטליכער און הייליגער ליעבע. — מיט דיעזען אָרגאַן איז דער דענק־אָרגאַן פערוואַנדט אָבער אויך ענטגעגענגעזעצט. ביידע שעפּפען פון דעמזעלביגען אונענדליכען לעבענס־קוואַל. בשעת אָבער דאָס רעליגיעזע זשעניע אינדיווידואַליזירט דאָס אונענדליכע, נעהמט אַראָב דער פילאָזאָפישער און וויסענשאַפטליכער געדאַנק פון דעם לעבען אַלע זיינע אינדיווידועלע סוביעקטיווע פאָרמען. — די אָביעקטיווע פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט האָט מיט דעם לעבען גאָרנישט צו טהאָן, בשעת די רעליגיעזע לעהרע פאַלט־צונויף מיט דעם נאַציאָנאַלען, סאָציאַלען, מאָראַליש־רעליגיעזען לעבען. ווען ניט, איז די רעליגיאָן איבערהויפּט נאָר צביעות.

אָבער איך מערק, דאָס איך בין גאַנץ אוועקגעגאַנגען פון מיין טעמאַ. איך האָב אייך נאָר געוואָלט געבען צו פערשטעהן, באַר־

וואָס איך קען זיך ניט בעפריינדען מיט יענע אַלגעמיינע הומאַני־טעטס־שטרעבונגען, וועלכע בעזייטיגען יעדען אונטערשיעד אין דעם אָרגאַניזם פון דער מענשהייט און בויען מיט איינינע מיספערשטאַ־נענע בעגריפען פון „פרייהייט“ און „פאָרטשריט“ מזבחות פאַר ווילקיר און אונוויסענהייט, אויף וועלכע אונזער לייכט־בעגייסטערטע יוגענד אָפּפערט איהרע בעסטע קרעפטען.

## אָנמערקונגען.

1) מונק האָט בעוויזען דעם איינפלוס פון אביצברן אויף די סכאָלאַסטיקער. דער מקור חיים פון שלמה בן גבירול (אביצברן) איז אין דער מיטע פון 12טען יאָהרהונדערט איבער־זעצט געוואָרען אין לאַטיין און האָט זייטדעם געשפּיעלט א בע־דייטענדע ראָלע אין די פילאָזאָפּישע מחלוקות פון דער צייט. אפילו זשיאָרדאַנאָ ברונאָ איז געווען בעקאַנט מיט דעם מקור חיים פון דעם אידישען פילאָזאָף. — א גרעסערע ווירקונג האָט געהאַט דער „מורה נבוכים“ פון רמב“ם אויף די סכאָלאַסטישע פילאָזאָפיע, און אפילו אויף לייבניץ און קאַנט.

---

## צעהנטער בריעף.

אַן אַנדערעס דילעמאַ.— ערפאַהרונגס־וויסענשאַפטען, פילאָזאָפיע און רע־ליגיאָן. — פאָרטשריט און קרייזלויף. — שבת. — די ענטשטעהונג פון קאָסמישען, אָרגאַנישען און סאָציאַלען לעבען. — די מאָראַלישע נויטוועדיגקייט אָדער די הייליגקייט. — עפּאָכען פון דער סאָ־ציאַלער ענטוויקלונגס־געשיכטע: פּאָרהיסטאָרישע צייטען, געבורטס צייטען און געבורטס־וועהען, עפּאָכע פון רייפקייט.

אַקוראַט ווי איהר האָט מיר פריהער אָוועקגעשטעלט די דילעמאַ: הומאַניטעט אָדער נאַציאָנאַליטעט, און האָט מיר א פאָרוואורף געמאַכט, האָס איך שטעה פאַר נאַציאָנאַלע שטרעבונ־גען, וועלכע זיינען אין ווידערשפּרוך מיט די הומאַניטערע שטרע־בונגען פון אונזער צייט, אַזוי טרעט איהר יעצט געגען מיר אויף מיט אַן אַנדער דילעמאַ. „פרייהייט אָדער נויטווענדיגקייט“ — רופט איהר אויס געגען מיר. איהר זאָגט, דאָס עס איז ריינער פאַטאַליזם, ווען מען בעטראַכט די מענשהייט נאָר פאַר א העכערען

אָרגאַניזם, און ווען מען זעהט אין דער געשיכטע פון די פעלקער דאָסזעלביגע אייביגע געזעץ, ווי אין דער געשיכטע פון דער ערד און די וועלט־קערפּער. אין קאָסמישען און אָרגאַנישען לעבען, מיינט איהר, זיינען ניטאָ קיינע מאָראַלישע כחות, און דאָרט ווירקען נאָר נאַטירליכע כחות, וועלכע קענען אַפריהער אויסגערע־כענט ווערען. אַנדערש איז עס אָבער אין סאָציאַלען לעבען פון דער מענשהייט. דאָס סאָציאַלע לעבען איז אַפילו אויך אָבהענגיג פון נאַטור־בעדינגונגען, אָבער דער פרייער מענש מוז גובר זיין דורך פרייע ווילענס־טהאַט דעם פאַטאַליזם פון דער נאַטור, וואָרים אָהן די פרייע ווילענס־טהאַט איז ניט דענקבאר קיין מאָראַל און קיין פּאָרטשריט.

עס פרעהט מיך זעהר, וואָס איהר זייט אַזוי גוט בעקאַנט מיט די פילאָזאָפישע אויסדרוקען פון אונזער העבערער דייטשער בילדונג. איך גלויב אויך, דאָס די „מאָראַלישע פרייהייט" איז די בעשטימונג פון דעם מענשען און דער מענשהייט. דיעזעס העכסטע הומאַנע ציעל איז אָבער, לויט מיין אויפפאַסונג, די גאַטעס־ערקענטניס, וועלכע דאָס יודענטום האָט אָנגעזאָגט אין אָנהויב פון דער געשיכטע, וועלכע דאָס יודענטום האָט שטענדיג ענטוויקעלט און וועלכע איז זייט ספּינאָזאַ געוואָרען צוגענגליך פאַר דער גאַנצער וועלט. — דיעזע ערקענטניס פון גאָט מוז אין היינטיגער צייט ענטוויקעלט ווערען צו דער מדרגה פון אַן עקזאַקטער וויסענשאַפט.

אַזוי ווי איהר נעהמט אייערע כלי־זין פון דער ספּעקולאַטי־ווער פילאָזאָפיע, כדי צו קעמפּפען געגען מיין אידישע וועלט־אַנשויאונג, מוז איך אייך בעווייזען, דאָס די פילאָזאָפישע ספּעקו־לאַציאָן איז ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דער גייסטיגער ענטוויקלונג, אַזוי ווי די הערשאַפט פון אינדוסטריע און קאַפּיטאַליזם איז ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דער מאַטעריעלער ענטוויקלונג. — די עקזאַקטע וויסענשאַפט, וועלכע אַנערקענט נאָר בעאָבאַכטונג און ערפאַהרונג, אַרבייטען און פאָרשען, כדי צו ערוועלבען גייסטיגעס און מאַטעריעלעס אייגענטום, און וועלכע זעהט אין דער ספּעקו־לאַציאָן נאָר שווינדעל און אונבעוויזענע השערות, — די עקזאַקטע וויסענשאַפט איז די העכסטע אינסטאַנץ, וואָס צו איהר אורטייל מוז איך אַפּעלירען, כדי אייך צו בעווייזען, פאַר וואָס דיעזע וויסענ־

שאפט שטעהט אין ווידערשפרוך מיט דער פילאָזאָפיע, וועלכע דערהויבט דעם גייסט איבער דער נאטור, און שטעהט בלומרשט אויך אין ווידערשפרוך מיט דער רעליגיאָן, וועלכע האלט הייליג נאטור און גייסט, דערמיט וואָס זי ווארפט אונטער ביידע אונטער איין איינציגען ווערזען. איך וועל אייך אָבער שפּעטער בעווייזען, דאָס דיעזער ווידערשפרוך פערשווינדעט אין דעם אמת'ן וויסען, וועלכעס בעגרייפט דאָס געזעץ פון דער נאטור און פון דער געשיכטע, אלס איין און דאָסזעלביגע געזעץ. — איך מוז דערפאר אייך קודם כל געבען צו פערשטעהן, דאָס אויך יענער בלומרשט'ער ווידערשפרוך איז געוועזן בערעכטיגט, דאָס ער איז געוועזן נויט־ווענדיג אין דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענשהייט.

היינט נאָך איז ניטאָ קיין שלום צווישען וויסענשאפט, פילאָ־זאָפיע און רעליגיאָן. פערקעהרט היינט ביים אָנהויב פון א נייעם וועלט־אלטער, אקוראט ווי אין דער קריטישער איבערגאנגס־עפּאָכע פון דעם אלטערטום אין מיטעלאלטער, איז דער געגענזאץ צווישען רעליגיאָן, פילאָזאָפיע און נאטור־וויסענשאפטען געוואָרען נאָך שארפער, איידער אין דער בליטע־צייט פון דער פארצייטיגער און מיטעלאלטערליכער וועלט, וועלכע האָבען פון דיעזען געגענזאץ כמעט גאָרנישט געוואוסט. די סיבה פון דיעזע טעאָרעטישע סתירות פון סאָציאלען לעבען, ליעגט אין דער אונגלייכמעסיגער ענטוויק־לונג פון דער מענשהייט, אין דעם פערהעלטנים צווישען די הער־שענדע און דיענענדע ראסען און קלאסען, אין דער פונאנדערטיילונג צווישען דער מאטעריעלער און גייסטיגער ארבייט. דיעזע אונ־גלייכהייט, וועלכע וואקסט מיט דער הויך פון דער ציוויליזאציאָן, איז געוועזן אויך די סיבה פון דעם אונטערגאנג פון דער גאנצער פארצייטיגער געזעלשאפט. — אויף דעם מאטעריעלען, און בעזונ־דערס אויף דעם גייסטיגען געביעט, זיינען היינט נאָך שארפער יענע סתירות, וועלכע האָבען געמאכט א סוף צו דער פארצייטיגער ציוויליזאציאָן, נאָך שארפער איידער צו ענדע פון אלטערטום, בשעת די פונאנדערטיילונג פון ארבייט איז נאָך ניט געוועזן אזוי ענטוויקעלט ווי אין דער היינטיגער איבערגאנגס־עפּאָכע. די פאָלגע דערפון איז, דאָס היינט שטעהט ניט נאָר אין ווידערשפרוך די רעליגיאָן מיט דער פילאָזאָפיע, ווי אין אלטערטום, נאָר אויך די

פילאָזאָפיע שטעהט אין ווידערשפּרוך מיט דער וויסענשאַפט. — פונדעסטוועגען וועט איהר דאָך מיר אין אַלגעמיין צוגעבען, דאָס עס קען ניט זיין א י י ן אמת אין דער וויסענשאַפט, אַן אַנדער אמת אין דער פילאָזאָפיע, און ווידער אַן אַנדער אמת אין דער רעלי־גיאָן. אַזוי אָבער ווי עס איז נאָך ניט געקומען קיין שלום צווישען דיעזע פערשיעדענע געביעטען פון דער ערקענטניס, בלייבט נאָך אַלץ די שווערע אויפגאַבע, אייך פערשטענדליך צו מאַכען, דאָס וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע און רעליגיאָן שליסען זיך ניט געגענזייטיג אוים, דאָס זיי קענען זיך העכסטענס אַ צייט לאַנג געגענזייטיג איגנאָרירען, דאָס זיי מוזען זיך אָבער ענדגילטיג איינע די אַנדערע אונטערשטיצען און צווישען זיך פעראייניגען.

לאָמיר אונז דערוויילע פערשטענדיגען מכח די בעגריפען „פרייהייט“ און „פּאָרטשריט“, מיט וועלכע מען וואַרפט זיך אַרום געדאַנקענלאָז.

דער גלויבען אין אַ פערנינפטיגעם און דערפאַר אויך דערקענ־באַרעם געטליכעם געזעץ, אַזוי ווי עס האָט זיך נתגלה געווען דער מענשהייט אין יודענטום דורך די תורה און די געשיכטע, דיעזער גלויבען אין אַ געטליכער השגחה, דיעזער גלויבען אין אַ שעפּפונגס־פּלאַן, איז ניט קיין פאַטאַליסטישער בלינדער גלויבען אין אַ ניט־פערשטאַנענעם בלינדען שיקזאַל, אָבוואָהל דיעזער גלויבען שליסט אוים קאַפּריז און געזעצלאָזיגקייט.

איך זאָג ניט אַזוי ווי די מאַטעריאַליסטען: די אָרגאַנישע און גייסטיגע וועלט שטעהט, אַזוי ווי די ניט־אָרגאַנישע וועלט, אונטער דעמזעלבען מעכאַנישען געזעץ. איך זאָג פערקעהרט: די קאָסמישע מעכאַנישע ערשיינונגען האָבען דעמזעלבינגען פּלאַן, דיזעלביגע צוועק־מעסיגקייט, זיי נעהמען זיך פון דעמזעלביגען הייליגען לעבען, ווי די אָרגאַנישע און גייסטיגע בעוועגונגס־ערשיינונגען, — נאַטור און מענשהייט זיינען אונטערוואָרפען אונטער דאָסזעלבע געטליכע געזעץ. דער אונטערשיעד איז נאָר, אַז דאָס געזעץ ווערט אין דער נאַטור אויסגעפיהרט בלינד, אַז דער מענש אָבער, ווען ער איז פאָלשטענדיג ענטוויקעלט, פיהרט אוים דיעזעס געזעץ מיט בע־וואוסטזיין און ווילען. — אַן אַנדערער נאָך פיעל וויכטיגערער אונ־טערשיעד ליעגט דערין, אַז די נאַטירליכע לעבענס־ספערען פון דער

קאָסמישער און אָרגאַנישער וועלט, וואָס אויף זייער גרונדלאַגע בויען מיר אויף אונזער סאָציאַלע, מענשליכע לעבענס־ספערע, האָבען שוין פערענדיגט זייער ענטוויקלונג און זיינע שוין פאַרטיג, בשעת די מענשהייט געפינט זיך נאָך אין דער ענטוויקלונג, אין דער שעפּפונג פון איהר לעבען.

זאָ לאַנג די מענשליכע געזעלשאַפט געפינט זיך נאָך אין דער פּראָדוקציאָן פון איהר אָרגאַניזם, טרעט אויף דער מענש, דער שעפּפערישער וועזען פון דער געזעלשאַפט, ווי כלומרשט אַ פריייער וועזען אין זיינע שעפּפונגען, אַבוואָהל באמת איז אויך ער אין זיינע שעפּפונגען, אַקוראַט ווי די נאַטור אין איהרע שעפּפונגען, אונטער־וואָרפען אונטער דאָס אייביגע געזעץ. — די פאַלשע אויפפאַסונג פון דער פרייהייט, אַז זי איז ווילקיר, נעהמט זיך נור דערפון, ווייל מיר ווייסען נאָך ניט דאָס געזעץ פון דער ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַלען לעבען, זיין לעצטען צוועק. מיר ווייסען אָבער דערפאַר נאָך ניט דיעזעס געזעץ, ווייל מיר געפינען זיך אַליין נאָך אין דער ענטוויקלונג. — אָבער ווען די וויסענשאַפט שווייגט נאָך פון דיעזען געזעץ, האָט אונזער רעליגיעזער זשעניע אָבער דיעזעס געזעץ שוין לאַנג אָנגעזאָגט. מיר אידען האָבען שטענדיג, זייט דעם אָנהויב פון דער געשיכטע, אַרומגעטראָגען מיט זיך דעם גלויבען אין דעם מלכות המשיח. דיעזער גלויבען איז אויסגעשפּראָכען געוואָרען אין אונזער געשיכטס־קולט דורך די ה י י ל י ג ק י י ט פ ו ן ש ב ת. אין דער הייליגקייט פון שבת איז פערקערפּערט דער געדאַנקען, וועלכער איז שטענדיג געווען אונזער רוח החיים, דער געדאַנקען, אַז די צוקונפט וועט אונז אַזוי זיכער ברענגען דעם ה י ס ט אָ ר י ש ע ן ש ב ת, ווי די פערגאַנגענהייט האָט אונז געבראַכט דעם נ אַ ט ו ר־ ש ב ת, אַז די געשיכטע, אַזוי ווי די נאַטור, וועט האָבען איהר עפּאָכע פון האַרמאָנישער פאַלענדונג. די ביבלישע שעפּפונגס־געשיכטע איז געגעבען געוואָרען נאָר צוליעב דעם שבת. זי זאָגט אונז: נאָכדעם ווי די שעפּפונג פון דער נאַטירליכער וועלט איז פאַלענדעט געוואָרען מיט דער בעשאַפונג פון דעם העכסטען אָרגאַ־נישען וועזען פון דער ערד, מיט דעם מענשען, און דער שעפּפער האָט געהאַלטען זיין נאַטור־שבת, דעמאָלט ערשט האָט זיך אָנגע־הויבען די שעפּפונגס־געשיכטע פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר וו ע ל ט.

וועלכע וועט פייערען איהר שבת אין דעם מלכות המשיח נאך דער פאלענדונג פון דער גאנצער וועלטגעשיכטליכער ארבייט. — אט דא האט איהר די הויכע בעדייטונג פון דעם ספר בראשית, אין וועלכען בעשרענקטע נאטוראליסטען שטודירען וויסענשאפט. — ווי איהר זעהט, מיין פערעהרטע פריינדין, גיט אונז שוין דאס שבת־געזעץ די געוויסהייט, אז אין דער נאטור און דער געשיכטע וואלטעט אן איינהייטליכעס און אייביגעס גאטעס־געזעץ. — נאר די מענשען, וועלכע פערשטעהען ניט די התגלות פון דעם רעליגיעזען געניוס פון די אידען, קומט פאר די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער מענש־הייט ווי א געזעצלאזער, אונבעשטימטער, אונענדליכער „פארט־שריט", אין געגענזאץ צום נאטור־לעבען, וועלכעס זעהט אויס ווי אן אבגעשלאסענער קרייז־לויף, וואס זיינע געזעצען זיינען בערעכענבאר. איהר בעגרייפט, אז דיעזע כלומרשט'ע דיפערענץ צווישען די געזעצען פון דער נאטור און די געזעצען פון דער געשיכטע איז נאר א רעזול־טאט פון א סוביעקטיווער אויפפאסונג, וועלכע קען זיך ניט דער־הויבען צו דעם גרויסען געטליכען וועלט־געזעץ. — אקוראט אזוי וועניג ווי די פרייהייט פון דעם שעפפערישען וועזען פון דער געשיכטע איז געזעצלאזע ווילקיר, אקוראט אזוי וועניג איז זיין פארטשריט אן אונענדליכער.

אין נאטירליכען זין איז יעדעס וועזען פריי, וועלכעס קען לעבען און קען זיך אונגעשטערט ענטוויקלען לויט זיין אייגענער בעשטימונג, זיין אינוועענדיגען בערוף אדער זיין נאטור. מאראליש פריי איז נאר דאס וועזען, וועלכעס לעבט מיט בעוואוסטזיין און ווילען לויט זיין בעשטימונג, ווענעס ווילען איז איינשטימיג מיט דעם געזעץ אדער ווילען פון גאט. יעדער אנדערער ווילען איז ווילקיר, וועלכע פער־דאנקט איהר עקזיסטענץ ניט דעם הייליגען איינהייטליכען געטליכען וועזען פון דעם ווילענדען, נאר צו די איינזייטיגע אינסטינקטען פון דעם ווילענדען. דיעזע פעהיגקייט נאכצוגעהן תאוות און קאפריזען, וועלכע פיהרען אראב פון דעם וועג פון שכל און מאראל, האט דער מענש נאר אזוי לאנג, ווי זיין וועזען איז ניט אויסגעבילדעט. דער מענש האט געוויס ניט קיין אורזאכע צו שטאלצירען מיט דיעזער נעגאטיווער פעהיגקייט, וועלכע איז ניט מעהר ווי א קראנקהייט, אן ע נ ט וו י ק ל ו נ ג ס ־ ק ר א נ ק ה י י ט פון דער מענשהייט.

זי שטעלט איהם ניט איבער, נור אונטער דער חיה, וואָרים דאָס לעבען פון די חיות, אזוי ווי פון די פלאַנצען, איז אין אונזער עפּאָכע שוין פאָלשטענדיג ענטוויקעלט און אויסגעבילדעט געוואָרען. „דער מענש מאַכט טעות'ן, זאָ לאַנג ער שטרעבט", זאָגט ג ע ט ה ע. אָבער עס איז ניטאָ קיין שטרעבען אָהן א ציעל. — דאָס ציעל פון דעם מענשליכען שטרעבען אין לויף פון דער געשיכטליכער ענט־וויקלונג איז די ערקענטניס פון דעם געזעץ, אונטער וועלכען עס זיינען אונטערוואָרפען אלע דריי לעבענס־ספערען, דאָס סאָציאלע, דאָס אָרגאַנישע, און דאָס קאָסמישע לעבען.

דאָס וועלט־געזעץ איז דאָס געזעץ פון ענטשטעהונג און ענט־וויקלונג, אָדער ווי מען זאָגט עס געוועהנליך, דאָס געזעץ פון דעם „פּאָרטשריט". — דיעזעס געזעץ איז נאָך ניט ערקענט געוואָרען פאָלשטענדיג אין אלע דריי לעבענס־ספערען. צוליעב דער פאָל־שטענדיגער ערקענטניס פון דיעזען געזעץ פעהלט נאָך א טייל פון דעם אָביעקט: דער שלום פון דער סאָציאלער ענטוויקלונג. דאָס געזעץ פון דער געשיכטע קען דערפאַר היינט נאָך ניט וויסענשאַפט־ליך ערקענט ווערען: די וועגען פון דער השגחה זיינען פאַר אונז נאָך דונקעל. — אָבער א דאַנק דעם רעליגיעזען געניוס פון די אידען און דער געטליכער התגלות דורך זיי פון דעם אָנהויב פון דער געשיכטע אָן, זיינען דיעזע וועגען פון דער השגחה אלץ נעהענטער געבראַכט געוואָרען צו דעם מענשליכען גייסט, אַפריהער אין דער נבואה, דערנאָך דורך די מיסטיק, און ענדליך דורך די פילאָזאָפישע חקירה. — יעצט איז נאָך איבער געבליבען, צו דערפאָרשען דאָס געזעץ פון דער געשיכטע דורך די ערפאַהרונגס־וויסענשאַפטען.

איך האָב מיך שוין אין אַנדערע ערטער בעמיהט צו בעווייזען, וואָס מיר ווייסען אויף דעם היינטיגען שטאַנדפּונקט פון דער וויסענ־שאַפט מכח דעם געזעץ פון דער ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון דעם קאָסמישען, אָרגאַנישען און סאָציאלען לעבען. — דורך נאַטור־וויסענשאַפטליכע און היסטאָרישע פאָרשונגען בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס איין געזעץ איז דער יסוד פון אלע בעוועג־גונגס־ערשיינונגען און לעבענס־ערשיינונגען פון די הימלישע קער־פּער אין וועלטרוים, אזוי ווי פון די אָרגאַניזמען אויף דער ערד און פון די פעלקער אין דער געשיכטע.

עס איז ניטאָ קיין אונענדליכער אונבעשטרייטבארער פּאָרט־שריט, אין דער סאָציאלער מענשען־וועלט אזוי ווענינ ווי אין דער אָרגאַנישער פלאַנצען־וועלט און חיות־וועלט, וואָס אויף איהר שפּיץ שטעהט דער נאַטירליכער נאָך ניט ענטוויקעלטער מענש. אין דער מענשען־וועלט איז ניטאָ קיין אונענדליכער פּאָרטשריט, אזוי וועניג ווי אין דער קאָסמישער וועלט, וואָס איהר שוי־פּלאַץ איז דער אונ־ענדליכער וועלט־רוים. אלעס ענטשטעהט און ענטוויקעלט זיך, דערגרייכט דעם צוועק פון זיין לעבען און שטאַרבט־אָב, כדי ווידער אויפגעלעזט צו ווערען און אויפצושטעהן אלס נייעס לעבען אין דעם אייביגען קרייז־לויף פון דעם אונענדליכען, אוניווערסעלען, אייג־הייטליכען און געטליכען לעבען. וואָס מיר רופען אָן „פּאָרטשריט“ איז די ענטוויקלונג פון דעם קיים־אלטער צו דעם רייפען לעבענס־אלטער, אין דיעזען אלטער האָט יעדעס וועזען דערגרייכט זיין בעשטימונג.

אזוי ווי די וועגען זיינען פערשיעדען, פון אטאָם ביז צו דער וועלט־ספערע, פון דעם נידעריגסטען אָרגאַנישען מיקראָסקאָפּישען וועזען ביז צו דעם העכסטען וועזען פון דער ערד — דעם מענש, אזוי פערשיעדען איז אויך זייער ענטוויקלונג, אזוי פערשיעדען איז אויך זייער רייפער לעבענסאלטער און פּאָלגליך אויך זייער בע־שטימונג. אָבער גאָרנישט לעבעדיגעס אין צייט און רוים בלייבט אונפערענדערליך, גאָרנישט איז אייביג, אלעס ענטשטעהט און פער־געהט, נאָכדעם ווי עס האָט ערפילט זיין בעשטימונג, כדי ווידער אויפערשטעהן אלס נייעס לעבען *).

די גרויסע וועלט־קערפּער ענטשטעהען און ענטוויקלען זיך אין דעם וועלטרוים, אין צייטען, פאר וועלכע מיר האָבען ניט קיין מאָס. דאָס אָרגאַנישע לעבען, וועלכעס ענטוויקעלט זיך אויף די וועלט־קערפּער, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין אָנגעהויבען קאַלט צו ווערען אויף זייער אויבערפלעכע, דאָס אָרגאַנישע לעבען בעדאַרף די גאַנצע פריהערדיגע עפּאָכע צוליעב זיין ענטוויקלונג. דער מענש, וועלכער הויבט אָן זיין גייסטיגע, הומאַנע, סאָציאלע ענטוויקלונג אין רייפען לעבענסאלטער פון דער אָרגאַנישער ספערע, דער מענש וועט דער־

*) נאָטע 7.

גרייכען זיין בעשטימונג נאָך דער פאַלענדונג פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, וועלכע איז נאָך ניט געקומען צו איהר אָבשלום, וועלכע איז אָבער אויף קיין אופן ניט אונבעגרענצט, ניט אונענדליך, געזעצלאָז און שראַנקענלאָז.

וואָס עס איז געבוירען געוואָרען אין דער צייט, בעדאַרף די צייט צוליעב דער אויסבילדונג, עס דערגרייכט אָבער דיעזע אויס־בילדונג פאָלשטענדיג אין אַן ענדליכער בעשטימטער צייט.

מיר ערקענען נאָר איין איינציגעם, אייביגעם, צייטלאָזעם און רוימלאָזעם אבסאָלוטעם וועזען. מיר ערקענען עס דורך דאָס איינ־ציגע אבסאָלוטע געזעץ אין נאַטור־לעבען און געשיכטס־לעבען, פון וועלכעם נאָר דאָס יודענטום האָט בעקומען די געטליכע התגלות.

וויבאַלד די ערקענטניס פון דיעזען געזעץ האָט ניט אין זיך קיינע ווידערשפּריכע, פאָלגט דאַרום מיט נויטוועגדיגקייט דאָס לעבען נאָך דיעזען געזעץ. ערקענען און האַנדלען, אָדער תורה און מעשה, זיינען אונטיילבאַר. די סתירה, דער קאַמפּף אָדער דער נצחון פון דער טוגענד, עקזיסטירען נאָר אין דער צייט פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון דער גאָטעס־ערקענטניס. אין דער צייט פון דיעזער ענטוויקלונג קענען מיר און דאַרפען מיר שטרעבען נאָך מאָראַל. נאָך דער פאָלענדעטער אויסבילדונג פון דער ערקענטניס אָדער זיין געזעץ מוזען מיר לעבען מאָראַליש. דיעזע מאָראַלישע נויטוועגדיגקייט איז די הייליגקייט. דאָס יודענ־טום, וועלכעס האָט פון אָנהויב פון זיין געשיכטע אָנגעזאָגט די איינהייט און הייליגקייט פון געטליכען געזעץ אין נאַטור און געשיכטע, שטעלט אויף פון אָנהויב אַן די פאָדערונג פון הייליגקייט, און אַלע זיינע נביאות דייטען אַן אויף די צייט פון דער פאָלענדעטער ערקענטניס פון גאָט.

מיר טאָרען אונז ניט מאַכען קיין צייטליך־רוימליכע פאָר־שטעלונג ניט פון דעם הייליגען וועזען פון גאָט און ניט פון אונזער וועזען, וועלכעס איז עהנליך צו גאָט. די פאָלענדעטע ערקענטניס איז די פאָלשטענדיגע איבערוועלטיגונג פון צייטליכקייט און רוימ־ליכקייט, דאָס הייסט פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג אין דער קאָסמישער, אָרגאַנישער און סאָציאַלער לעבענס־ספּערע. דאָס איז נאָר אַ צייכען פון אונזער נאָך אונפאָלענדעטער ענטוויקלונג און

אונגרייפער ערקענטניס, ווען מיר שטעלען זיך פאר די אייביגקייט אלס צייטליכע דויער. אזעלכע פארשטעלונגען בעווייזען נאר איינס, אז אונזער ערציהונג צו היילינקייט איז נאך ניט פאל־ענדעט געוואָרען. די התגלות פון דעם הייליגען גייסט זאָגט ניט אָן קיין אנדער צוקונפט, ווי די צוקונפט פון דער סאָציאלער וועלט אין רייפען לעבענסאלטער. — דיעזעס וועלט־אלטער הויבט זיך אָן לויט אונזער געשיכטס־רעליגיאָן מיט דער משיח־צייט. דאָס איז די צייט, אין וועלכער די אידישע נאציאָן און אלע היסטאָרישע פעלקער וועלען וויעדער אויפערשטעהן צום נייעם לעבען, די צייט פון „תחית המתים“, די צייט פון דער „צוריקקעהרונג פון גאָט“, די צייט פון דעם „נייעם ירושלים“, און ווי עס מעגען הייסען אלע דיעזע סימבאָלישע בעצייכענונגען, וואָס זייער בעדייטונג קען יעצט שוין ניט מעהר מיספערשטאנען ווערען.

די משיח־צייט איז דאָס היינטיגע וועלט־אלטער, וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבען מיט ספינאזא, און איז אריינגעטראָטען זייט דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן אין די וועלט־געשיכטליכע עקזיסטענץ. מיט דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט זיך אָנגעהויבען די וויעדערגעבורט פון די פעלקער, וועלכע פערדאנקען דעם יודענטום זייער נאציאָנאלען געשיכטס־קולט.

די סאָציאלע לעבענס־ספערע ענטוויקעלט זיך, אקוראט ווי די קאָסמישע און אָרגאנישע, אין דריי עפאָכען, וועלכע זיינען גאנץ עהנליך אין אלע דריי לעבענס־ספערען.

די ערשטע אָפענבארונגס־געשיכטע פון אלטען יודענטום און היידענטום איז די פארצייטיגע עפאָכע פון דעם סאָציאלען לעבען. — זי ענטשפּרעכט דער צייט, ווען אויף דער ערד האָבען ערשט אָנגעהויבען צו ענטשטעהן די אָרגאניזמען, און ווען אין אוניווערזום האָבען ערשט אָנגעהויבען צו ענטשטעהן די וועלטען, די קאָמעטען און די נעבעלען.

די צווייטע אָפענבארונגס־געשיכטע פון מיטעלאלטערליכען יודענטום, קריסטענטום און איסלאַם, איז די געבורטס־עפּאָכע פון דער מאָדערנער געזעלשאפט. זי ענטשפּרעכט אין דער אָרגאנישער וועלט דער געבורטס־עפּאָכע פון די יעצט לעבענדע

ארגאניזמען, אין דער קאסמישער וועלט ענטשפּרעכט זי דער עפּאָכע פון די לייכטענדע וועלט־קערפּער.

די דריטע אפּענבארונגס־געשיכטע, דאָס היינטיגע וועלט־אַלטער פון דער סאָציאַלער לעבענס־ספערע, ענטשפּרעכט דער עפּאָכע פון די פּאָלענדעטע אָרגאניזמען אין דער אָרגאנישער לעבענס־ספערע, אין דער קאָסמישער לעבענס־ספערע ענטשפּרעכט זי דער עפּאָכע פון די אויסגעבילדעטע פּלאנעטען־סיסטעמען.

דיעזע עפּאָכע פון ר י י פ ק י י ט, וועלכע הויבט זיך אָן אין דער קאָסמישער לעבענס־ספערע מיט דער צייט פון די לבנות אָדער דאָפּעל־שטערען, און ענדיגט זיך מיט דער צייט פון די פּלאָנעטען, וועלכע ערשטרעקט זיך אין דער אָרגאנישער לעבענס־ספערע פון די פּאָרגעשיכטליכע ביז צו די געשיכטליכע מענשען־ראַסען, — דיעזע עפּאָכע פון רייפקייט ענטוויקעלט היינט אין סאָציאַלען לעבען דעם לעצטען ראַסען־קאַמפּף און קלאַסען־קאַמפּף, כדי צו קומען צום שלום פון אַלע סתירות, צום גלייכגעוויכט צווישען פּראָדוקציאָן און פערברויך און צו אַ פּאָלענדעטען קרייזלויף פון לעבען, וועלכער כאַראַקטעריזירט שטענדיג די מענשליכע רייפקייט.

פערעהרטע פריינדין! איהר וועט געפינען די וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איך בעשרייב דאָ אין אַלגעמיין, אין אַלע מיינע ווערק. זייט מיין ערשטען ארויסטריט אַלס שריפטשטעלער האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער וועלטאַנשויאונג. דאָס איז די נשמה פון מיין גאַנצען שטרעבען. די איינצעלנע ארומערונג פון דיעזער וועלטאַנשויאונג איז מיין לעבענס־אויפגאַבע, און איך האָף, אַז איך וועל נאָך אַמאָל דיעזע וועלטאַנשויאונג ווייטער ענטוויקלען. אין די ענגע ראַמען פון אַ בריעף קען מען זיך ניט אריינלאָזען באריכות אויף אַזא ברייטען געגענשטאַנד. אין דיעזען אויגענבליק בין איך אָבער אויך צופיעל פערנומען מיט דעם שיקזאַל פון מיין פאָלק, דאָס איך זאָל קענען בעהאַנדלען אַ פראַגע, וועלכע הענגט אפילו זעהר ענג צוזאַמען מיט דער אידישער פראַגע, אָבער וועלכע וועט ערשט נאָך דער לעזונג פון דער אידישער פראַגע קענען געלעזט ווערען.

## עלפטער בריעף.

דאָס רעגענעריערטע יודענטום און דער קרבנות־קולט. — צוויי טויזענד יעהריגעס זיפצען נאָך א נייער ליכט־שעפפונג פאר ציון. — פּאַט־ריאָטישע שירים און תפלות. — אַן אַלטע לעגענדע. — צייכען פון צייט. — די צייט פון דער צוריקקעהרונג דערנעהנט זיך. — די אָריענטאַלישע פראגע און די אידען. — בעגייסטערטער אויפרוף פון אַ פראַנצויז.

פון מיין „נסיעה צו די שטערען" פיהרט איהר מיך צוריק צו דעם באָדען פון פּאַלעסטינאַ. איהר ליעבט די אַנטיטעזען. געגען דעם ערהאַבענעם געשיכטס־קולט פון מיין רעגענערירטען יודענטום שטעלט איהר אַרויס דעם בלוטיגען „קרבנות־קולט" פון דעם אַלטען ישראל, און איהר מיינט, דאָס די פרומע אידען וועלען אָהן דיעזען קולט קיינמאָל ניט העלפען דעם אויפבוי פון בית־המקדש. — איהר מיינט דערביי, דאָס מיין ליעבע צו מיין נאַציאָן געהט ניט אַזוי וויים, דאָס איך זאָל צוליעב איהר אויך מיטמאַכען דעם קרבנות־קולט.

איך בין מיט אייך ניט איינפערשטאַנדען, ניט בנוגע צו דער בעדינגונג פון די פרומע אידען, און אויך ניט בנוגע צו אייער השערה וועגען מיין אידישען פּאַטריאָטיזם. — וואָס עס אַנבעטרעפט מיין אויפגעוואַכטע, אָבער דערפאַר זעהר טיעף־וואורצלענדע ליעבע צו מיין נאַציאָן, פערגעסט איהר הפנים, דאָס די עכטע ליעבע, וועלכע בעהערשט דעם גייסט און דעם זין, איז ווירקליך ב ל י נ ד, בלינד־דערפאַר, ווייל זי ליעבט ניט נאָר די „פּאָלקאָמענהייטען" פון דעם געליעבטען וועזען, נאָר ליעבט עס אַזוי ווי עס איז, מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. די ליעבע וויל ניט פערדעקען די חסרונות, נאָר זי ליעבט די גאַנצע אינדיווידואַליטעט. דער שניט אויפ'ן פנים פון מיין געליעבטער פערמינדערט ניט מיין ליעבע, נור איז מיר אַקוראַט אַזוי טייער, און אפשר נאָך טייערער, איידער איהרע שעהנע אויגען, וועלכע זיינען פאַראַן אויך ביי אַנדערע שעהנע מעדכענס, בשעת דוקא דיעזער שניט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די אינדיווידואַליטעט פון מיין געליעבטער. — אויב דער קרבנות־קולט וואָלט זיך ניט געקענט באמת אָבטיילען פון דער אידישער נאַציאָ־נאַליטעט, וואָלט איך אויך דעם קרבנות־קולט אָנגענומען. דערווייל

בין איך אָבער איבערצייגט פון דעם געגענטייל. אין אונזער ערהאַ־בענעם געשיכטס־קולט, וועלכער געהט פון ליכט־שעפּפונג צו ליכט־שעפּפונג, וועלכער אָטעמט נאָר מיט ליעבע צו דער מענשהייט און מיט דער ערקענטניס פון גאָט 1), קען דער קרבנות־קולט ניט זיין אַן אייביגע זאַך.

ניט קוקענדיג אָבער אויף מיין אינדיווידועלע איבערצייגונג, וויל איך עס פונדעסטוועגען ניט וואגען אָנווייזען די דרכים פון דער געשיכטע. עס זיינען פאַראַן פראַגען, וועלכען זיינען אומלעזליך לכתחלה, וועלכע קענען אָבער געלעזט ווערען פון זעלבסט אין לויף פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג. צו דיעזע פראַגען געהערט די פראַגע פון קולט איבערהויפּט, און בעזונדערס די פראַגע מכח דעם, ווי פון דעם מאָראַל־רעליגיעזען גייסט פון דעם פאָלק, וועלכעס איז שטענדיג געווען דער שעפּפער פון זיין רעליגיאָן, זאָלען בעשאַ־פען ווערען בעשטימטע פאָרמען פון גאָטעסדיענסט.

דער ראַבינער זאַקס, וועמעס קלאַסישעס ווערק איך האָב איך שוין איינמאָל דערמאָנט, זאָגט פאָלגענדעס וועגען דער אידי־שער רעליגיאָן אין גלות און אין ארץ ישראל:

„דער ברייטער באָדען פון דער ווירקליכקייט קען ניט ארומ־גענומען ווערען לכתחלה שוין דורך אַ פאַרטיגע סיסטעם פון געזע־צען. אפילו די דינים און געזעצען זיינען ניט אזוי פערגליווערט אין זיך, דאָס זיי זאָלען בלייבען אונפערענדערט אונטער דעם דרוק פון דעם פרייען לעבען. דער שטראָם פון לעבען וואשט אראָב די גרעניצען און ער רייסט זיך אריין אין די פעסטע ברעגען“. — „ערשט נאָך דער אָבטויטונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, וועלכע האָט די רעליגיאָן געשאַפען, און איז צוריק אויף פון דער רעליגיאָן בעאיינפלוסט געוואָרען, איז די רעליגיאָן פערגליווערט געוואָרען. דיעזע פערגליווערונג וועט זי אָבער פערלירען, ווען די נאַציאָנאַלע בעוועגונג וועט ערוואַכען צו נייעם לעבען, ווען דער פרייער שטראָם פון אַ נאַציאָנאַלער היסטאָרישער ענטוויקלונג וועט זיך ווידער אריינרייסען אין די פעסטע ברעגען.“

דער הייליגער גייסט, דער שעפּפערישער געניוס, פון וועלכען עס זיינען ענטשטאַנען דאָס אידישע לעבען און די אידישע תורה, האָט זיך אָבגעטהאָן פון פאָלק ישראל, נאָכדעם ווי עס האָט זיך

אַנגעהויבען צו שעמען מיט זיין נאַציאָנאַליטעט. אָבער דיעזער גייסט וועט נאָך אַמאָל בעזועלען אונזער פאָלק, ווען עס וועט וויעדער ערוואַכען צום לעבען, און ער וועט ארויסברענגען שעפּפונ־גען, פון וועלכע מיר קענען היינט אפשר נאָך ניט חלום'ען.

וואָס פאַר אַ געשטאַלט דאָס לעבען און דער גייסט וועלען אָנ־נעהמען ביי די וויעדערגעבאָרענע פעלקער, קען קיינער לכתחלה ניט בעשטימען. וואָס עס אָנבעטרעפט זייער קולט, און בעזונדערס דעם אידישען קולט, וועט ער געוויס זיין פערשיעדען פון דעם היינ־טיגען קולט, אַזוי ווי פון דעם אַמאָליגען. — דער קרבנות־קולט, ווי די תורה בעפעהלט איהם, איז ניט קיין סתירה געגען די הומאַניטעט, פערגליכען מיט די מענשען־קרבנות פון די פעלקער, וועלכע האָבען ארומגערינגעלט דאָס פאָלק ישראל. פערקעהרט, דער קרבנות־קולט איז געוועזען דער שעהנסטער נצחון פון דער הומאַניטעט *).

אויב דער קרבנות־קולט קען בעטראַכט ווערען אַלס אַ הנחה, וועלכע אונזער תורה האָט געמוזט מאַכען דעם היידענטום, כדי צו פערהינדערען, אַז דאָס פאָלק ישראל זאָל ניט צוריק ארייִנפאַלען צו די היידען, אָדער מען קען אין דעם קרבנות־קולט זעהן סימבאָלישע האַנדלונגען, וואָס זייער בעדייטונג און בעדירפניס ווייסען מיר מעהר ניט, איינס איז אָבער זיכער, אַז די אידען האָבען טראָץ זייערע „בלוטיגע קרבנות", אויף וועלכע מיר קוקען היינט פון אויבען אַראָב, געהאַט אַ גרעסערען שרעק פאַר דאָס פערגיסען און עסען פון בלוט, וועלכעס „איז די נשמה", איידער אונזערע מאָדערנע פעלקער, וועלכע עסען דאָס בלוט מיט דעם פלייש אָהן קרבנות און אָהן צע־רעמאָניען. — אָבער דער קרבנות־קולט איז שוין זייט אַכצעהן־הונדערט יאָהר ארויס פון דער מאָדע, און דערפאַר שעמען זיך מיט איהם אַזוי אונזערע ניימאָדישע אידען. פונדעסטוועגען איז ער היינט אפילו נאָך אַן אויסדרוק פון דעם פרומען קינדליכען גייסט. געטהע דערצעהלט, דאָס ער האָט אין זיין יוגענד געקענט בעפרי־דיגען זיין רעליגיעזען זין נאָר דורך קרבנות, וועלכע ער האָט געבראַכט צו דעם עוויגען, דערמיט וואָס ער פלעגט אָנצינדען אַ פייער און אַריינוואַרפען אָהין זיינע ליעבסטע שפּיעלצייג. —

*) נאָטע 8.

אָבער אונזערע נביאים פון אַמאָל און די רבנים פון מיטעלאַלטער האָבען קיינמאָל ניט בעטראַכטעט דעם קרבנות־קולט פאַר אַזוי וויכטיג, ווי אונזערע היינטיגע פאַרגליווערטע אָרטאָדאָקסען, וועלכע האַלטען איהם פאַר אונטיילבאר פון דעם ווידער־אויפבוי פון אונזער נאַציאָנאַליטעט. — ר ב י י ו ח נ ן ב ן ז כ א י האָט שוין ערקלערט אויפווייזענדיג אויף דעם נביא הושע (קאַפּיטעל 6, פּסוק 6), דאָס צדקה קען קומען אנשטאט קרבנות.

היינטיגע רבנישע אויטאָריטעטען, וועלכע לייקענען דאָס אונזערע היינטיגע בני אהרן האָבען אַ רעכט צו זיין כהנים ביי קרבנות, רעדען פונדעסטוועגען מכח דעם ווידער־אויפבוי פון אַ אידישער מלוכה *).

דער קולט, וועלכען מיר וועלען אַמאָל איינפיהרען אין דעם נייעם ירושלים, קען און מוז דערפאר בלייבען אַן אָפענע פראגע. רוים איז ניט אויפגעבויט געוואָרען אין איין טאָג, אויך דער נייער ירושלים בעדארף צייט פאַר זיין גרויסען אויפבוי. וואָס מיר דארפען היינט טאָן פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט, בעשטעהט דערוויייל אין דעם, צו דערהאַלטען ביים לעבען די האָפנונג אויף אונזער פּאָליטישע ווידערגעבורט, און צו דערוועקען זי דאָרט, וואו זי שלאָפט. אויב שפּעטער וועלען די וועלט־פּאַסירונגען, וועלכע בערייטען זיך פאַר אין אָריענט, ערלויבען אַ פּראַקטישען אָנהויב פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה, וועט דיזער אָנהויב לכתחילה בעשטעהן אין דער גרינדונג פון אידישע קאָלאָניען אין אונזער ארץ אבותינו. פראַנקרייך וועט אָהן ספק אונז דאָרין העלפען. — איהר ווייסט, וואָס פאַר אַן אַנטייל די אידען האָבען גענומען אין דער סובסקריבציאָן לטובת פון די סירישע שלאַכט־קרבנות.

ק ר ע מ י ע האָט דאָ גענומען די איניציאַטיווע. דערזעלביגער ק ר ע מ י ע, וועלכער איז מיט 20 יאָהר פריהער געפאָהרען מיט משה מאָנטעפיאָרע אין סיריען, כדי צו בעשיצען די אידען געגען די פערפאָלגונגען פון די קריסטען. — אין דעם זשורנאַל דע דעבא, וועלכער דרוקט שירים נאָר זעהר זעלטען, איז אין דער צייט פון דער סירישער עקספּעדיציאָן אבגעדרוקט גע־

*) נאָטע 10.

וואָרען אַ שיר פון לעאָן ה ל ו י, וועלכער האָט אפשר דערביי אַזוי ווייניג ווי קרעמיע געקלערט מכח דער ווידערגעבורט פון דעם פאָלק ישראל. פון דעסטוועגען זיינען זיינע שעהנע פער־זען געשריבען געוואָרען מיט דעם געפיהל פון דיזער ווידערגע־בורט. אויך אַלכסנדר ו ו אַ י ל האָט אין דיזער צייט גערינ־טעט אין דעמזעלביגען זין.

פראַנקרייך, מיין ליעבע פריינדין, פראַנקרייך איז דער העלד און דער ערלעזער, וועלכער וועט ווידער אַריינברייגגען אונזער פאָלק אין דעם ריכטיגען וועג פון דער וועלט־געשיכטע.

ערלויבט מיר, אייך דאָ צו דערמאָנען אַ לעגענדע, וועלכע איהר ווייסט אַליין אפשר:

אַ ריטער, וועלכער איז געפאָהרען אין דעם אָריענט, כדי צו בעפרייען ירושלים, האָט אין זיין לאַנד איבערגעלאָזען אַ פריינד. בשעת יענער איז געגאַנגען צום קאַמפף, איז דער פריינד געבלי־בען אין דער היים פערטיעפט אין זיין לערנען. ווארום דער פריינד איז געווען אַ פרומער רב.

אַמאָל איז דער ריטער צוריקגעקומען צו זיין פריינד, וועל־כער איז נאָך אַלץ געווען פערטיעפט אין דער גמרא, און האָט צו איהם געזאָגט:

„גאָט זאָל דיך גריסען, אַלטער פריינד! איך קום פון דעם הייליגען לאַנד און ברייננ דיר פון דאָרטען אַ צייכען פון אונזער פריינדשאַפט. וואָס איך קעמפף אוים מיט דעם שווערד, דערציו שטרעבסט דו מיט דעם גייסט. אונזערע וועגען קומען זיך סוף כל סוף צוזאַמען.“

מיט דיזע ווערטער האָט דער ריטער דעם רב איבערגעגע־בען אַ ראָזע פון יריחו.

דער רב האָט גענומען די בלום און האָט זי בענעצט מיט זיינע טרערען. די ראָזע האָט דערביי ווידער אויפגעבליהט, און דער רב האָט געזאָגט צו דעם ריטער:

”וואונדער דיך ניט, מיין פריינד, וואָס די ראָזע האָט אויפ־געבליהט אין מיין האַנד. זי האָט פונקט דיזעלבע אייגענשאַפט, ווי אונזער פאָלק צו דערוואַכען צום לעבען דורך דעם ווארימען הויך פון ליעבע, אַבוואָהל זי איז שוין לאַנג אַרויסגעריסען געוואָ־

רען פון דער ערד, אין וועלכער זי האָט איהרע וואָרצלען, און איז אין דער פרעמד פערדאַרט געוואָרען. אויף־דאָס־פאָלק ישראל וועט ווידער אויפבליהען. און דער הייליגער פונק, וועלכער ברענט יעצט אונטער דער אש, וועט נאָך אמאָל ווידער ליכטיג פּאַנאַנדערפלאַקערען, בשעת מיר וועלען אונז נאָכאמאָל בעגעגנען אין לעבען.“ —

ליעבע פריינדין, די וועגען פון דעם רב און דעם ריטער בעגעגנען זיך היינט. דער רב — דאָס איז אונזער פאָלק, און דער ריטער איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק, וועלכע שיקט היינט, אזוי ווי אמאָל אין מיטעלאַלטער, זיינע סאָלדאַטען אין סיריען, און האָט געעפענט די וועגען פון גאָט אין דער מדבר.

האָט איהר קיינמאָל ניט געהערט די ווערטער פון דעם נביא ישעיהו?

„נחמו נחמו עמי יאמר אלהיכם. דברו על לב ירושלים וקראו אליה, כי מלאה צבאה, כי נרצה עונה, כי לקחה מיד יהוה כפלים בכל חטאתיה...[2]“.

מיינט איהר ניט, דאָס אין דיזע ווערטער, מיט וועלכע ישעיה השני *הויבט אָן* זיין נבואה, און אין די ווערטער, מיט וועלכע דער נביא עובדיה *ענדיגט* זיין נבואה[3], ווערט ניט געשילדערט אונזער צייט? איז דען ניט געשיקט געוואָרען קיין הילף נאָך ציון, כדי צו ריכטען די ווילדע בערג־בעוואָהנער? ווערט דען ניט געבויט א וועג פון קולטור אין דער מדבר דורך קאַנאַל־אַרבייטען ביים סועץ און אייזענבאַהנען, וועלכע פערבינדען אייראָפּאַ מיט אזיען? — מען קלערט דאָבײַ, פערשטעהט זיך, ניט מכח דעם ווידער־אויפבוי פון אונזער נאַציאָנאַליטעט. אָבער איהר ווייסט דאָך דעם שפּריכוואָרט: „דער מענש דענקט — גאָט לענקט“. — אזוי ווי מען האָט אמאָל געזוכט אין וועסטען א וועג צו אינדיען און געפונען א נייע וועלט, אזוי וועט מען דורך דעם וועג, וועלכער ווערט היינט געבויט אין אָריענט צו אינדיען און כינאַ, געפינען אונזער פערלאָרענעם פּאַטערלאַנד. — אָדער צווייפעלט איהר אפשר, דאָס פראַנקרייך וועט העלפען די אידען צו גרינדען קאָלאָניען, וועלכע זאָלען קענען אויסברייטען זייער נעץ פון סועץ ביז ירושלים און פון די ברעגען פון ירדן

ביז צום מיטעל־מעער? — טא לעזט נאר די שריפט, וועלכע איז ניט לאנג ערשינען אונטער דעם טיטעל: די נייע אָריענטאלישע פראגע. דער פּערפאסער האט ניט געהאנדעלט אין אויפטראג פון דער פראנצויזישער רעגירונג, אָבער אין גייסט פון פראנצויזישען פאלק, ווען ער פאדערט אויף אונזערע ברידער, ניט אוים רעליגיעזע, נאר אוים פּאליטישע און הומאנע מאטיוועו, אויפצובויען אונזער אלטע מלוכה 4).

איך וואלט געוואלט רעקאָמענדירען דיזע שריפט פון ניט א אידישען נאר א פראנצויזישען פאטריאט, צו אונזערע מאדערנע אידען, וועלכע בעריהמען זיך מיט דער פראנצויזישער הומאניטעט. איך ברייננ דערפאר איינינע זייטען פון דיזער שריפט אין דייטשער איבערזעצונג פון דער פראנצויזישער שריפט: „די נייע אָריענטאלישע פראגע", פון ערנעסט לאהאראן *).

„אין דיזע נייע אָריענטאלישע פערוויקלונגען האבען מיר אָפען געלאָזען פּאלעסטינא, כדי פארצולעגען דער וועלט די פראגע, אויב דאס אלטע יהודה קען ניט נאך אמאל געפינען זיין אָרט און זיין נאמען אונטער דער זון.

דיזע פראגע ווערט ניט היינט אויפגעוואָרפען צום ערשטען מאָל. מען האט גערעדט וועגען דעם אויסקויף פון פלשתינא דורך די אידישע באנקירען פון דער גאנצער וועלט, אָדער נאך בעסער וועגען דעם איידעלערען און פיעל וויכטיגערען אויסקויף דורך אן אלגעמיינע סובסקריבציאָן פון אלע אידען. פאר וואָס איז דיזער פּאטריאָטישער פּלאן נאך ניט אויסגעפיהרט געוואָרען? געוויס איז דער פּלאן ניט בטל געוואָרען דורך די גלייכגילטיגקייט פון די פרומע אידען, וואָרים זייער הארץ שלאָגט הויך און זייערע אויגען ווערען נאס ביי דעם געדאנקען פון שיבת ציון 5). ווען ביז איצט האט זיך דיזער פּראָיעקט אויסגעדרוכט פאר ניט־אויספיהרבאר, איז די אורזאכע דערפון לייכט צו פערשטעהן. די אידען האבען ניט געטאָרט דענקען דערפון צו ווערען בעלי־בתים פון דעם לאנד פון זייערע עלטערען. מיר קריסטען וואָלטען דאך דאס פערבאָטען. מיר קריסטען וואָלטען דאך שטענדיג די אידען בעלעסטיגט און אין נאמען פון אונזער אמונה זיי

---

*) נאָטע 9.

שטענדיג געלאָזט פיהלען, דאָס זייערע אור־אבות זיינען פערטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד אין דעם טאָג פון דער קרייציגונג. — אונזער נאַרישער קאטאָליציזם וואָלט געשטערט דאָס ווערק פון דער ווידער־געבורט פון פאָלק ישראל דורך זיין נוצלאָזע גענגע־ווארט. מיר וואָלטען נאָך אין 19טען יאהרהונדערט געהערט פרעדיגער, וועלכע וואָלטען נבואה געזאָגט דעם סוף פון דער וועלט און די אָנקונפט פון דעם אנטי־קריסט, אויב דאָס איידעלע און אונגליקליכע ירושלים וואָלט ווידער אויפגעבויט געוואָרען דורך אידישעם געלד. — אין דעם הייליגען ביהן־שטאָק וואָלטען מיר געהערט אַ שטענדיגען געזום פון יענע אינזעקטען, וועלכע בענגריסען ליעבער דעם שווערד אין די הענד פון דעם באַרבאַר, איידער די אויפערשטעהונג פון די פעלקער אונטער דער פאָהן פון אַ פרייען און גרויסען געדאַנק. — דאָס איז אָהן ספק די אור־זאכע וועלכע האָט אָבגעהאַלטען דאָס פאָלק ישראל פון יעדען פערזוך צו ווערען דער בעל הבית פאַר זיך זעלבסט, די אור־זאכע, פאַר וואָס עס וויל נאָך ניט אראָבשאָקלען דעם שטויב פון זיינע פיס.

דאָס ערקלערט נאָר די מוטלאָזיגקייט פון די פאַטריאָטישע אידען. אָבער די מאָדערנע אידען קענען ניט פריי־געשפראָכען ווערען פאַר דעם אינדיפערענטיזם, וועלכען זיי ווייזען ארויס צו דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה, און וואָס עס ברייננט ניט קיין כבוד ניט זייער פערשטאַנד און ניט זייער הארץ. זייערע ערקלערונגען מכח דעם פונקט האָבען ניט קיין מאָ־ראלישען און ניט קיין פּאָליטישען ווערט. — עס איז פאַראַן אַן ערקלערונג פון די מאָדערנע אידען פון פראַנקפורט, וועלכע ענט־האַלט אין זיך פאָלגענדע ווערטער:

"מיר אנערקענען אַלס אונזער פאטערלאַנד, נור דאָס לאַנד, אין וועלכען מיר זיינען געבאָרען, מיט וועלכען מיר זיינען פער־בונדען דורך בירגערליכע בעציהונגען 6).

מען קען זיך ניט אָבזאָגען פון אַן אייביגען רעכט. מען קען ניט פערלייקענען די אייגענע פערגאַנגענהייט און די אייגענע עלטערן, בעזונדערס אין אַ צייט, ווען די אייראָפּעאישע פער־העלטניסע פערלאַנגען דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער

מלוכה. וועלכע אייראָפּעאישע מאַכט וואָלט היינט געהאַט עפּעס דאַגעגען, דאָס די אידען זאָלען זיך פעראייניגען אין אַ קאָנגרעס, און זאָלען בעראַטען און בעשליסען דעם אויסקויף פון זייער פאַטערלאַנד? ווער וואָלט עפּעס געהאַט דאַגעגען, ווען די אי־דען וואָלטען אַ וואָרף געטאָן אַ הויפען געלד צו דער פאַנאַנדער־פאַלענדער טירקיי און צו איהר געזאָגט: גיב מיר מיין אייגען לאַנד צוריק און פערשטאַרק מיט דיזען געלד אַלץ, וואָס ביי דיר איז איבערגעבליבען פון דיין מלוכה.

ניין, קיינער וואָלט ניט געווען דאַגעגען און דער שטאַאַט יהודה וואָלט געקענט פאַנאַנדערציהען זיינע גרענעצען פון סועץ ביז סמירנאַ, אריינשילסענדיג נאָך דעם מערב־טייל פון לבנון. וואָרום מיר ווילען זיך ניט אויביג אַרומשלאָגען. עס מוז קומען די צייט, ווען די אַלגעמיינע אָבשלאַכטונג, דער קאַנאָן־דונער און ליאַרעם וועט פעראורטיילט ווערען, און ווער עס וועט זוכען מלחמה, וועט ניט קענען זיך ווייזען פאַר דער וועלט. מיר מוזען דערפאַר עפענען אַ ווייטען באַדען פאַר די פריעדליכע קעמפּפען פון אַרבייט. די אייראָפּעאישע אינדוסטריע מוז יעדען טאָג אַלץ מעהר דערווייטערען איהר מאַרקעט. מיר קענען ניט פערלירען קיין צייט. דער אויגענבליק איז געקומען, צו דערוועקען צו לע־בען די אַלטע פעלקער, כדי זיי זאָלען עפענען גרויס און ווייט די וועגען פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן."

אויף אַן אַנדער פּלאַץ רעדט דער פערפאַסער וועגען אונז מיט אַ בעגייסטערונג, מיט ליעבע און אַכטונג, וועלכע איבער־טרעפען אַלעס, וואָס אַ פּאַטריאָטישער איד האָט ווען געזאָגט איבער זיין אייגענער נאַציאָן:

„איבער דער פערענדערליכער געשיכטע פון דער מענשהייט הערשט אונבעוועגליך אַ געהיימניספולע מאַכט. — ווען די האַנד פון גאָט האָט פערטיליגט אַ פאָלק פון דער ערד, און זיין פיינ־גער האָט ארויפגעדריקט די חתימה אויף דעם קבר פון אַ נאַציאָן, דאַן איז דיזעם פאָלק פעראורטהיילט געוואָרען און איז אריינגע־פאַלען אין אייביגע פערגעסענהייט.

ווען אָבער אַ פאָלק ווערט ארויסגעריסען אין קינדעסאַלטער פון זיין וויגעלע, ווען נאָך אַ ביטערען גלות קעהרט ער זיך אום

צוריק צו זיין לאנד, כדי דאס קיינמאל ניט צו פערגעסען אין דעם שפעטערדיגען גלות, ווען א פאלק האט אין זיין צושטרייאונג די קראפט, אויסצוהאלטען א מארטירערטום פון 18 הונדערט יאהר, און דאס פאטריאטישע פייער זאל אין זיין הארץ ניט אויסגעלאשען ווערען, — דאן שטעהען מיר פאר אן אונענדליכען געהיימניס אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

אין דיזע וועניגע ווערטער ליגט די גאנצע געשיכטע פון פאלק ישראל.

וואס פאר א ביישפיעל! וואס פאר א ראסע!

איהר האט געפיהרט אייערע לעגיאנען, איהר רוימישע ער־אבערער, געגען ציון, וועלכע איז געלעגען אין חורבות, און איהר האט פערטריבען די קינדער פון ישראל פון זייער לאנד. — אייראפעאישע, אזיאטישע און אפריקאנישע בארבארען! איהר האט געשענקט אייער אויער צו דער שטימע פון אבערגלויבען און האט אויסגעשפראכען איבער אידען די קללה. — איהר מיטעלאלטערליכע מלוכות, איהר האט אויסגעצייכענט מיט א שאנד־פלעק די אידען, וועלכע האבען אייך געגעבען דאס געלד, כדי אויסצוהאלטען אייערע סאלדאטען, און האבען פערזארגט מיט סחורות אייערע שוואכע מארקעטס. — איהר גרויסע אינקוויזיטארען, איהר האט צווישען די צושטרייעטע קינדער פון ישראל געזוכט די רייכסטע קרבנות, די אומשולדיגסטע קעפ, כדי אנצופילען אייערע געפענגניסע און אייערע קאסען און כדי צו געבען נאהרונג צו אייערע אויטא־דע־פעס. — און איהר, אבלייקענער פון דעם עדיקט פון נאנטעס, איהר האט ארויסגעטריבען פון לאנד די אידען, וועלכע זיינען נצול געווארען פון דעם אפאסטאלישען פאנאטיזם. — און איהר, מאדערנע נאציאנען, איהר האט ניט געגעבען קיין בירגער־רעכט צו דיזע אונערמיעדליכע ארבייטער און געשעפטסלייט.

וואס פאר פערפאלגונגען, וויפיעל טרערען, וויפיעל בלוט אין א משך פון 18 הונדערט יאהר! — אבער איהר קינדער פון ישראל זייט נאך אלץ פאראן אין דער וועלט! איהר האט אריבערגעשריטען איבער די אונענדליכע מניעות, וועלכע די שנאה, די פעראכטונג, דער פאנאטיזם האבען אנגעווארפען אויף אייער וועג. די האנד פון דעם עוויגען האט אייך שטענדיג געפיהרט.

ענדליך האָט אייך פראַנקרייך פריי געמאַכט. ערב דעם גרויסען וועלט־אַלטער האָט פראַנקרייך, וועלכעס האָט זיינע איי־גענע קייטען צושלאָגען, אַלע פעלקער און אויך אייך גערופען צו פרייהייט און גלייכבערעכטיגונג. איהר זייט געוואָרען בירגער און איהר זייט היינט אונזערע ברידער. דאָס יאָהר 1789 איז געוועזען די ערשטע שטופע צו אייער אַנערקענונג, אויב מען קען רעדען פון אַנערקענונג דאָרט, וואו עס איז ניט געוועזען עהרלאָזיג־קייט, נאָר אומגליק. — אין זיין בעפרייאונגס־מיסיאָן האָט פראַנק־רייך אויפגעזוכט אַלע פערפאָלגטע ראַסען, אַלע וועלט־שקלאַווען, און האָט אויך אייך געפונען אין אייערע געטהאָס און האָט אויפ־געעפענט זייערע טויערען. פראַנקרייך האָט אייך איינגעלאַ־דען אין זיין פּאַרלאַמענט. איהר האָט אַנטייל גענומען אין זיין גליק און אומגליק. איהר האָט גערעדט אין דעם טאָג פון דער בעראַטהונג. איהר האָט אויסגעדריקט בייפאַל ביי אונזערע נצחונות און האָט פערגאָסען טרערען ביי אונזערע מפּלות. איהר זייט בירגער און טרייע ברידער. פראַנקרייך וועט זיין פאַר אייך להבא אַ ליכט פון ערלעזונג געגען אייערע שונאים, וועלכע זיי־נען אויך די שונאים פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע געגען די שלאַנגען פון פאַנאַטיזם, וועלכע שפּריצען אויס זייער גיפט אויף אַלע, וואָס זיי האָבען נאָך ניט פערגיפטעט, געגען די בעשמוצער פון אייער נאַציאָנאַליטעט, אייער פאָלקס־כאַראַקטער און אייער קולט.

איהר זייט קראַפט־נאַטורען און מיר בויגען אונז פאַר אייך. איהר זייט געוועזען שטאַרק אין אייער אַלטער געשיכטע, שטאַרקי נאָך דער צערשטערונג פון ירושלים, שטאַרק אין מיטעלאַלטער, בשעת עס זיינען געוועזען נור צוויי דונקעלע מעכטע: די אינקווי־זיציאָן מיט דעם קרייץ און די גזלנים מיט דער האַלבער לבנה. — איהר האָט אייך ערהאַלטען אין גלות, אַבוואָהל דאָס האָט אייך געוויס געקאָסט פערפאָלגונגען פון 18 יאָהרהונדערטען. אָבער דער רעשט פון אייער נאַציאָן איז נאָך גענוג שטאַרק, כדי וויעדער צו עפענען די טויערען פון ירושלים. דאָס איז אייער אויפגאַ־בע. די השגחה וואָלט אייך ניט געלאָזען קומען צו אונז, ווען זי וואָלט פאַר אייך ניט געהאַט אויפבעוואָהרט די הייליגסטע פון אַלע מיסיאָנען. — די שטונדע האָט געשלאָגען פאַר די ברעגען

פון ירדן. די דברי הימים פון די קעניגליכע נביאים קענען להבא נאר פון אייך ווייטער געשריבען ווערען.

א גרויסע מיסיאן ווארט אויף אייך. — איהר זייט א לעבע־דיגע פערבינדונג צווישען דריי וועלטען, און איהר זאלט טראגען די ציוויליזאציאן צווישען די איינגעבילדעטע פעלקער און צו זיי ברייננען די איראפעאישע וויסענשאפטען, וועלכע איהר האט אזוי גוט ערווארבען. איהר זאלט זיין די פערמיטלער צווישען איראפא און דעם ווייטען אזיען. איהר זאלט עפענען די וועגען, וועלכע פיהרען צו אינדיען און כינא, אין יענע אומבעקאנטע לענדער, וועלכע מוזען געעפענט ווערען פאר דער ציוויליזאציאן. איהר וועט אנקומען אין דאס לאנד פון אייערע עלטערן מיט דעם מאר־טירער־קרוין און מיט די צייכען פון אייערע לאנגיעהריגע שמער־צען. ערשט דארט וועט איהר פאלשטענדיג געהיילט ווערען. אייערע קאפיטאלען וועלען ווידער אויפבויען יענע אונפרוכטבארע לענדער. אייער ארבייט און אינדוסטרי וועלען גרין מאכען יענעם באדען, וועלכען דער מדבר האט פערשאטען מיט זיין זאמד, — און די וועלט וועט בעוואונדערען דעם עלטעסטען פון אלע פעלקער.

דער אויגענבליק איז געקומען, דאס איהר זאלט אייער פא־טערלאנד, וועלכעס איז ביז יעצט פון דער טערקיי צוטרעטען גע־ווארען, פאדערען פאר זיך, אויף א פריעדליכען אופן, דורך געלד, אדער אויף וועלכען עס איז אנדערן אופן.

איהר האט גענוג געהאלפען צו ציוויליזירען די פעלקער, ארויפצובריינגען איראפא אויף דעם וועג פון פארטשריט, ארויס־צורופען און צו אונטערשטיצען רעוואלוציאנען. — יעצט מוזט איהר דענקען וועגען זיך זעלבסט, וועגען די בערג פון לבנון, וועגען דאס גרויסע לאנד ארום כנרת.

געהט פארווערטס! אונזערע הערצער וועלען נאכפאלגען אייער רענעסאנס, אונזערע ארמעען וועלען אייך העלפען.

געהט פארווערטס, אידען פון אלע לענדער!

דאס אלטע פאטערלאנד רופט אייך, און מיר וועלען שטאלץ זיין, וואס מיר האבען אייך געעפענט זיינע טויערען.

געהט פארווערטס, איהר זיהן פון מארטירער!

די ערגטע פון צרות, וועלכע איהר האט אנגעקליבען אין

אייער גלות, וועט נאָך אויפהויבען דעם אמאָליגען גלאַנץ פון דוד'ס טעג און וועט ניי־בעלעבען יענע אמאָליגע געשיכטע.

געהט פאָרוועדטס, איהר איידעלע הערצער!

דער טאָג, אין וועלכען די שבטים וועלען זיך צוריקקעהרען, וועט מאַכען אַן עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

ווי וועט דאָך דער אָריענט דערציטערט ווערען אין דעם טאָג פון אייער קומען! אונטער דעם געזעץ פון ארבייט וועט פערשווינדען די שוואכקייט פון די ראַסען אין יענע לענדער, וואו ביז יעצט האָבען זייט יאהרטויזענדען געהערשט תאוות, פוילקייט און רויב!

איהר וועט זיין אין דעם אָריענט דער מאָראַלישער וועלט־פּאָל. איהר האָט געשריבען דאָס בוך פון די ביכער. יעצט דאַרפט איהר ווערען די ערציהער פון די ווילדע אַראַבישע שבטים און די אפריקאַנער פעלקער. אַרום אייער ביבעל זאָל זיך פערזאַמלען די אַלטע חכמה פון דעם מזרח, די פּאַרצייטיגע התגלות פון צענד, פון די וועדאַס און קינגס, און אויך די היינטיגע התגלות פון דעם קאָראַן און עוואַנגעליום וועלען ריין ווערען פון אַלע פּסולת פון אבערגלויבען און וועלען נאָר פּראָקלאַמירען די זעלביגע פּרינציפּען פון פרייהייט און הומאַניטעט, פון שלום און אחדות! — איהר זייט דער טריאומף־בויגען פון דער צוקינפטיגער צייט, אונטער וועלכען עס וועט פאָרקומען דער גרויסער בונד פון דער מענשהייט פאַר די עדות פון דער פערגאַנגענער און צוקינפטיגער געשיכטע. — די ביבלישע טראַדיציאָנען, וועלכע לעבען אויף אונטער אייערע שריט, וועלען אויך אונזער וועסט־אייראָפּעאישע גע־זעלשאַפט נאָך אַמאָל הייליג מאַכען און וועלען פערטיליגען מיט דעם וואָרצעל דעם שאָדען פון דעם מאָדערנעם מאַטעריאַליזם.

און ווען איהר וועט געהן אזוי פאָרוועדטס, זאָלט איהר, קינדער פון פאָלק ישראל, געדענקען דעם מאָדערנעם פראַנקרייך, וועלכעם האָט אייך שטענדיג געליעבט זייט זיין ווידערגעבורט און האָט אייך קיינמאָל ניט אָויפגעהערט צו פערטיידיגען".

## אנמערקונגען.

1) בונזען זאָגט אין זיין ביבעל־ווערק: די תורה געהט פאָר־ווערטס פון ליכט־שעפפונג צו ליכט־שעפפונג. — דאָ קען מען אָנ־ווענדען דאָס וואָרט „ניבא ואינו יודע מה ניבא". בונזען האָט געוויס ניט געהאט אין זין אונזער צוויי־טויזענד־יעהריגע האָפנונג צו א נייער ליכט־שעפפונג פאר ציון. דיעזע האָפנונג ליעגט אין דער תפילה פאר „שמע", וואו עס שטעהט „לעושה אורים גדולים" און "אור חדש על ציון תאיר ונזכה כלנו מהרה לאורו". די תפילה פון „שמע" איז אויסגעשמיקט געוואָרען מיט הימנען, תפילות און געבעטען פון ריינסטען גאָלד, מיט "אהבת עולם", „ואהבת", „אהבה רבה", וועלכע אָטהעמען מיט ליעבע און וויסען.

2) ישעיהו י"א, א.

3) ועלו מושיעים להר ציון לשפוט את הר עשו והיתה לד' המלוכה.

4) מיט איינינע יאָהר צוריק האָט, ווי איך הער איצטער, אַן אַמעריקאַנער בעהאַנדעלט דיזעלביגע פראַגע פון א פראַקטישען שטאַנדפונקט. אויך ענגלענדער זיינען פיעלע מאָל ארויסגעטרע־טען פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה.

5) מיין פריינד, ארמאַנד ג., וועלכער איז מיט אייניגע יאָהר צוריק ארומגערייזט דורך די באַלקאַן־לענדער, האָט מיר דערצעהלט, דאָס די דאָרטיגע אידען האָבען געוויינט מיט טרערען, בשעת ער האָט זיי אָנגעזאָגט, דאָס עס איז געקומען די ענדע פון זייערע ליידען. אונזערע רייכע מערב־אייראָפּעאישע קולטור־אידען ווייסען ניט, מיט וואָס פאַר א זעהנזוכט די גרויסע אידישע פאָלקס־מאַסע פון מזרח־אייראָפּא וואַרט אויף די גאולה פון גלות. זיי ווייסען ניט, דאָס דער פרומער נאַציאָנאַלער איד קען ניט פערגעסען אפילו אין זיינע פרייליכע ליעדער דעם שמערץ פאַר דעם לאַנגען גלות. אזוי, למשל, ענדיגט זיך דאָס פאַטריאָטישע ליעד פון חנוכה מיט דעם שמערצליכען פערז: כי ארכה לנו הישועה ואין קץ לימי הרעה.

„זיי האָבען ביי מיר געפרעגט", האָט מיר מיין פריינד ווייַ־טער דערצעהלט, „דורך וועלכען צייכען קען מען דערקענען, דאָס

עם איז נאָהענט דער סוף פון דעם גלות?" „דאַדורך", האָב איך זיי געענטפערט, „דאָס די מאַכט פון דער טערקיי און דעם פאַפסט איז געבראָכען געוואָרען."

6) איך ווייס ניט, וועלכע ערקלערונג ווערט דאָ געמיינט. אפשר די ערקלערונג פון דער ראַבינער־פערזאַמלונג פון פראַנקפורט פון יאָהר 1845. — די ערקלערונג איז יעדענפאַלס אין גייסט פון אונזערע דייטשע קולטור־אידען. ביז יעצט האָט זיך צווישען זיי נאָך קיין איין־איינציגע שטימע ניט אויפגעהויבען. ווען אַזאַ שטימע האָט זיך געלאָזט הערען פון אַן אַנדער זייט, איז זי פון זיי אויפגענומען געוואָרען ניט מיט גלייכגילטיגקייט, נאָר מיט שפּאָט.

---

## צוועלפטער בריעף.

דער אָנהויב פון סוף. — סאָלידאַריטעט פון די אידען. — פילאַנטראָפּישע אילוזיאָנען. — די סאָציאַלע מלוכה פון די חיות. — די הייבאַמען פון דעם פאָרטשריט. — די טריוע בעשיצער פון דעם הייליגען קבר און דער אידישער נאַציאָנאַליטעט. — ירושלים. — די לעצטע קאַטאַסטראָפע.

---

די שריפט פון דעם פראַנצויז, וואָס איינעגע בלעטלעך פון איהר האָב איך אייך מיטגעטיילט, האָט ביי אייך ארויסגערופען ספקות. איהר מיינט, דאָס די קריסטליכע פעלקער וואָלטען דער־פאַר געוועזן פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון דעם אידישען שטאַאַט, ווייל זיי וואָלטען זיך דאַדורך בעפרייט פון אַ פרעמדער בעפעלקע־רונג, וועלכע איז זיי שטענדיג אַ דאָרען אין אויג. איהר מיינט, דאָס ניט נור פראַנצויזען, נאָר אויך דייטשען און ענגלענדער האָ־בען זיך שוין מעהר ווי איינמאָל אויסגעדריקט פאַר די צוריקקעה־רונג פון אידען אין פּאַלעסטינאַ. איהר ציטירט מיר אַן ענגלענ־דער, וועלכער בריינגט פון דער תורה דעם בעוויז פאַר דיזע צוריק־קעהרונג און פאַר דעם גלייכצייטיגען איבערגאַנג פון אַלע אידען צום קריסטענטום. לויט דער מיינונג פון אַן אַנדער ענגלענדער שטאַמט די היינטיגע ענגלישע דינאַסטיע פון דוד המלך, און דער שטיין, אויף וועלכען יעקב אבינו האָט געלאָזט רוהען זיין קאָפּ,

שפיעלט אַ הויפּט־ראָלע ביי דער קרוינונג פון די ענגלישע מאַיעס־טעטען. אַ דריטער ענגלענדער שטעלט אַלע ענגלישע שיפען צו דינסטען פאַר די אידען, וועלכע ווילען זיך אומקעהרען אין פּאַלעס־טינאַ. — איהר מיינט, דאָס איז נאָר אַ מילדע פאָרם פון דעמ־זעלביגען וואונש, וועלכער האָט זיך אין אַמאָליגע צייטען אויס־געדריקט אין די אַלגעמיינע אידען־פערטרייבונגען. פאַר אַזאַ גוטסקייט צו אידען ווען זיך אונזערע ברידער געוויס בעדאַנקען. אין אַלע דיזע פאָרשלעגע, אַזוי מיינט איהר, ליגען אויך אַ חק שטות'ען, וועלכע נעהמען זיך פון אַ שטיקעל רעליגיעזען משוגעת און פערדינען ניט קיין ווייטערע אויפמערקזאַמקייט. ווען דיעזע ווינשע קומען פון פרומע קריסטען, האָבען זיי געגען זיך אַלע אי־דען, און ווען זיי קומען פון פרומע אידען, האָבען זיי געגען זיך אַלע קריסטען. ווארים די אידען ווילען אין דעם נייעם ירושלים ווידער אויפלעבען די קרבנות, און די קריסטען ווילען, דאָס מיר זאָלען ביי דעם הייליגען קבר פון קריסטוס מקריב זיין אונזער אידישען נאַציאָנאַלען קולט פאַר דער קריסטליכער רעליגיאָן. אין דיזעם פעלז, אַזוי מיינט איהר, מוזען צובראָכען ווערען אַלע נאַ־ציאָנאַלע שטרעבונגען פון אידען.

עס איז קיין ספק ניט, דאָס אויב די קריסטליכע און די אי־דישע אָרטאָדאָקסיע וואָלטען ניט אָנגעריהרט געוואָרען פון דעם לעבעדיגען שטראָם פון דער געשיכטע, וואָלטען זיי פערשאַפט די גרעסטע שטערונגען געגען אונזערע פּאַטריאָטישע שטרעבונגען. — דערפאַר האָט דער געדאַנקען פון אַ אידישען פאַטערלאַנד נאָר אין אַזאַ צייט געקענט אויפטרעטען, ווען די אָרטאָדאָקסישע פער־גליוועטקייט איז שוין פערשוואונדען. דער תלמוד, אויף וועלכען עס שטיצט זיך די גאַנצע היינטיגע אידישע אָרטאָדאָקסיע, רע־כענט זיך מיט די פאָדערונגען פון לעבען. — אויב די אידישע נאַ־ציאָנאַליטעט איז אַ לעבעדיגע, וועט זי זיך ניט לאָזען אָבשרעקען דורך קיינערליי ספקות, צו ארבייטען פאַר איהר פּאָליטישע ווי־דערגעבורט. אויב די צייט איז אפילו נאָך ניט געקומען, דאָס אַ שאָף זאָל זיך פיטערען אין שלום מיט אַ וואָלף, האָט דאָך אָבער יעצט שוין פערלאָרען די הערשענדע מאַיאָריטעט דעם אַפּעטיט פון אַ וואָלף און די אונטערדריקטע מינאָריטעט די געדולד פון אַ שאָף. — אויסער דעם שטעל איך מיר פאַר דעם צוקינפטיגען קולט

פון אלע ווידערגעבאָרענע נאציאָנען גאנץ פערשידען פון די היינ־טיגע קולטען, וועלכע שטאמען פון א צייט, בשעת די פאָלקס־אינדיווידואליטעטען זיינען געווען אונטערדריקט. אין דיזע קול־טען, וועלכע וועלען לאנג ניט אנהאלטען, קען איך ניט זעהן קיין שוועריגקייט פאר אונזער צוקינפטיגען נאציאָנאל־קולט. — אונזער צוקינפטינער קולט וועט אבער קומען ניט פאר אונזער ווידער־געבורט, נאָר נאָך איהר. — קודם־כל מוז מען דערוועקען א פאט־ריאָטישען זין אין די הערצער פון די געבילדעטע אידען און מען מוז בעפרייען די אידישע פאָלקס־מאסע דורך דעם נאציאָנאליזם פון דעם רעליגיעזען פאָרמאליזם, וועלכער טויטעט אָב זייער גייסט. אויב די התחלה וועט זיך אונז איינגעבען, וועלען מיר די שוועריגקייטען, וועלכע וועלען נאָך צוקומען לרוב אין לויף פון דער פראקטישער אויספיהרונג, בעזייטיגען דורך די פראקטישע אויספיהרונג גופא. — נאָר אויב אלע אידישע הערצער זיינען טויט, נאָר אויב אלע אידען זיינען ניט מעהר פעהיג צו א נאציאָנאלער בעגייסטערונג, דאן וואלטען מיר זיך גענארפט אבזאגען פון א ווערק, וועלכעס קען ניט דורכגעפיהרט ווערען אהן גוואלדיגע קעמפ־פען, ווי יעדעס גרויסע ווערק אין דער מענשליכער געשיכטע.

ניט קוקענדיג אויף פאלשע אויפקלערונג און אָרטאָדאָקסיע, האבען דאָך די אידען צופיעל געזונדען מענשענפערשטאנד, דאס זיי זאלען זיך אנשליסען אן רעליגיעזע פאנטאזיען, וועלכע האבען ניט קיין באָדען אין דער געגענווארט. אבער דוקא דער רעאליס־טישער זין פון אונזער ראסע וועט מאכען אנשליסען אונזערע ברידער, די אויפגעקלערטע אזוי ווי די אָרטאָדאָקסישע, צו די נאַ־ציאָנאלע שטרעבונגען, וועלכע בעוועגען זיך דורכאויס אויף דעם פראקטישען באָדען פון דער ווירקליכקייט.

די טענות פון די אויפגעקלערטע אידען געגען דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה האבען זייער גרונד ניט אין בילדונג פון גייסט און הארץ, וועלכע האָט קיינמאָל ניט קיין מורא פאר די שוועריגקייטען פון א גרויסער זאך, און רעכענט קיין מאָל ניט אוים די אָפּפער, וועלכע מען מוז ברייננען פאר א גרויסע זאך. נאָר די טענות נעהמען זיך פון א מאָראלישער און גייסטיגער בעשרענקטהייט, וועלכע איז אונפעהיג זיך אויפצוהויבען אויף א

הויכען מענשליכען שטאנדפונקט, פון וועלכען עס לאזען זיך זעהען די גרוים פון דעם אומגליק און די מיטלען פון דער הילף. — די אידישע רעליגיאן איז ווירקליך זייט צוויי טויזענד יאהר געווען מעהר אן אומגליק איידער א רעליגיאן, ווי היינע און מיט איהם אלע געבילדעטע אידען פון זיין צייט האבען דאס ריכטיג געפיהלט. מען קען אבער פון דיזען אונגליק ניט אנטלויפען דורך אויפקלערונג אדער שמד, ווי די געבילדעטע ווילען דאס זיך איינריידען. יעדער איד, מעג ער דאס וועלען אדער ניט, איז סאָ־לידאריש פערבונדען מיט זיין גאנצער נאציאן, און ערשט ווען דאס אידישע פאלק וועט בעפרייט ווערען פון דער לאסט, וועלכע עס האט זייט יאהרטויזענדע הערא‌איש געטראגען אויף זיין רו־קען, וועט דיזע לאסט אראבגענומען ווערען אויך פון די שולטערן פון יענע אויפגעקלערטע, וועלכע וועלען שטענדיג זיין נאר א קליינע צאהל. — מיר מוזען אלע טראגען דעם עול מלכות שמים ביז צום סוף.

אין דער ערשטער שכרות פון דער מאדערנער אויפקלערונג האט מען געקענט אריינפאלען אין דעם טעות, צו פערפרעמדען דאס אידישע פאלק פון זיין נאציאנאלען קולט דורך כלומרשטע הומאניטעט, אין וועלכער דאס יודענטום האט געזאלט אונטערגעהן מיט זיין גאנצען בעזונדערען לעבען. היינט קען אפילו דער אוי־בערפלעכליכסטער ראציאנאליסט ניט גלויבען אין דיזע פילאנ־טראפּישע אילוזיאן. די געשיכטליכע בעוועגונג האט שוין גע־עפענט די אויגען פון אונזערע ראציאנאליסטען. אפילו אין מערב אייראפא, וואו די אידען זיינען דורך טויזענד פעדים פערבונדען מיט דער אלגעמיינער ציוויליזאציאן, האט די אויפקלערונג ניט געקענט צושטערען דעם אלט־אידישען קולט. אין מזרח־אייראפא זיינען כמעט אלע אידען נאך טריי דיעזען קולט. ניט די עמאנציפּאציאן און ניט די מיסיאנערען, וועלכע שפעקו־לירען אויף מאטעריעלע נוצען און רעליגיעזע גלייכגילטיגקייט, האבען געקענט פיהרען די גרויסע מעהרצאהל פון די אידען צום שמד. פערקערט ווייזען זיך היינטיגע צייטען אלץ מעהר און מעהר סימפאטיען פאר דאס אלטע אידישע לעבען אפילו צווישען יענע אידען, וועלכע האבען אמאל געזעהען אין דער אבפאלונג פון יודענטום א הומאניסטישען אידעאל. — אלע אויסגלייכענדע

טענדענצען האָבען ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף די אידישע פאָלקסמאַסע און וועלען קיינמאָל קיין איינפלוס ניט האָבען. די מאַסע ענדערט זיך קיינמאָל ניט דורך שכל'דיגע אבסטראַקציאָנען, און די סבות פון פאָרטשריט ליגען אומעדום פיעל טיעפער, איידער די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערען האָבען געגלויבט. מעהר איידער ביי אַלע אַנדערע נאַציאָנען, וועלכע ווערען אונטערדריקט אויף זייער אייגענעם באָדען, מוז ביי אידען די נאַציאָנאַלע זעלבסט־שטענדיגקייט קומען פריהער, איידער יעדער פּאָליטיש־סאָציאַלער פאָרטשריט. אַ געמיינזאַמע היים איז פאַר אידען די ערשטע בע־דינגונג פאַר געזונדע אַרבייטספּערהעלטניסע. דער סאָציאַלער מענש בעדאַרף, אַזוי ווי די סאָציאַלע פלאַנצען און חיות, אַ ווייטען פרייען באָדען פאַר זיין וואוקס און פאָרטשריט. אָהן דעם איי־גענעם באָדען זינקט אַראָב דער מענש צו אַ פּאַראַזיט, וועלכער קען זיך ערנעהרען נאָר אויף דעם חשבון פון פרעמדער פּראָדוקציאָן. דאָס פּאַראַזיטישע לעבען דורך די אויסבויטונג פון די אַנדערע מענשען האָט אין דער ביז־איצטיגער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענשהייט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע, און אידען זיינען ניט געוועזען די איינציגע, וועלכע האָבען געהאַט אַן אייגענטימליכקייט פאַר אַ פּאַראַזיטישעס לעבען. אַזוי לאַנג ווי וויסענשאַפט און אינדוסטריע זיינען נאָך געוועזען אין קינדעס־אַלטער, האָט דער באָ־דען פון אַ נאַציאָן ניט אויסגערייכט, כדי צו ערנעהרען זיינע איינ־וואָהנער. די פעלקער האָבען געמוזט קעמפפען איינס געגען דאָס אַנדערע און מאַכען סקלאַווען, אָדער האָבען געמוזט צווישען זיך זעלבסט פאַנאַנדערפאַלען אין הערשענדע און דינענדע קלאַסען.— אָבער די סאָציאַלע חיות־מלוכה, וועלכע לעבט פון דער גענענזיי־טיגער אויסבויטונג פון די מענשען, געהט צו איהר סוף, ווי באַלד די מאָדערנע וויסענשאַפט און אינדוסטרי הויבען אָן צו בעהערשען די וועלט. די ציוויליזירטע פעלקער בערייטען זיך צו דער שותפות'דיגער אויסבויטונג פון דער נאַטור דורך די אַרבייט, וועלכע שטיצט זיך אויף די וויסענשאַפט און בעדאַרף מעהר ניט זיין קיין פּאַראַזיטישע פערמיטלונג. די ציוויליזירטע פעלקער בערייטען זיך צו דיזער נייער עפּאָכע — דאָס איז ניט „די פריי־סישע עפּאָכע“ — דורך די אויסקעמפפונג פון אַ פרייען נאַציאָ־נאַלען באָדען, דורך די פערניכטונג פון יעדער ראַסענהערשאַפט

און קלאסענהערשאפט, דורך די קאאפעראציאן פון אלע פראדוקטיווע קרעפטען, אין וועלכע עס וועט פערשווינדען דער פיינדליכער געגענזאץ פון קאפיטאליסטען־ספעקולאציאן און פראדוקטיווע ארבייט, אזוי ווי אויך דער געגענזאץ פון פילאזאפישער ספעקולאציאן און וויסענשאפטליכער ארבייט. — איך וויים, דאס אויך אין יודענטום פיהלט זיך טיעף דער בעדארף אין געזונדע ארבייטס־פערהעלטניסע, וועלכע זאלען זיך שטיצען אויף די אויסבויטונג פון דער נאטור דורך דעם מענשען. איך וויים פון די גרויסע אנשטרענגונגען, וועלכע ווערען צווישען אונז געמאכט, כדי צו ערציהען אונזער אינגערען אידישען דור צו ניצליכע ארבייטער. אבער איך וויים אויך, דאס די אידען וועלען זיך אין גלות קיינמאל ניט קענען איבערגעבען אין זייער מעהרצאהל צו אזעלכע ארבייטען, ווארים עס פעהלט ביי זיי די ערשטע בעדינגונג דערצו, דער אייגענער באדען, און ווייל זיי קענען זיך ניט פערמישען מיט די פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען צושטרייט, ניט ווערענדיג דערביי אונטריי צו זייער נאציאנאלען קולט. יענע אנשטרענגונגען צוליעב געזינטערע אידישע ארבייטס־פערהעלטניסע, וועלכע פיהרען אינדירעקט צו דער צערשטערונג פון דעם אידישען קולט, וועלען בלייבען אקוראט אזוי אונפרוכטבאר, ווי די רעפארם, וועלכע האט דירעקט געפיהרט דערצו. דאס יודענטום קען אין גלות ניט ווידערגעבארען ווערען. עס קען העכסטענס דורך רעפארמען און פילאנטראפישע בעמיהונגען געפיהרט ווערען צו שמד. דאס וועט זיך אבער ניט איינגעבען קיין רעפארמאטאר און קיין טיראן. — די אידישע פאלקסמאסע וועט זיך נור דאן בעטייליגען אן דער געשיכטליכער בעוועגונג פון דער מאדערנסטער מענשהייט, ווען זי וועט האבען א אידישעם פאטערלאנד. זא לאנג אבער ווי די מאסע פון די אידען בלייבט אין איהר אויסנאהמע־שטעלונג, ווערען אויך די וויינינגע אידען, וועלכע זוכען אינדיווידועל צו אנטלויפען פון דער פאלשער לאגע פון דעם אידישען פאלק, נאך מיט מעהר שמערץ מוזען פיהלען דיעזע לאגע, איידער די פאלקסמאסע, וועלכע פיהלט זיך נאר אומגליקליך, אבער ניט בערויבט פון איהר עהרע. — דערפאר קען זיך קיין איד, סיי אן ארטאדאקסער אדער ניט־ארטאדאקסער, ניט בעפרייען פון דער אויפגאבע, צו ארבייטען פאר די דערהויבונג פון דעם גאנצען יודענ־

מום. — יעדער איד, אפילו דער געטויפטער, איז ערב פאר די ווידערגעבורט פון דעם פאָלק ישראל.

ווען מען בעגרייפט די אונענדליך־טראגישע ראָלע, וועלכע דאָס אידישע פאָלק שפיעלט ביז היינט אין דער געשיכטע, פערשטעהט מען אויך דאָס איינציגע מיטעל פאר די ראדיקאלע הילף פון אונזער עלענד. דיזעס מיטעל איז היינט ניט אזוי אונאויספיהרבאר ווי עס קען אויסזעהן אויף דעם ערשטען בליק. די סימפאטיען פון דעם פראנצויזישען פאָלק און די אינטערעסען פון דער פראנצויזישער פאָליטיק פאָדערען פון פראנקרייך, דאָס עס זאָל אויסשפרייטען זיין ערלעזונג אויך אויף די אידישע נאציאָן, נאָכדעם ווי די פראנצויזישע ארמעען האָבען אראָבגעוואָרפען די היינטיגע נבכדנצר׳ס פון דער הויך, אויף וועלכער זיי זיינען געווען בכח ארויסצוגעבען געזעצען און אוקאזען געגען די אונטערדריקטע פעלקער. — פראנקרייך איז פעראינטערעסירט אין דעם, דאָס דער וועג צו אינדיען און כינא זאָל זיין בעוואָהנט פון פעלקער, וועלכע שטעהען פאר פראנקרייך ביז צום טויט. ווארים נאָר אויף אזא אופן וועט פראנקרייך ערפילען די היסטאָרישע אויפגאבע, וועלכע איז אויף איהם אויסגעפאלען זייט דער גרויסער רעוואָלוציאָן. וועלכעס פאָלק איז אָבער מעהר פאסענד דערצו, איידער דאָס אידישע, וועלכעס איז פון אָנהויב פון דער געשיכטע בעשטימט געוואָרען פאר דיזעלביגע מיסיאָן? —

„פראנצויזען און אידען!“ — הער איך אייך אויסרופען:

„איז אלזאָ די קריסטליך־גערמאנישע רעאקציאָן דאָך גערעכט!“

יא, ליעבע פריינדין, דער טירישער אינסטינקט, וועלכער דערשפירט דעם פיינד שוין פון ווייטען, האָט קיינמאָל קיין טעות ניט. די רעאקציאָן האָט שוין אומעדום דערקענט איהר טויטפיינד, בשעת די אמען פון פאָרטשריט, וועלכע שטעהען נאָך אלץ אין דערמיטען צווישען דער רעוואָלוציאָן און רעאקציאָן, האָבען געלאָזט האָדעווען דעם רעאקציאָנערען ריעז, וועלכער וועט שוין זיי באלד אריבערשטייגען איבער׳ן קאָפּ.

פראנצויזען און אידען! געווים זיינען זיי ווי געשאפען איינע פאר די אנדערע. זיי זיינען עהנליך אין זייערע הומאנע און נאציאָנאלע שטרעבונגען. זיי אונטערשיידען זיך אָבער אין

די אייגענשאפטען, וועלכע ערגענצען זיך, אָבער קענען ניט זיין פעראייניגט אין איין און דעמזעלבען פאָלק. — דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט אַ גרעסערע לייכטיגקייט, איידער דאָס אידישע פאָלק, האָט אַ סימפּאַטישעם וועזען צו אַסימילירען אַלע עלעמענטען. דאָס אידישע פאָלק האָט אַ גרעסערען מאָראַלישען ערנסט, איידער דאָס פראַנצויזישע פאָלק, און דריקט אַרויף זיין אייגענעם טיפּ אויף די אומגעבונג, פיעל מעהר, איידער עס ערלויבט, דאָס פרעמדע טיפּען זאָלען אויף איהם ווירקען. — דאָס פראַנצויזישע פאָלק בעהערשט די וועלט; דאָס אידישע פאָלק קען נאָר זיין אַ בעל־הבית אין זיין אייגענעם הויז און קען מיט זיין אייגענעם היילינגען פייער דערוואַרמען און בעלייכטען אַ וועלט, וועלכע איז שטענדיג אין סכנה ווידער אויפגעלעזט צו ווערען אין איהרע פרעשידענ־אַרטיגע עלעמענטען און פערזינקען אין דעם פינסטערען תהו ובהו פון נאַטור־לעבען, פון וועלכען דאָס יודענטום האָט זי שוין אַמאָל ערלעזט.

די איידעלע הילף, וועלכע פראַנקרייך גיט אַלע ציוויליזירטע פעלקער צוליעב דעם ווידער־אויפבוי פון זייער נאַציאָנאַליטעט, וועט ניט געפינען קיין מעהר דאַנקבאַרעם פאָלק, ווי דאָס אידישע. מיר וועלען זיך מיט דעם הומאַנעם און טאָלעראַנטען פראַנצויזישען פאָלק אויף זעהר גוט פערשטענדיגען וועגען אונזער קולט אין היילינגען לאַנד. — מיר האַלטען אָבער נאָך ניט אַזוי ווייט. דאָס אידישע פאָלק מוז זיך דערווייל אַרויסווייזען ווירדיג צו דער ווידערגעבורט פון זיין וועלט־היסטאָרישען קולט. עס מוז דער־פיהלען דאָס בעדירפנים צו זיין נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט. דער־ווייל דאַרפען מיר נאָך ניט קלערען מכח דעם בית המקדש, נאָר מיר דאַרפען געווינען די הערצער פון אונזערע ברידער פאַר אַ זאַך, וועלכע וועט ברייננען דער גאַנצער אידישער נאַציאָן אויביגען כבוד און אַ ישועה דער גאַנצער מענשהייט. פאַר אידישע קאָלאָניזאַ־ציאָן אויף דעם צוקינפטיגען וועג צו אינדיען און כינאַ איז ניטאָ קיין מאַנגעל אין אידישע אַרבייטער, אין אידישע טאַלאַנטען און קאַפּיטאַלען. אַזוי באַלד ווי עס וועט אונטער דעם שוץ פון אייראָפּעאישע מעכטע איינגעפלאַנצט ווערען די שוואַכע זריעה, וועט שוין דער נייער בוים פון לעבען פון זעלבסט וואַקסען און ברייננען פרוכט.

אָבער איהר לאַכט מיט מיטלייד פון מיין גלויבען אין דעם אידישען פּאַטריאָטיזם. איהר האָט געלעזען די „סצענען פון דעם געטהאָ" און איהר ווייזט אָן אויף די פיגור פון דעם אַלטען מענדעל ווילנא, וועלכער האָט געהאַט די משוגענע אידעע צו וועלען געווינען די ראָטשילדס פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון ירושלים און דעם בית־המקדש, אָבער וועלכער האָט געקענט בעגייסטערען פאַר זיין וואונש נור אַ קינד. בשעת דאָס קינד איז שפּעטער אויסגעוואַקסען און איז געוואָרען אַ סטודענט, איז עס געוואָרען קלוג גענוג צו פערשטעהן, דאָס נאָר קינדער און נאַרען קענען קלערען מכח דעם ווידער־אויפבוי פון ירושלים. דער אידישער פּאָעט, אַזוי מיינט איהר, זעהט אין די נאַציאָנאַלע געפיהלען פון די פרומע אידען, וועלכע ער אַליין שילדערט, נאָר אידישע קריסטמאַס בוימער פאַר קליינע קינדער און גרויסע נאַרען. — אָבער דאָס אַלעס, מיין פערעהרטע פריינדין, כאַראַקטעריזירט העכסטענס דעם מאָדערנעם אידישען פּאָעט, וועלכער האָט בעקומען „גערמאַנישע בילדונג", האָט אָבער ניט אויסגעגאָסען זיין הארץ־בלוט אין זיינע אידישע פּאָעזיען, אַזוי ווי יהודה הלוי, וועלכער נעהמט דעם וואַנדער־שטאַב און געהט אין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו שטאַרבען. אייערע דיכטער כאַראַקטעריזירען ניט דאָס אידישע לעבען. איהר ווייסט דאָך דעם אַלטען שפּריך־וואָרט: קינדער און נאַרען זאָגען דעם אמת. — דער געדאַנקען, פון וועלכען עס זיינען געווען כמעט משוגע מענדעל ווילנא, די קליינע נערווען־קראַנקע און מאָריץ, בשעת ער האָט זיך נאָך גערופען משה׳לע — דאָס איז דער גרונד־געדאַנקען פון אַלע פרומע אידען פון חורבן ירושלים ביז היינט, און — זאָל זיך הערר קאָמפּערט ניט ערגערן — אפילו צווישען די רייכע ברידער פון די ראָטשילדס.

איהר דאַרפט איבריגענס ניט פערגעסען, דאָס קאָמפּערט לאָזט אַ אידישען סטודענט אַבלייקענען די אידישע נאַציאָנאַליטעט. דיזער סטודענט שפּיגעלט אָב זעהר טריי דעם סקעפּטיציזם פון אונזער צייט, ווען ער איז אין ספק מכח דעם פרומען געדאַנקען פון דער פּאָליטישער ווידערגעבורט פון אונזער פאָלק. אָבער וועלכער געבילדעטער איד וואָלט מיט אייניגע יאָהר פריהער אין דייטשלאַנד געוואַגט אויסצודריקען זיך פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון אונזער נאַציאָן, ניט האָבענדיג קיין מורא ערקלערט צו ווערען

פאר משוגע! — קאמפערט פיהרט ארוים אין זיין ערצעהלונג לעבען דעם אידישען סטודענט מיט זיין טעאָרעטישער גלייכגילטיגקייט און פראַקטישער בעגייסטערונג פאר די אידישע נאַציאָן — אַ צעכישען סטודענט, וועלכער איז טעאָרעטיש בעגייסטערט פאַר הוס און בעהמען, ווערט אָבער צום סוף אַ זעלבסט־צופרידענער גלח, וועלכער פערבייט דעם קאמפפס־שווערד אויף דעם גלח'שען פאַס מיט ווייהרויך. — איך געפין דערפאַר מעהר ניט אין קאָמפערט'ס שילדערונג פון דעם געבילדעטען איד יענע קלאָגעדיגע גלייכגיל־טיגקייט, וועלכע מען האָט פאָרגעוואָרפען ביז איצט אַ טייל פון אונזערע דייטשע אידען. הײַנט קען מען שוין, ווי געזאָגט, ניט מאַכען זיי אַזא אַבסאָלוטען פאָרוואורף.

פערגעסט ניט, ליעבע פריינדין, דאָס איהר האָט דאָך קרי־טיקירט מיין זעהר שטרענגע בעאורטיילונג פון די געבילדעטע דייטשע אידען, וועלכע איך וויל יעצט אַביסעל אָבשוואַכען. איך האָב אַנערקענט די גוטע ווירקונג פון דעם אידישען פאַטריאָטיזם, וועלכע לאָזט זיך פיהלען געגען די אידישע גלייכגילטיגקייט, וועל־כע איז אָבער מעהר אַ מאָדע־זאַך און ליגט מעהר אויף די ליפּען פון די "ניי־מאָדישע", ווי זי נעהמט זיך ווירקליך פון הארצען. די בײַנקעניש צו דעם לאַנד פון די עלטערן און דער וואונש צו העלפען אונזערע ברידער, וועלכע פאָהרען אהין־צו שטאַרבען, האָט אויך אָנגעהאַפּט די הערצער פון אונזערע געבילדעטע. די רייזען אין ירושלים, די אונטערשטיצונגען פון אונזערע דאָרטיגע ברידער, די פערשיעדענע אנשטאַלטען אין פּאַלעסטינאַ קומען שוין ניט נאר אויסשליעסליך פון אָרטאָדאָקסישער זייט. — דיזע ערנסטע בעמיהונגען צום בעסטען פון אונזערע ברידער אין אָריענט בעווייזען, דאָס עס פעהלט הײַנט ניט צווישען אידען פון אַלע קלאַ־סען דער גוטער ווילען צו העלפען דער נויט. — מען דאַרף נאָר נאָך אַריינטראָגען מעהר פּלאַנמעסיגקייט אין דאָס פרומע נאַציאָ־נאַלע ווערק. אונזערע אידישע פילאַנטראָפּען שטויסען זיך אָן אין ירושלים, אַזוי ווי אומעדום, אויף געוואַלדיגע מניעות, ווען זיי ווילען העלפען דעם וועלט־היסטאָרישען אומגליק פון אונזערע ברידער דורך פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען און נדבות, אָדער ווען זיי ווילען העלפען די מאָראַליש־גייסטיגע ענטוויקלונג פון אונזערע ברידער אין אָריענט דורך טעאָרעטישע בילדונגס־מיטלען, פאַר

וועלכע עס איז ניטאָ קיין סאָציאַלער יסוד. — די עראָבערונג פון א שותפות׳דיגען נאַציאָנאַלען באָדען, די פערבעסערונג פון די געזעצליכע צושטענדען, די גרינדונג פון אידישע געזעלשאַפטען פאַר אַקערבוי, אינדוסטרי און האַנדעל לויט אידישע, דאָס הייסט סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, דאָס זיינען די יסודות, אויף וועלכע דאָס יודענטום קען זיך אויפהויבען אין אָריענט. דער פייער פון דעם אַלט־אידישען נאַציאָנאַליזם, וועלכער פלאַקערט נאָך אונטער דעם אַש פון דעם טויטען רעליגיעזען פאָרמאַליזם, וועט זיך ווידער פאַנאַנדערברענען און ניי־בעלעבען דאָס גאַנצע יודענ־טום. אויף דעם געמיינזאַמען באָדען פון דעם אידישען נאַציאָנאַ־ליזם וועלען זיך די פרומע און די אויפגעקלערטע, די אָרעמע און די רייכע דערקענען אַלס די קינדער פון די זעלביגע העלדען, וועלכע האָבען געקעמפפט מיט די מעכטיגסטע און ציוויליזירטעס־טע פעלקער פון דער אַלטער וועלט, מיט מצרים, אשור, גריכענ־לאַנד און רוים, און האָבען דיזע אַלע פעלקער איבערגעלעבט. זיי וועלען זיך דערקענען אַלס די קינדער פון דעמזעלביגען שטאַם, וועלכער האָט אַריבערגעטראָגען א צוויי־טויזענד־יעהריגעס מאַר־טירערטום און האָט שטענדיג הויך און הייליג געהאַלטען די פאָהן פון זיין נאַציאָנאַליטעט, די ספר תורה, צוליעב וועלכער ער איז פערפאָלגט געוואָרען...

אין דיזען אויגענבליק, בשעת אַנדערע ארבייטען צווינגען מיך צו אונטערברעכען מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אייך, ווערט מיר אי־בערגעגעבען די העברעאישע שריפט פון אַן אָרטאָדאָקסישען אי־דישען רב, וועלכער קומט פון א תלמודישען שטאַנדפּונקט צו די־זעלביגע רעזולטאַטען, ווי דער קריסטליכער פראַנצויז אין זיין „ניי־ער אָריענטאַלישער פראַגע". איך קען נאַטירליך די רעזולטאַטען פון זיין בעהאַנדלונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע אונ־טערשרייבען אין אַלע פונקטען. פון דיזער העברעאישער שריפט וויל איך אייך איבערגעבען דעם הויפּט־אינהאַלט אין דייטשער אי־בערזעצונג, אַזוי ווי איך האָב דאָס געטהאָן מיט דער פראַנצויזישער שריפט:

„אַבוואָהל עס איז אפילו נאָך ניט געקומען די צייט פון גנאָד צו זוכען מיטלען, ווי מיר זאָלען אויפבויען גאָטס מזבח אין ציון,

אבוואהל די האפנונג איז נאך ווייט, צו בעקומען דערצו אן ער־לויבנים פון דעם טערקישען סולטאן, איז דאך דער פאלגענדער פלאן ראטזאם אין אונזער צייט, ווען גרויסע אידישע מענשען האבען בעקומען מיט גאטס הילף א פאליטישען איינפלוס און האבען אין זייערע הענט דעם גאלדענעם הערשער־שטאק, ווען עס זיינען פאראן אמת'ע אידישע פירסטען, ווי מאנטעפיאָרע, אלבערט קאהען, ראטשילד, פולד א. ז. וו., אידישע שרים, וועלכע זיינען ביי אונז נים געוועזן זייט דעם חורבן. זאל זיי גאט העלפען! זאלען זיי בעשאפען א קאָלאניזאציאנס־געזעלשאפט פאר ארץ ישראל, א חברת ארץ נושבת! מיט זיי זאלען זיך פערבינדען בכבוד'יגע און רייכע אידען פון אלע וועלט־טיילען, אידען, וועלכע ליעבען דאס הייליגע לאנד. — זייער טעטיגקייט זאל בעשטעהן אין פאלגענדעם:

א) זיי זאלען קלייבען נדבות, כדי אבצוקויפען וויסטע שטעדט, פעלדער און כרמים אין הייליגען לאנד, כדי דער מדבר זאל ווערען א לבנון, די חורבות זאלען ווערען פרוכט־פעלדער, און דאס אונבעוואהנטע וויסטע לאנד זאל ווידער אויפבליהען ווי א ליליע און זאל בריינגען פרוכט, ווי דאס פעלד, וועלכעס גאט האט געבענשט. ביסלעכווייז וועלען בערג, טהאלען, דערפער און וויס־טע שטעדט אריינקומען אין דעם בעזיץ פון דער געזעלשאפט, וועלכע וועט קענען ארויסגעבען אקציען, וועלכע וועלען זיך אהן צווייפעל מיט דער צייט אויך קענען רענטירען.

ב) פיעלע אידען פון רוסלאנד, פוילען און דייטשלאנד זאלען אונטערשטיצט ווערען פון דער געזעלשאפט, כדי צו בעאר־בייטען דאס לאנד אונטער דער לייטונג פון ספעציאליסטען, און זאלען בעקומען נחלאות, לכתחילה אומזיסט, ביז זיי וועלען אימ־שטאנדע זיין, ווען דאס לאנד וועט אנהויבען טראגען ריוח, צו בעארבייטען דאס לאנד אלס פעכטער.

ג) מיליטעריש אויסגעלערנטע אידען זאלען אנגעשטעלט ווערען, כדי צו קעמפפען געגען די רויבערישע איבערפאלען פון די בעדואינען. זיי זאלען אויך זיין די פאליציי, זאלען געבען אכט דעם געזעץ און זאלען בעשאפען ארדנונג אין לאנד.

ד) א לאנדווירטשאפטליכע שולע זאל אויפגעבויט ווערען,

כדי צו ערציהען אידישע קינדער און יונגע לייט צו אַקערבוי אין ארץ ישראל. דיזע שולע, אין וועלכער עס קענען געלערנט ווערען נאָך אַנדערע וויסענשאַפטען און קונסטען, וועלכע זיינען ניט געגען אונזער רעליגיאָן, קען געגרינדעט ווערען אין פּאַלעסטינאַ אָדער אין אויסלאַנד, יעדענפאַלס אָבער אין אַזאַ לאַנד, וועלכעס, ווי למשל פראַנקרייך, פּראָדוצירט וויין און אייל, כדי די תלמידים זאָלען זיך פּראַקטיש אויסבילדען פאַר די אַגריקולטור, וועלכע איז פערברייטעט אויך אין ארץ־ישראל.

גאָט וועט אונז דאַן ביישטעהן מיט זיין גנאָד און מיר וועלען אָנהויבען קליין אָבער אַלץ מעהר און מעהר ערווערבען אייגענטום אין הייליגען לאַנד, ווי דער נביא האָט עס אָנגעזאָגט. פון אונזער זייט מוז אָבער דער אָנפאַנג געמאַכט ווערען, ווי איך האָב עס בעוויזען מיט ראיות פון תלמוד און מדרש."

דאָס האָט געשריבען דער ראַבינער ק א ל י ש ע ר, פון טאָרן.

בין איך דען ניט געווען גערעכט, בשעת איך האָב פאַר אייך גרויס געהאַלטען דעם געזונדען פּראַקטישען זין פון אונזער פאָלק און האָב געזאָגט, דאָס די פרומע אידען וועלען אויסשטרעקען די האַנד צו די אויפגעקלערטע אידען אויף דעם געמיינזאַמען באָדען פון אונזער נאַציאָנאַליטעט?

פון אַן אַנדער זייט ווערט מיר בעריכטעט, דאָס אין דעצעמבער פאָריגען יאָהר איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין אויסטראַליען אַ גרויסער מיטינג, אויף וועלכען בעריהמטע אידען און קריסטען האָבען פאָרגעשלאָגען עהנליכע בעשליסען, וועלכע די פערזאַמלונג האָט גוט־געהייסען *). אַלזאָ, ניט נאָר אידען פון פערשיעדענער בילדונג, נאָר אויך די פערשיעדענע קריסטליכע רעליגיאָנען און קולטור־פעלקער פעראייניגען זיך אַלע אין דעם וואונש, צו העלפען אונזער פאָלק צו זיין נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט. דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז, דאָס אַלע זיינען כמעט ווערטליך איינשטימיג אין די מיטלען, וועלכע זיי שלאָגען פאַר צו דיעזען צוועק. — אויב איך וואָלט זיך גענויטיגט אין אַ בעשטעטיגונג צו מיינע איבער־

*) נאָטע 10.

ציינונגען, וועלכע איך האב אויפגעקליבען אין לויף פון לאנגע שטודיען און ערפאהרונגען, וואלט איך זי געפונען אין דער איינשטימיגער מיינונג פון אזוי פיעל מענשען און פעלקער, וועלכע זיינען פון די פערשידענסטע שטאנדפונקטען געקומען צו דיזעלביגע רעזולטאטען. איך זעה שוין די געזעלשאפט, וועלכע א פרומער אידישער פאטריאט האט פארגעשלאגען, און וועלכע הויבט אן די קאלאניזאציאן פון פאלעסטינא אונטער דעם שוץ פון די מערב־אייראפעאישע פעלקער. ווי באלד דער וואהלשטאנד וועט ווערען גרעסער אונטער דעם שוץ פון דעם געזעץ און אויף דעם יסוד פון ארבייט, וועלען אין ארץ ישראל אזוי גוט ווי אין דייטשלאנד און די איבריגע אייראפעאישע לענדער ענטשטעהען אידישע אוניווערזיטעטען אונטער דער לייטונג פון טיכטיגע געלערענטע, וואס זייער גייסטעס־בילדונג וועט ניט דארפען קומען מעהר אין סתירה מיט דעם אלט־אידישען נאציאנאל־קולט.

די טרייע בעשיצער פון דעם הייליגען קבר פון אונזער נאציאנאליטעט ווילען, ניט קוקענדיג אויף זייער ארימקייט, גאר נישט וויסען פון אונטערשטיצונגען און אונטערנעהמונגען, וועלכע ברייננען אין סכנה דעם אלט־אידישען קולט. דערפאר הערען אונזערע מעריב־אייראפעאישע פילאנטראפען ניט אויף זיך צו קלאגען, דאס „מען קען מיט דיזע מענשען גאר נישט ניט מאכען“. — געוויס, אייער פלאנלאזיגקייט און אייערע משונה'דיגע פלאנען פיהרען צו גארנישט, זיי קענען מעהר ניט אומעטום ברייננען שאדען און מחלוקת. פארקלאגט אבער ניט יענע מענשען, וועלכע ווילען בעסער שטארבען אין עלענד אויף דער הייליגער ערד, איידער ווערען אונטריי דעם אלטען קולט. קלאגט זיך אויף אייער אונבעקאנטשאפט מיט די בעדירפניסען פון יודענטום און פון דער צייט, ווען איהר קענט ניט דערגרייכען קיין גליקליכען רעזולטאט, ניט אין מזרח און ניט אין מערב.

דאס הארטע ארטאדאקסישע אייז וועט זיך באלד צוגעהן, ווען נאר דער פונק פון דעם אידישען פאטריאטיזם, וועלכער פלאקערט אונטער דיעזען אייז, וועט זיך פאנאנדערברענען צו א פייער, וואס אונטער זיין איינפלוס וועט קומען דער פריהלינג און אונזער נאציאן וועט אנהויבען ווידער אויפלעבען. — פארקערט איז דאס מערב־

אייראָפּעאישע יודענטום נאָך אַרומגערינגעלט מיט אַ האַרטען שאָלעכץ, מיט די טויטע רעסטלאָך פון די ערשטע לעבענס־רעגונגען פון מאָדערנעם גייסט, מיט דער אונאָרגאַנישער שיכט פון אַ אָבגעשטאָרבענער ראַציאָנאַליסטישער אויפקלערונג. דיזער שאָלעכץ קען ניט צוגעהן דורך דאָס פייער פון דעם אידישען פּאַטריאָטיזם, ער קען נאָר צובראָכען ווערען דורך אַן אויסערליכען דרוק, וואָס אונטער זיין קראַפט מוז אַלעס אָבשטאַרבען, וואָס האָט ניט קיין צוקונפט. — אין געגענזאַץ צו דער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע קען ניט צושטערט ווערען פון אויסען און ניט ברייגנען דערביי אין סכנה דעם קערן פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט, קען דער האַרטער פּאַנצער, וועלכער רינגעלט אַרום די הערצער פון אונזערע מאָדערנע קולטור־אידען, צובראָכען ווערען נאָר דורך אַ גוואַלדיגען שטורם פון אויסען. פיליכט וועלען שוין אין דער נאָהנטער צוקונפט די וועלט־פּערהעלטניסע אַרויסרופען דיזען שטורם.—דער אַלטער בנין פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט, וועלכער איז אַזוי אָפט בעשעדיגט געוואָרען פון די שטורמס פון דער רעוואָלוציאָן, פּלאַצט און פּאַלט יעצט פאַנאַנדער אין אַלע עקען און ענדען; ער קען מעהר קיין נייעם שטורם ניט אַריבערטראָגען. — פּאַראַן מיטעל־ווענען, וועלכע שטעהען צווישען רעוואָלוציאָן און רעאַקציאָן, וועלכע ווילען האַלטען די מאָדערנע געזעלשאַפט און ווערען פון איהר דערנאָך פערשלונגען, אַזוי ווי די שקאָרפּיאָנמוטער פון איהרע קינדער. יענע אמען פון פּאָרטשריט, וועלכע פּרעדיגען דעם שעפּפער זעלבסט ווייזהייט, מעסיגונג און שפּאַרזאַמקייט, כדי ער זאָל זיך חלילה ניט איבעראיילען אין זיינע שעפּפונגען, יענע טרעגער פון דער קולטור, יענע רעטער פון דער געזעלשאַפט און פערוואַלטער פון שפּאַרקאַסען: די שפּעקולאַנטען אין פּאָליטיק, אין רעליגיאָן, אין פילאָזאָפיע און אינדוסטרי, יענע אַלע וועלען די לעצטע שטונדען ניט איבערלעבען. — אויך אונזערע אידישע רעפּאָרמאַטאָרען וועלען צוזאַמען מיט אַלע איבריגע אמען פון פּאָרטשריפט באַלד פאַרענדיגען זייער צייטווייליגע עקזיסטענץ. — דערפאַר אָבער וועט נאָך דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, וועלכע מוז באַלד קומען, דאָס אידישע פּאָלק צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע געשיכטספעלקער אָנהויבען פאָדערען זיין רעכט.

**זכור ימות עולם, בינה שנות דור, שאל אביך ויגדך, זקנך ויאמר לך. בהנחל עליון גוים, בהפרידו בני אדם...**

אזוי ווי נאָך דער לעצטער קאטאסטראָפע פון דעם אָרגאַנישען לעבען, בשעת די געשיכטליכע ראסען זיינען אויפגעטראָטען אין דער וועלט, האָבען די שבטים בעקומען זייער פלאַץ און זייער ראָליע, אזוי וועט אויך נאָך דער לעצטער קאטאסטראָפע פון דעם סאָציאלען לעבען, בשעת דער גייסט פון די היסטאָרישע פעלקער הויבט אָן אויפצובליהען, וועט אויך אונזער פאָלק צוזאמען מיט די אנדערע געשיכטס-פעלקער פארנעמען זיין פלאַץ אין דער וועלט-געשיכטע.

---

# עפילאָג.

זכור ימות עולם.

.1

## גריכען און אידען.

די גייסטיגע אנשויאונגען פון דעם מענשען, צו וועלכער רעליגיאָן און נאציאָן ער זאָל ניט געהערען, ענטוויקלען זיך מיט די לעבענסערפאהרונגען, וועלכע ער מאכט אין דעם סאָציאלען לעבען, וואָס רינגעלט איהם ארום. דיזע אנשויאונגען האָבען אָבער זייערע וואורצלען, אקוראט ווי דאָס גאנצע סאָציאלע לעבען, דורך די פערמיטלונג פון פאמיליע און ראסע, אין אָרגאנישען לעבען, מיט וועלכען זיי שטעהען אין דעם זעלבען ענגען צוזאמענהאנג, ווי דאָס אָרגאנישע לעבען שטעהט מיט דעם קאָסמישען.

עס איז ניטאָ צווישען דיזע דריי לעבענס-ספערען קיין אבסאָלוטער אונטערשיעד, קיין פאָלקאָמענע שיידע-וואנד, אזוי ווי עס איז ניטאָ קיין אבסאָלוטער אונטערשיעד צווישען דעם גייסטיגען און מאטעריעלען לעבען. איינס וואורצעלט אין דאָס אנדערע. אָבער דיעזע דריי לעבענס-ספערען בילדען שארף פאנאנדערגעטיילטע לעבענס-שטופען אָדער לעבענס-אלטער אינערהאלב פון דעם איינעם און אונטהיילבארען, אייביג יונגען און אייביג אלטען אוניווערסאלען לעבען. אזוי ווי אין יעדער איינצעלנער לעבענס-

ספערע, אזוי איז עס אויך אין דעם גאנצען אוניווערסאלען לעבען. די ענטוויקלונג צו א העכערער לעבענס־שטופע איז פערבונדען מיט דעם רעגרעס פון א נידריגערער לעבענס־שטופע. — פערגליכען מיט דער העכערער לעבענס־שטופע פון דער אָרגאנישער וועלט, איז אויך די קאָסמישע וועלט אן אונטערגעאָרדנטע און א ל ע ב ל אָ ז ע, בעזונדערס אויף דעם גרעניץ־שיכט, וועלכעס פיהרט פון לעבען פון די וועלט־קערפּער צום לעבען פון די אָרגאניזמען. אויף דער אויבערפלעכע פון אונזער וועלט־קערפּער, פון וועלכען מיר קענען בעאָבאכטען נאָר איינצעלנע און פאראיינצעלטע טיילען פון דער וועלט, זעהען מיר נאָר די טויטע איבערגעבליבענע רעסטען פון דער קאָסמישער לעבענס־ספערע, פון וועלכע עס ענטוויקעלט זיך די נייע העכערע אָרגאנישע לעבענס־ספערע. ווען מיר בעאָבאכטען אָבער דאָס לעבען פון די וועלט־קערפּער אין וועלט־רוים, דאָס הייסט דאָרטען וואו דאָס לעבען ענטשטעהט פון זעלבסט און ענטוויקעלט זיך, זעהען מיר אין איהם די צייכען פון געטליכען לעבען, אזוי ווי דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרען זעהר ריכטיג אין אונזער ליטעראַטור מיט די ווערטער: סוף מעשה במחשבה תחלה. די מערקווירדיגע ערשיינונגען, וועלכע מען האָט בעאָבאכטעט ביי די קאָמעטען אין דער היינטיגער צייט, אזוי ווי אין 17טען יאָהר־הונדערט; די פאנאנדערטיילונג פון דעם ביעלא'שען קאָמעט; די בעאָבאכטעטע פערענדערונגען ביי דיעזען קאמעט אזוי ווי ביי אנדערע קאמעטען; די קאסמישע נעפּעלס, זייערע דרעהונגען און זייער גרופּירונג אין שטערען־סיסטעמען און פּלאנעטען־סיסטעמען, דיזע אַלע און עהנליכע ערשיינונגען, וועלכע דער טעלעסקאָפּ צייגט אונז, זיינען לעבענס־פּראָצעסען. זיי קענען ניט ערקלערט ווערען דורך די מעכאנישע גראוויטאציאָנס־טעאָרי, אזוי ווי עס קען ניט ערקלערט ווערען מעכאניש דער טיילונגס־פּראָצעס פון אן עמבריאָן אָדער די גענעטישע ענטוויקלונג פון די אינפוזאָריען אָדער די גרופּירונג פון די אָרגאנען אין א לעבעדיגען אָרגאניזם, וועלכער איז נאָר ק אָ מ פּ ל י צ י ר ט ע ר, איידער דער אויך־לעבעדיגער קאָסמישער אָרגאניזם.

אויף דעם גלייכען אופן שטעהט דאָס מענשליכע, סאָציאַלע לעבען העכער, איידער דאָס אָרגאנישע, אָבער עס אונטערשיידעט זיך

ניט פון איהם אבסאָלוט, אזוי ווי דאָס אָרגאַנישע אונטערשיידעט זיך ניט פון קאָסמישען לעבען. אויף דעם גרעניץ פון דער אָרגאַנישער צו דער סאָציאַלער לעבענס־ספערע שטעהט די נאַטירליכע אָרגאַנישע ראַסע, וועלכע איז נאָך גייסטלאָז און פערגלייך מיט דעם העכערען הומאַנעם לעבען. די ראַסע איז אָבער די וואָרצעל פון דער סאָציאַלער לעבענס־ספערע, אזוי ווי דער וועלט־קערפּער איז די וואָרצעל פון דער אָרגאַנישער.

דאָס סאָציאַלע לעבען איז לכתחילה א פּראָדוקט פון בעשטימטע מענשען־ראַסען, פון פערשיעדענע פאָלקס־שבטים, וועלכע אָרגאַניזירען זייערע לעבענס־איינריכטונגען נאָך א בעשטימטען טיפּ.— אין לויף פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג קומען אין א ווידערשפּרוך צווישען זיך די טיפּישע געגענזעצען פון די אורשפּרינגליכע לעבענס־איינריכטונגען אין די פּרימיטיווע לעבענס־אַנשויאונגען. ערשט פון זייער צוזאַמענשטויס קומען ארויס די גייסטעס־פונקען, וועלכע ווערען די ליכט־קערענדלאך פאר א העכערע האַרמאָנישע לעבענס־געשטאַלט.

די איינהייט פון דעם מענשען־געשלעכט ענטוויקעלט זיך אין דער היסטאָרישער ארבייט, און איז ניט געגעבען געוואָרען שוין לכתחילה דורך די נאַטור. זי איז ניט קיין אונמיטעלבארעס פּראָדוקט פון אָרגאַנישען לעבען, נאָר זי איז די לעצטע פרוכט פון דעם סאָציאַלען, היסטאָרישען ענטוויקלונגס־פּראָצעס. איהר מקור איז די פערשיעדענאַרטיגקייט פון די אורשפּרינגליכע פאָלקס־שבטים, איהר בעדינגונג איז דער קאַמפּף פון די פעלקער, און זייער האַרמאָני איז איהר ציעל.

די אויף אזא אופן פערשטאַנענע איינהייט פון דעם מענשענגעשלעכט מיינט, דאָס עס איז פאראן א פּלאַן אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. — די פערשידענארטיגע ערשיינונגען פון סאָציאַלען לעבען זיינען לכתחילה דערצו בעשטימט צו קומען אין א האַרמאָניע, אזוי ווי די פערשיעדענאַרטיגע ערשיינונגען פון אָרגאַנישען און קאָסמישען לעבען. אָט דיעזער איינהייטליכער געטליכער פּלאַן אין דער געשיכטע איז שוין קלאָר געוואָרען היינט, אין דער לעצטער שטופע פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג. — אין אלטערטום אָבער, בשעת די פעלקער זיינען נאָך געווען פער־

זונקען אין דער נאכט פון נאטור־לעבען, איז געווען נאר איין פאלק, וועלכעס האט דורך זיין זשעניע דערקענט אדער וועניגסטענס גע־פיהלט א געטליכען פלאן אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, אזוי ווי אין דער געשיכטע פון דעם קאסמישען און ארגאנישען לעבען. יענעם פאלק האט מגלה געווען דיעזען פלאן אין א ליטעראַ־טור, וועלכע ווערט היינט פון דער גאנצער ציוויליזירטער מענשהייט פערעהרט אלס א הייליגע התגלות.

ווען מיר פערשטעהען ריכטיג דעם געשיכטס־פלאן, וועלכער איז ענטהאלטען אין די הייליגע אידישע ספרים, דערקענען מיר אין איהם ניט נאר די איינהייט פון מענשענגעשלעכט, נאר די אחדות פון דעם גאנצען קאסמישען, ארגאנישען און סאציאלען לעבען. די הייליגע ספרים פון אונזער פאלק ערקלערען די אחדות פון גאט, אבוואהל די וועלט איז א ריבוי, זיי ערקלערען די אחדות פון דעם מענשען־געשלעכט, אבוואהל די מענשען־ראסען זיינען פערשיעדען. ווארים דער גאנצער פלאן פון דער געשיכטע פון דער וועלט האט געשוועבט פאר דעם גייסט פון אידישען פאלק פון אנהויב אן פון זיין אייגענער געשיכטע.

די גאנצע ליטעראטור פון די אידען קען פערשטאנען ווערען נאר פון דיעזען גענעטישען געזיכטס־פונקט פון אידישען פאלק. דאס יודענטום איז א געשיכטס־רעליגיאן, א ג ע ש י כ ט ס־ק ו ל ט, אין געגענזאץ צו דעם נ א ט ו ר־ק ו ל ט פון די אומות העולם.

די התגלות פון דעם אידישען גייסט אין אנהויב פון דער מענשליכער געשיכטע וואלט געווען דורכאוים אונערקלערליך און איבערנאטירליך, ווען עס וואלטען ניט געווען לכתחילה קיינע פער־שיעדענע פעלקער מיט אייגענטימליכע טיפישע גייסטעס־תכונות, וועלכע האבען שוין פון אנהויב אן געמוזט קומען צו פערשיעדענע אנשויאונגען. דיעזעלבע וואונדער פון גייסט טרעטען אויף פאר אונז אין די פערשיעדענע שפראכען פון די אור־פעלקער. די פרי־מיטיווע רעליגיאנען און פרימיטיווע שפראכען זיינען ר א ס ע ן־ש ע פ פ ו נ ג ע ן, אזוי ווי ר ע נ א ן האט עס ריכטיג בע־מערקט, אבוואהל ער האט ניט געהאט קיין פארשטעלונג פון דער בעדייטונג פון דער פרימיטיווער א י ד י ש ע ר געשיכטס־רע־

ליניאָן. — די געשיכטע בעשטעטיגט אַלזאָ, אַזוי ווי מיר ווייסען דאָס אויך פון אַנטראָפּאָלאָגיע, דאָס עס זיינען לכתחילה געוועזען פערשיעדענע מענשען־ראַסען און פאָלקס־שטאַמען.

אויב די פערשיעדענע ראַסען און פאָלקס־שטאַמען, וועלכע עק־סיסטירען נאָך היינט, וואָלטען ניט געוועזען קיינע אורשפּרינגליכע, וואָלטען זיי היינט אין מערב־אַזיען, אין נאָרד־אַפריקא און אין איי־ראָפּאַ, וואו זיי לעבען צוזאַמען זייט יאָהר־טויזענדער און פאַרמישען זיך, דורך די שטענדיגע פערמישונגען אין די קלימאַטישע איינפלו־סען געדאַרפט שוין לאַנג אַרויסברייננגען אַזעלכע נייע טיפּען, אין וועלכע מען וואָלט ניט געדאַרפט מעהר געפינען קיין שפּור פון זייע־רע אור־עלטערען. — באמת אָבער האָבען זיך אַלע מענשען־ראַסען און פאָלקס־טיפּען, וועלכע זיינען אונז בעקאַנט פון היסטאָרישע מאָנומענטען, אָדער וועלכע לעבען נאָך היינט אין זייער אורשפּרינג־ליכער היימאַט, דערהאַלטען אין זייער פאָלשטענדיגער גאַנצקייט, ניט קוקענדיג אויף אַלע קלימאַטישע און קולטורעלע איינפלוסען. דער קענער קען זיי אונטערשיידען אויף דעם ערשטען בליק נאָך זייערע פיזיאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע צייכען. די עלטסטע עגיפּ־טישע מאָנומענטען צייגען אונז שוין נעגער, אינדאָ־גערמאַנען, און סעמיטען, אַלזאָ ראַסען, וועלכע האָבען געלעבט צושטרייט זייט אונדענקליכע צייטען לעבען איינאַנדער אין דעמזעלביגען לאַנד, אַזוי ווי אויך אין פערשיעדענע לענדער און קלימאַטען. זייער אור־שפּרינגליכער טיפּ האָט זיך אָבער ניט פערענדערט.

די שפּראַכען פון די פעלקער, פון וועלכע אונזער ציוויליזאַ־ציאָן שטאַמט, געהערען מינדעסטענס צו צוויי פּרימיטיווע שבטים, צו די א י נ ד א ־ ג ע ר מ א נ י ש ע און ד י ס ע מ י ט י ש ע. די פאַרצייטיגע קולטור פון די אינדאָ־גערמאַנישע שבטים האָט דער־גרייכט איהר העכסטען פּונקט אין ג ר י כ ע נ ל א נ ד, די קול־טור פון די סעמיטען אין י ה ו ד ה. אין דיעזע ביידע לענדער האָט דער טיפּישער געגענזאַץ צווישען די אינדאָ־גערמאַנישע און סעמיטישע פאָלקס־שבטים דערגרייכט זיין העכסטען פּונקט. זייע־רע גרונד־פערשיעדענע לעבענס־אַנשויאונגען זיינען ענטהאַלטען אין די קלאַסישע ווערק פון די ג ר י כ ע ן און א י ד ע ן. מיר זעהען דערפון, דאָס די גריכען האָבען אויפגעפאַסט דאָס לעבען אַלס

א מ א נ י ג פ א ל ט י ג ק י י ט, די אידען אלס אן א י י נ־
ה י י ט, דאס די גריכען האבען געזעהן אין דער וועלט אן אייביגעס
ז י י ן, די אידען אן אייביגעס ו ו ע ר ד ע ן. ביי די גריכען וויל
דער גייסט דורכדרינגען דעם רוים, ביי די אידען די צייט. אין
גריכישען גייסט שפיגעלט זיך אב די פאלענדעטע שעפפונג, אין
אידישען גייסט די אונזיכטבארע ארבייט פון דעם ווערדען. עס
איז דער שעפפערישער פרינציפ, וועלכער האט אנגעהויבען זיינע
ארבייטס־טעג ערשט אין סאציאלען לעבען, בשעת ער האט אין נא־
טור־לעבען שוין דערגרייכט זיין שבת. — די קלאסישע פערטרע־
טער פון דעם נ א ט ו ר ־ ש ב ת עקזיסטירען שוין לענגסט ניט
מעהר אלס פאלק, אבער דער גאט פון דער געשיכטע און פון דעם
ווערדען האט אויך זיין פאלק, וועלכעס האט אנגעזאגט דעם ג ע ־
ש י כ ט ס ־ ש ב ת, צווייט צווישען אלע פעלקער. אבער דיביידע
אורשפרינגליכע טיפען פון גייסט, וועלכע האבען ניט מעהר קיינע
קלאסישע פעלקער פאר זייערע טרעגער, האבען נאך אלץ קלאסישע
אינדיווידוען פאר זייערע פארטרעטער, וועלכע געפינען זיך צווי־
שען אלע מאדערנע קולטור־פעלקער.

די ביידע העלדען פון אונזער ליטעראטור ג ע ט ה ע און
ש י ל ל ע ר, זיינען די דייטשע רעפרעזענטאנטען פון דעם געניוס
פון די גריכען און אידען, פון דעם נאטור־שבת און געשיכטס־שבת.
ווען ה י י נ ע טיילט פאנאנדער אלע מענשען אין גריכען און
נאזארענער, האט ער דערמיט אנגעצייכענט, ניט וויסענדיג דאס
אליין גענוי, ביידע טיפישע גייסטעס־ריכטונגען פון דעם נאטור־
קולט און געשיכטס־קולט. — אין ה י י נ ע און ב ע ר נ ע
האבען די מאדערנע אידען, אקוראט ווי די מאדערנע אינדא־גער־
מאנישע פעלקער, ארויסגעבראכט די ביידע טיפען פון דעם קולטור־
לעבען.

נאכדעם ווי עס האט זיך פאלענדעט דער געגענזאץ פון די ביי־
דע גייסטעס־ריכטונגען אין צוויי וועלט־היסטארישע פעלקער, איז די
פעראייניגונג פון דיזען געגענזאץ געווארען די ארבייט פון דער גאנ־
צער קולטור־געשיכטע.

נאך אן ערשטען אונפאלקאמענעם שלום־פערזוך דורך דאס קריס־
טענטום איז דיעזער פערזוך געמאכט געווארען דורך דעם איסלאם,

וועלכער האָט אָבגענומען ביי דעם ערשטען פּערמיטלער, ביים קריס־טענטום, די הערשאַפט אין אזיען און אפריקא און אפילו א טהייל פון איירָאפּא און שפּאַניען. אזוי ווי פון דער בעריהרונג פון דער גרי־כישער מיט דער אידישער קולטור אין דעם אַלטען אידישען פאטער־לאַנד איז אַרויסגעוואקסען דער ערשטער שלום־פּראָצעס, אזוי איז פון דעם צוזאמענשטויס פון דער אראבישער, אידישער און איירָאפּע־אישער קולטור אין שפּאַניען, דעם צווייטען פאטערלאנד פון די אידען, ארויסגעוואקסען דער לעצטער שלום־פּראָצעס פון דיביידע וועלט־היסטאָרישע טיפּען.

דער גייסטעס־פונקען אָבער, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דעם צוזאמענשטויס פון ביידע ריכטונגען, און איז געוואָרען דער זאמען פאר א העכערע האַרמאָנישע ריכטונג, אין וועלכער עס דאַר־פען שלום מאכען די נאטירליכע ראַסען־סתירות פון די וועלט־היס־טאָרישע קולטור־פעלקער, דיעזער סאָציאַלער ליכט־זאמען, דיעזע נייע התגלות איז שטענדיג אַרויסגעקומען פון א אידישען גייסט.

בשעת דאָס היידנישע רוים האָט געמאכט א סוף צו דעם פּאַרצייטיגען גריכישען און אידישען קולטור־לעבען, איז אויף די חורבות פון יענעם לעבען ביי דעם ענדע פון אַלטערטום אַרויסגע־וואקסען א נייע וועלט־אנשויאונג, וואָס איהר זאמען איז נתגלה גע־וואָרען אין א אידישען געניום. — און בשעת דאָס קריסט־ליכע רוים האָט געגעבען א טויט־שטויס דעם קולטור־לעבען אין שפּאַניען, איז אויף זיינע חורבות ביים סוף פון מיטעלאַלטער ענט־שטאַנען די מאָדערנע וועלט־אנשויאונג נאָך א מאָל דורך א אידען. ספּינאָזא האָט אָבגעשטאַמט פון שפּאַנישע אידען, וועלכע זיינען אנטלאָפען אין האָלאנד, כדי זיך צו ראטעווען פון די הינט פון דער הייליגער אינקוויזיציאָן.

---

## 2

### קריסטוס און ספינאָזא.

דאָס יודענטום, וועלכעס האָט שלום געמאכט מיט דער ווי־סענשאַפט, קען זיין גערעכט צום קריסטענטום, קען פאַלשטענדיג

אנערקענען זיין וועלט־היסטאָרישע בעדייטונג, דערביי אבער ניט אריינפאלען אין דעם וואסערדיגען קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער אי־דישער רעפאָרם און ניט פערלייקענען דעם האראקטער פון דער אידישער רעליגיאָן. דער אידישער געשיכטס־שרייבער דארף שוין היינט ניט זיין פאנאטיש אדער אינדיפערענט צו א רעליגיאָן, וועלכע איז זעלבסט א פּראָדוקט און פאָלגליך א וועזענטליכער טייל פון דער אידישער געשיכטע. דער היסטאָריקער ג ר ע ץ האָט אין דריטען באנד פון זיין געשיכטע געלעזט דאס פראבלעם, ווי מען קען זיין א איד, א פרומער פאטריאָטישער איד און אויך אָביעקטיוו בעאורטיילען יענע גרויסארטיגע ערשיינונג, וועלכע איז אין לויף פון אכטצעהן הונדערט יאהר געווען פאר דאס אידישע פאָלק נאָר א קוואל פון פערפאָלגונגען און אונטערדריקונגען.

איינינע פראַבען פון ג ר ע ץ וועלען ווייזען, מיט וואס פאר א פרייהייט פון גייסט און טיעפקייט פון געפיהל א אידישער היסטאָריקער, וועלכער געהערט נ י ט צו דער רעפאָרם־פּארטיי, קען אָבשעצען דאָס קריסטענטום און זיינע גרינדער:

„בשעת יהודה האָט נאָך געציטערט“, שרייבט אונזער אידי־שער היסטאָריקער *), דאָס דער גובערנאַטאָר פ אָ נ ט י ו ס פ י ל א ט ו ס זאָל ניט טאָן וועלכע עס איז געוואלט־טעטיגקייט און דערמיט ארויסרופען א נייעם אויפשטאנד און נייע ליידען, האָט זיך אָנגעהויבען צו ווייזען א נייע ערשיינונג אין לעבען. זי איז אין אָנהויב געווען אזוי קליין, דאס מען האָט זי לכתחילה גאָר ניט בעמערקט, זי איז אבער א דאנק די גינסטיגע אומשטענ־דען ביסלעכווייז געוואָרען אזוי געוואלטיג און האָט דערגרייכט אזא ריזיגע מאכט, דאס זי האָט אָנגעצייכענט נייע וועגען פאר דער וועלט־געשיכטע... דאָס פאָלק ישראל האָט אָנגעהויבען ע ר נ ס ט צ ו פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ע ן זיין אויפגאַבע: צו ווערען דער לעהרער פון די פעלקער.

„די נייע ערשיינונג, וועלכע איז ארויסגעוואקסען אונטער פילאטוס, האָט דערוועקט די גרעסערע אינווענדיגע טיילנאהמע פון די אומות העולם אן דער לעהרע פון יודענטום. אבער דיעזע

*) געשיכטע פון די אידען, טהייל 3, קאפיטעל 11. זעה אויך טהייל 4, קאפיטעל 5, 8, 9. און אויך נאָמען 9, 14 און 19.

ערשיינונג איז באלד אריינגעקומען אין א שארפע סתירה צו איהר אורשפרונג א דאנק איהרע פרעמדע עלעמענטען און די אייגענע פערפרעמדונג פון דער אידישער לעהרע. די אידישע רעליגיאן, וועלכע האט געבארען דיעזע ערשיינונג, האט פון איהר ניט געהאט קיינע מוטער־פריידען, ווארום די טאכטער האט זיך באלד פיינד־ליך אבגעזונדערט פון איהר אורשפרונג, און איז געגאנגען אין א וועג, וואוהין יענע האט ניט געקענט נאכגעהן. אויב דאס יודענ־טום וואלט ניט געוואלט אראבווארפען פון זיך זיין אייגענטימלי־כען כאראקטער און ווערען אונטריי צו זיינע אוראלטע איבערציי־גונגען, האט עס געמוזט אריינטרעטען אין א געגענזאץ צו זיין קינד. דערפאר האט די לייכטע שמערצלאזע געבורט פון דעם קינד, וועלכעס איז בעשטימט געווארען פאר גרויסע זאכען, געבראכט שפעטער דעם יודענטום שמערץ און פיין, וועלכע האבען איהם א צייט לאנג כמעט ווי פערניכטעט. דיעזע נייע ערשיינונג, דיעזע אלטע לעהרע אין נייעם קלייד, אדער בעסער געזאגט, דיעזעס עסעערטום מיט פרעמדע עלעמענטען איז דאס ק ר י ס ט ע נ־ ט ו ם , וועלכעס האט אנגעהויבען צו ענטשטעהען אין יענער צייט־ עפאכע."

פון י ע ז ו ס זעלבסט זאגט גרעץ פאלגענדעס: „א דאנק זיין גאלילעאישער אבשטאמונג האט יעזוס ניט געקענט זיין אזא תלמיד־חכם, ווי די תלמידים פון שמאי און הלל אין יהודה. פון גליל האט ער געקענט שעפען זיינע קנאפע קענטניסע אין זיין האלב אראמעאישע שפראך. זייענדיג ארעם אין טעארעטישע קענט־ניסע, איז ער געוועזן רייך אין געפיהל. ער האט געהאט אין זיך איידעלקייט פון הארץ, מאראלישען ערנסט, און לעבענסהייליגקייט אין א הויכער מדרגה. דאס קלינגט פון אלע זיינע ווערטער, און אפילו פון די געפעלשטע לעהרען, וועלכע זיינע אנהענגער האָ־בען פערברייטעט אין זיין נאמען. די וויכקייט פון יעזוס'ען און זיין עניוות דערמאנען אן ה ל ל , וועלכער איז קענטיג געוועזן זיין מוסטער. הלל'ס שפריכווארט: „וואס דו ווילסט ניט האס מען זאל דיר טאן, זאלסטו אויך דעם אנדערען ניט טאן", האט ער גע־מאכט פאר דעם אויסגאנגספונקט פון זיינע לעהרען. אזוי ווי הלל האט אויך יעזוס געהאלטען פאר די העכסטע טוגענד — שלום.

זיין גאנצעם וועזען איז געווען אנגעפילט פון יענער העכערער פרומקייט, וועלכע גיט אב צו גאט ניט נאר א שטונדע פון תפילה, א הייליגען טאג, א שטימונג, נאר יעדען שריט פון לעבען, יעדע בעוועגונג פון דער נשמה, און אנפערטרויט זיך אין גאנצען צו איהם. ער איז געווען דורכגעדרונגען פון דער ליבע צו דעם צוויי־טען, וועלכע דאס יודענטום פאדערט אויך בנוגע צו דעם פיינד. ער האט געוויס ניט געשאלטען זיינע שונאים, און זיינע פערעהרער האבען איהם געטאן אונרעכט, ווען זיי האבען איהם אריינגעלייגט אין מויל קללות און ליעבלאזע ווערטער געגען זיין אייגענער מו־טער. ער האט דערגרייכט זיין אידעאל אין די ליידענדע טוגענ־דען, אזוי ווי דאס יודענטום פאדערט עס: „דו זאלסט געהערען צו די אונטערדריקטע און ניט צו די אונטערדריקער, זאלסט הערען זידלערייען און ניט ענטפערען אויף זיי, זאלסט אלעס טאן אויס ליעבע צו גאט און זאלסט זיך פרעהען מיט די ליידען *)“.

„זיין גאנצער געפיהל, וועלכער האט פעראבשייט געוואלט־טעטיגקייט, וועלטליכע שטרעבונגען און פארטיי־מחלוקות, האט גע־מוזט פיהרען יעזוס'ן צו די איסיים, וועלכע זיינען געווען פרעמד פון דער וועלט און איהרע הבלים. בשעת יוחנן דער טובל, אדער בעסער געזאגט, דער איסי, האט גערופען צו דער טבילה אין ירדן, צו תשובה און צו דער מלכות השמים, איז יעזוס צו איהם געגאנ־גען און האט זיך געלאזט טויפען. די לעגענדע דערצעהלט, דאס דער הימעל האט זיך דערביי געעפענט, און דאס דער רוח הקדש האט זיך אראבגעלאזען אויף איהם ווי א טויב, און האט איהם אנגע־זאגט זיין בערוף. אבוואהל עס לאזט זיך ניט בעווייזען, דאס יע־זוס איז ווירקליך אויפגענומען געווארען אין די כתה פון די איסיים, קען מען פיעלעס פון זיין לעבען און ווירקען דאדורך ערקלערען, דאס ער האט אויפגענומען לעהרען פון די איסיים. אזוי ווי די איסיים האט יעזוס הויך געהאלטען די פרייוויליגע ארעמקייט און האט פעראכטעט דעם רייכטום, דאס געלד, אזוי ווי די איסיים האט אויך יעזוס געפרעדיגט די שותפות פון דעם רייכטום. ווי די

*) שבת פ"ח, ב', יומא כ"ג, א', גיטין ל"ו, ב'. דיזע קוועלע האט דעם האראקטער פון אן אלטער בריתא.

איסיים האָט ער געפּרעדיגט דעם אבשיי פאַר יעדער שבועה. „איהר זאָלט ניט שווערען“, אזוי האָט געלערנט יעזוס, „ניט ביים הימעל, ניט ביי דער ערד, ניט ביי אייער קאָפּ, נאָר איהר זאלט זאגען יאָ אָדער ניין“. די וואונדערהיילונגען, וועלכע ווערען איהם צוגעשריבען, בעזונדערס די פערטרייבונג פון בייזע גייסטער דורך אָבשפּרעכען, זיינען געווען שטארק פערברייטעט צווישען די איסיים. עס ווערט ניט בעטראכט אלס א בעזונדערעס וואונדער, דאָס יעזוס האָט געקענט פערטרייבען די שדים, נאָר עס ווערט דערצעהלט, דאס ער האָט עס געקענט, אזוי ווי די אַנדערע, ד. ה. דאָס ער איז ניט אָבגעשטאַנען פון די איסיים. — אויך זיין גאנצער קרייז איז געשטאַנען נאָהענט צו די איסיים. פון זיין ברודער יעקב ווערט דערצעהלט, דאָס ער האָט געפיהרט א לעבען ווי די איסיים, האָט ניט געטרונקען קיין וויין, האָט ניט געגעסען קיין פלייש, האָט ניט געשאָרען די האָר, האָט ניט געברויכט קיין אויל און האָט זיך שטענדיג געקליידעט אין לייוועגדענע קליידער. אבער יעזוס האָט וואָרשיינליך איבערגענומען די וויכטיגע פאַרשריפטען פון די איסיים: די ליעבע צו ארעמקייט, די פעראכטונג פון רייכטום און בעזיץ, דעם קאָמוניזם, די עהעלאָזיגקייט, דעם אבשיי פון שבועה, די פעהיגקייט צו היילען משוגעים און מטורפים. די אונוועזענטליכע פונקטען פון די איסיים, זייער ריינקייט, זייערע טבילות, דאָס טראַגען פון א גארטעל האָט יעזוס ניט איבערגענומען. אפילו די טבילה איז ביי יעזוס ניט געווען קיין וויכטיגער פונקט, ווארום עס ווערט ערגעץ ניט דערצעהלט, דאס ער האָט דיזע האנדלונג פארגענומען אדער זי געפּרעדיגט.

„בשעת יוחנן איז פון דעם קעניג הורדוס אריינגעזעצט געוואָרען אין די פעסטונג מאחעלוס, האָט יעזוס געוואָלט נור פאָרטזעצען דאָס ווערק פון זיין לעהרע. ער האָט אָנגעזאָגט אזוי ווי יוחנן: „טהוט תשובה, ווארום די מלכות השמים איז נאָהענט“, האָט אבער דערביי ניט געמיינט, דאס ער וועט האָבען א הויפּטראָלע אין דעם מלכות השמים, דאָס הייסט אין דער קומענדער משיח־צייט. יעזוס האָט אבער וואַרשיינליך פערשטאַנען, דאס אויב זיין רוף זאָל ניט בלייבען ווי יוחנן׳ס א קול אין דעם מדבר, נאָר אויב ער זאָל האָבען א ווירקונג, דאַרף ער זיך דערמיט ווענדען ניט

צום אידישען פאָלק בכלל, נאָר צו א בעשטימטען קלאַס. דער אי־
דישער מיטעלקלאַס, די איינוואָהנער פון די קלענערע און גרעסערע
שטעדט, איז געווען מייסטענס אזוי שטאַרק דורכגעדרונגען פון
יראת שמים, מאָראל און פרומקייט, דאס דער רוף צו תשובה וואלט
פאַר איהם ניט געהאט קיין זין. די ווערטער פון יענעם יונגען
מאן צו יעזוס: „איך האָב פון מיין יוגענד אָן בעאָבאכטעט די גע־
באָטען פון גאָט, האָב ניט געמאָרדעט, האָב ניט גע'נואף'ט, האָב
ניט גע'גנב'עט, ניט געשוואָרען פאלש, געעהרט פאָטער און מוטער,
געליעבט מיין נעכסטען ווי זיך זעלבסט“, דיעזע ווערטער זיינען
האַראַקטעריסטיש פאַר די דורכשניטליכע מאָראל פון דעם אידי־
שען מיטעלשטאַנד אין יענער צייט. די שפּעטערדיגע שילדערונ־
גען פון דער פערדאָרבענהייט פון דעם אידישען פאָלק און די
פרושים אין דער צייט פון יעזוס זיינען אויסגעטראַכטע זאכען און
ענטשפּרעכען ניט דער דאַמאָליגער ווירקליכקייט. די תלמידים
פון שמאי און הלל, די צייט־גענאָסען פון יהודה הקנאי, די בי־
טערע שונאים פון הורדוס און די רוימער זיינען ניט געווען מאָ־
ראַליש קראַנק און האָבען געווים ניט געדאַרפט קיין דאָקטאָר.
יעזוס האָט אויך גאָר ניט געוואָלט זיי בעסער מאכען. ער האָט
אבער אויך ניט געוואָלט ווערען דער פערבעסערער פון די רייכע
און אנגעזעהענע, פון די פריינד פון די רוימער און דעם מלכות
הורדוס. זיי וואָלטען געווים בעהאנדעלט דעם אונגעלעהרטען מאָ־
ראל־פּריידיגער מיט שפּאָט און געלעכטער, ווען יעזוס וואלט זיי
דערמאָנט זייער גאוה, זייער פערקויפליכקייט און זייער פּרינצי־
פּענלאָזיגקייט. יעזוס האָט זיך דערפאַר געווענדעט נאָר צו די,
וועלכע זיינען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון דער אידישער גע־
זעלשאפט. אין ארץ ישראל זיינען דאמאלס געווען פיעלע, וועל־
כע האָבען גאר נישט געוואוסט פון דער תורה, פון די אמת'ן פון
יודענטום, פון זיין אלטער גלאנצפולער געשיכטע און זיין צוקונפט.
דאָס זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען אריבערגעטרעטען דאס
געזעץ, „עבריונים“ אָדער, ווי זיי האָבען זיך דאמאלס גערופען,
ז י נ ד י ג ע, וועלכע זיינען פאַר זייערע עבירות ארויסגעשטויסען
געוואָרען פון דער געמיינדע און האָבען זיך צו איהר גאָר ניט גע־
וואָלט אומקעהרען. עס זיינען געווען שטייער־איינמאהנער, וועל־

בע מען האָט אויסגעמידען פאַר זייער פערקרפּליכקייט צו די רוי־מישע אינטערעסען, און וועלכע האָבען זיך אבגעווענדעט פון דער תורה און האָבען געפיהרט א ווילדעס לעבען, ניט קימערענדיג זיך פאַר די פערגאַנגענהייט און צוקונפט. עס זיינען געווען אונווי־סענדע, נידריגע האנדווערקער און קנעכט, „עם־הארץ", וועלכע האָ־בען זעלטען געהאַט א געלעגענהייט, צו קומען אין ירושלים, צו זעהן דעם בית המקדש און צו הערען אדער צו פערשטעהן די תורה. פאַר דיעזע האָט דער סיני ניט געפלאַמט און די נביאים האָבען ניט גערעדט, ווארום די תלמידי־חכמים האָבען ניט פערברייטעט צווישען זיי די קענטנים פון דער תורה און די נביאים.

„צו דיזע פאָלקס־קלאַסען האָט זיך יעזוס געוואָלט ווענדען, כדי זיי אַרויסצורייסען פון זייער אונוויסענהייט, פון זייער שמוץ און מאָראַלישער געפאַלענקייט, פון זייער פערפרעמדונג צו גאָט און זיין געזעץ. ער האָט אין זיך געפיהלט דעם בערוף, „צו ראַ־טעווען די פערלאָרענע שאָף פון הויז ישראל". „די געזונדע, דאָס הייסט די וועלכע עס ווייסען און פאָלגען דאָס געזעץ, בעדאַרפען קיין דאָקטאָר ניט", אזוי האָט ער זיך אָפענהערציג אויסגעדריקט, „נאָר די קראַנקע, כדי קיינער פון זיי זאָל ניט געהר פערלאָרען"*).

„יעזוס האָט עס פערשטאַנען, ווי אויפצוהויבען צו זיך דיזע זינדיגע און שטייער־איינמאַהנער, ווי אָנצופילען זייער זין מיט ליבע צו גאָט, „כדי זיי זאָלען ווערען ווירדיגע קינדער פון פאָטער אין הימעל", ווי צו פעראיידעלען זייער הארץ מיט הייליגקייט און צו פערבעסערען זייער לעבענס־וועג, "כדי זיי זאָלען אריינקומען אין דעם מלכות השמים". דאָס איז געווען דאָס גרעסטע וואונ־דער, וועלכעס ער האָט בעשאַפען. דאָס זיינען געווען די טויבע וועלכע ער האָט געמאַכט הערען, די בלינדע, וועלכע ער האָט גע־עפענט די אויגען, די קראַנקע, וועלכע ער האָט געהיילט, די טוי־טע, וועלכע ער האָט דערוועקט צום לעבען. די לעגענדע, וועלכע האָט פערוואַנדעלט זיינע מאָראַלישע וואונדער איןווירקליכע, האָט איהם דערמיט געוואָלט פערהערליכען, האָט איהם אָבער נאָר פער־קלענערט. א בעשאַפער פון מענשען שטעהט אונענדליך העכער

---

*) מתתיהו, 9, 12; 10, 5; 24; 18, 11, 14; 21, 31 און אַנדערע שטעלען.

איידער א וואונדער־מאכער. יעזוס האט געלערנט זיינע תלמידים די טוגענדען פון די איסיים: עניוות, אָרעמקייט, שלום און אחדות. ער האט זיי געשטעלט אלס ביישפיעל די קינדער, דאס זיי זאָלען זיין אזוי ווי זיי ריין פון עבירות, און זאָלען קענען ווערען מיט־גלידער פון דעם אנקומענדען מלכות המשיח. דאס געבאט פון דער ליעבע צו פרעמדע און פון שלום האט ער געשטייגערט ביז זעלבסטלאָזיגקייט. „ווען אימיצער שלאגט דיך אויף'ן באק, שטעל איהם די צווייטע באק אויס, און ווען אימיצער נעהמט ביי דיר אוועק דאס אויבערסטע קלייד, טא גיב איהם אוועק דאס העמד." די אָרעמע האט ער געלערנט, דאס זיי זאָלען ניט זאָרגען פאר שפייז און טראנק און קליידונג. ער האט זיי אנגעוויזען אויף די פייגעלעך אין הימעל און די ליליען אויף דעם פעלד, וועלכע ווערען געשפייזט און געקליידעט אהן זאָרגען. צו די רייכע האט ער געפּרעדיגט, דאס זיי זאָלען געבען אויף אזא אופן צדקה, „דאס די לינקע האנד זאָל ניט וויסען, וואס די רעכטע טהוט". די פער־הארטעוועטע פאַרמאַליסטען האט ער געלערנט, ווי צו דאווגען אין זייער שטילען צימערל און האט בעשאפען דערצו א קורצע תפילה: „אונזער פאטער", וועלכע איז ווארשיינליך געווען פערבערייטעט צווישען די איסיים.

„יעזוס האט גאר ניט געוואָלט ענדערן אָדער פערבעסערן די אידישע לעהרע אָדער בעשאפען עטוואס נייעס, ער האט נאר גע־וואָלט ערציהען די זינדיגע צו דער געטליכער לעהרע, און זיי מאכען ווירדיג פאר דעם מלכות המשיח. ער האט אונטערשטריכען די איינהייט פון גאט און האט דורכאויס ניט געוואָלט אבשוואכען דעם גאט־בעגריף פון יודענטום. בשעת א תלמיד־חכם האט איהם אמאָל געפרעגט, וואס איז דער אמת פון יודענטום, האט ער גע־ענטפערט: "שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד", און „ואהבת לרעך כמוך". דאס זיינען די הויפּט־מצוות. בשעת איינער האט זיך צו איהם געווענדעט מיט די ווערטער: „ג ו ט ע ר ל ע ה ר ע ר!" האט איהם יעזוס בעמערקט: „רוף מיך ניט גוטער, ווארום נאר איינער איז א גוטער, מיין פאטער אין הימעל". זיינע אנהענגער, וועלכע זיינען טריי געבליבען דעם יודענטום, גיבען איבער זיינע ווערטער: „איך בין ניט געקומען כדי אויפצולעזען דאס געזעץ, נאר איך בין געקומען, כדי עס מקיים צו זיין. עס וועלען גיכער

אונטערגעהן הימעל און ערד, איידער איין אות פון דער תורה"*).
דעם שבת האָט ער געהאַלטען הייליג. זיינע אידישע תלמידים
האָבען שטרענג געהיט דעם שבת, און אויב זייער לעהרער וואָלט
דעם שבת מחלל געווען, וואָלטען זיי אויך דעם שבת ניט געקענט
האַלטען הייליג. יעזוס איז געווען נאָר געגען יענע שטרענגקייט
פון שבת, אויף וועלכע עס זיינען בעשטאַנען די תלמידים פון בית־
שמאי, און לויט וועלכע מען האָט ניט געטאָרט שבת אפילו טאָן
גוטס און היילען מענשען. יעזוס איז ניט געווען אפילו געגען
קרבנות, ער האָט נאָר פערלאַנגט, אַקוראַט ווי די פרושים, דאָס
איידער דער מענש זוכט פערגעבונג ביי גאָט, זאָל ער מאַכען שלום
מיט די מענשען*). יעזוס איז אפילו ניט אויפגעטרעטען געגען
תעניתים, נאָר געגען די פאַלשע הייליגקייט, מיט וועלכע מען
פלעגט פערבינדען דעם פאַסטען. ער איז גאַנץ געשטאַנען אויפ'ן
באָדען פון יודענטום, און האָט אפילו פעראַכטעט די היידען, אונ־
טער וועלכע מען האָט דאַמאָלס פערשטאַנען די אונטערדריקענדע
רוימער און זייערע העלפער, די אָריענטאַלישע גריכען און סיריער.
מיט די היידען האָט ער גאָר נישט ניט געוואָלט האָבען צו טאָן.
„מען זאָל ניט ארויסוואַרפען די הייליגקייט פאַר די הינט, און
די פעריל פאַר די חזירים, וואָרים זיי וועלען עס צוטרעטען מיט
די פיס און פערניכטען". בשעת אַ סיריש־גריכישע פרוי פון פע־
ניציען האָט איהם געבעטען, דאָס ער זאָל איהר היילען איהר
מטורף'דיגע טאָכטער, האָט ער איהר געענטפערט האַרט: „איך
בין נאָר געשיקט געוואָרען צו די פערלאָרענע שאָף פון ישראל,
און עס איז ניט רעכט אָבצונעהמען דאָס ברויט פון די קינדער און
עס אַוועקוואַרפען פאַר די הינט". זיינע תלמידים האָט ער פער־
זאָגט: „איהר זאָלט ניט געהן דעם וועג פון די היידען און זאָלט
ניט אריינגעהן אין די שטעדט פון די שומרונים". יעזוס האָט
זיך געהאַלטען אויף אַזאַ אופן שטרענג אן דאָס יודענטום, האָט
ניט געוואָלט גרינדען קיין נייעם בונד*), נאָר האָט געוואָלט אריינ־

*) מתתיהו, 7, 17, 19.

*) משנא, סוף יומא.

*) די בערג־פרעדיגט פון מתתיהו איז טיילווייז אַזוי געשריבען
געוואָרען, אַזוי ווי יעזוס וואָלט וועלען אַרויסטרעטען מיט זיין נייער
לעהרע געגען די תורה. עס איז אָבער זעהר אַ פראַגע אויב די בערג־
פרעדיגט שטאַמט פון יעזוס.

ברענגען די עקזיסטירענדע רעליגיעזע און מאָראַלישע געדאַנקען אין אזעלכע הערצער, וועלכע זיינען ביז יעצט געווען קאַלט. יעזוס האָט אפילו ניט געפּרעדיגט די השארת הנפש, נאָר תחית המתים*), אַזוי ווי אַלע איבעריגע לעהרער פון יודענטום אין יענער צייט. די אויפערשטעהונג פון די גערעכטע און פרומע וועט פאַר־קומען אויף דיזער וועלט, און עס וועט בעגרינדעט ווערען אַ נייע אָרדנונג, דער עולם הבא. דיעזע צוקינפטיגע וועלט האָט זיך יע־זוס פאָרגעשטעלט אקוראט ווי די פרושים און איסיים, אין צוזאַ־מענהאַנג מיט די ימות־המשיח, מיט דעם קומען פון דעם מלכות השמים. פאר די זינדיגע, וועלכע טהוען ניט קיין תשובה, האָט ער אויך געהאט אַ פייערליכען גיהנום*). זיין פערדיענסט בעשטעהט אבער הויפּטזעכליך דארין, דאָס ער האָט די פאַרשריפ־טען פון יודענטום נעהנטער געבראַכט צום הארצען און צום געפיהל, דאָס ער האָט אויפגעפּאַסט דאָס פערהעלטנים פון די אידען צו זייער גאָט, ווי פון קינדער צו זייער פאָטער, דאָס ער האָט אונטערגע־שטריכען די ברידערליכקייט פון אַלע מענשען, דאָס ער האָט ארויס־געשטעלט פאראויס די מאָראַל, און דאס ער האָט אריינגעבראַכט דיעזע לעהרע פון הייליגקייט אין די הערצער פון אונמאָראַלישע געשעפּטען.

„אמאָל האָט יעזוס ענטדעקט צו זיינע נאָהענטע תלמידים דאָס ציעל פון אַלע זיינע געדאַנקען, דעם געהיימנים פון זיין הארץ. ער האָט זיי אוועקגעפיהרט אין אַ וויטע געגענד ביים בארג חרמון, ניט ווייט פון צעזארעא, וואו דער ירדן שטראָמט ארויס פון די מעכטיגע פעלזען. אין דיעזער שוידערליכער סביבה האָט ער גע־וואָלט ענטדעקען זיי זיין געהיימסטען געדאַנק. אָבער ער האָט דאָס געמאַכט אויף אַזאַ אופן, דאָס זיינע תלמידים האָבען אַזוי צו זאָ־גען אַליין געטראָפען זיין געדאַנק, דאָס ער איז דער ערוואַרטע־טער משיח. ער האָט זיי געפרעגט, פאר וואָס פאר אַ מענשען זיינע אנהענגער האַלטען איהם. אייניגע האָבען געזאָגט, דאָס ער איז אליהו הנביא, וועלכער מוז קומען פאר משיח׳ן. אנדערע האָ־

*) מתתיהו 22, 23—32.

*) מתתיהו 5, 22.

בען געזאגט, דאס ער איז דער נביא, וועלכען משה רבינו האט אנגעזאגט. דאמאלס האט יעזוס ביי זיי געפרעגט: „פאר וועמען האלט א י ה ר מיך?“ שמעון פעטרוס האט געענטפערט: „דו זעלבסט ביזט דער משיח (קריסטוס)“. יעזוס האט געלויבט דעם שארפען בליק פון פעטרוס, האט מודה געווען, דאס ער איז משיח, האט אבער פערבאטען זיינע תלמידים דערפון יעצט צו רעדען*). דאס איז געווען די געהיימניספולע געבורטס־שטונדע פון קריסטענ־טום. בשעת שפעטער האבען איהם זיינע נאהנטע תלמידים שמעון פעטרוס, יעקב און יוחנן בעמערקט, דאס פאר משיח'ן מוז דאך קומען אליהו הנביא, האט יעזוס געענטפערט, דאס אליהו איז שוין געקומען אין דער געשטאלט פון יוחנן הטובל, אבער דאס קיינער האט איהם ניט דערקענט*). האט יעזוס ווירקליך געהאט דיעזען געדאנק פון אנפאנג אן אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה? אדער איז איהם דיעזער געדאנק ערשט געקומען דורך דעם ערפאלג פון זיין פרעדיגט? דאס איז א רעטזעל, וועלכער וועט ווארשיינליך קיינ־מאל ניט קענען געלעזט ווערען. אבוואהל יעזוס האט זיך דא דאס ערשטע מאל ערקלערט פאר משיח'ן, האט ער זיך אבער ק י י נ־מ א ל אליין ניט אנגערופען משיח, נאר ער האט געברויכט דערפאר אנדערע אויסדריקע, וועלכע זיינען אהן צווייפעל געווען פערברייי־טעט צווישען די איסיים. ער האט זיך אנגערופען מענשען־זאהן (בר־נש), אזוי ווי ביי דניאל (7־13): חזה הוית בחזוי ליל׳א ואת עם ענני שמיא כבר נש אתה הוא ועד־עתיק יומיא“. דיעזען פסוק האט מען דאמאלס געטייטשט אויף משיח'ן*). יעזוס האט נאך אנאנדער ווארט געברויכט פאר זיך, „ז ו ה ן פ ו ן ג א ט“, אויסטייטשענדיג דעם פסוק פון תהילים (7,2): „ד׳ אמר לי בני אתה אני היום ילדתיך“. דיעזען פסוק האט מען דאמאלס אויך

---

*) מתתיהו 16, 13—20. אין עוואנגעליום פון מארקוס. 8, 27—30, קלינגט דיזע מעשה נאך פיעל אורשפרינגליכער. ביי לוקאס, 9, 18, האט דיזע מעשה שוין פערלארען איהר אורשפרינגליכע פרישקייט.

*) מתתיהו 17, 10, 8.

*) מתתיהו 8, 40; 10, 27.

*) סנהדרין צ״ח, א.

צווישען אידען אויסגעטייטשט אויף משיח'ן*). האָט יעזוס דיעזען אויסדרוק געברויכט נור אַלס אַ בילד אָדער אין ווירקליכען וואָרט־זין? אויף וויפיעל מיר ווייסען, האָט ער דאס קיינמאָל ניט ער־קלערט געגויער, אפילו בשעת ער איז געשטאַנען פאר זיין בית דין און איז פעראורטיילט געווארען צום טויט. זיינע תלמידים זיינען שפּעטער ניט געווען איינשטימיג מכח דעם זין פון דיעזען וואָרט און האָבען זיך געשפּאָלטען צוליעב דעם אין צוויי פּארטייען.

„יעזוס האָט אויך געברויכט אנדערע אָבער גאַנץ אונשולדיגע נעמען פאַר זיין משיחיות, ווי „ה י מ ע ל ס ב ר ו י ט“ (מן) „ב ר ו י ט פ ו ן ל ע ב ע ן“*), אַלץ אויסדריקע, וועל־כע זיינען געווען פערברייטעט צווישען די איסיים. זיינע תלמידים האָט ער גערופען „דאָס זאַלץ פון דער וועלט“*). ווי יעזוס האָט זיך פארגעשטעלט די ביאת המשית, איז ניט קלאָר. עס איז אבער געווים, דאָס ער האָט דערביי געקלערט נאָר וועגען דעם פאָלק ישראל, וועלכעס ער האָט געוואלט ערלעזען פון די זינד און אויך פון דעם שווערען יאָך פון די רוימער*). אַלס קריסטען האָט יע־זוס אקוראט אזוי ווייניג געקלערט וועגען די היידען, ווי פריהער בשעת ער איז געווען יוחנן'ס תלמיד. די גאולה האָט זיך יעזוס אָהן ספק פארגעשטעלט אויף פאָלגענדען אופן: ווען דאס אידישע פאָלק וועט זיך דורך ליעבע צו גאָט און צו מענשען, דורך פרייווילי־גע אָרימקייט דערהויבען צו אַ העכערען לעבען, דאַן וועט גאָט אוים ליעבע צו זיין פאָלק עס בעלוינען מיט אַלע ניסים, מיט דער בע־פרייאונג פון דער פרעמדער הערשאַפט, מיט דער אומקעהרונג פון די פערטריבענע, מיט דעם אמאָליגען גלאַנץ פון דוד'ס צייטען. דאָס איז אַ שענער חלום, וועלכער האָט זיך נאָך ניט פערווירקליכט נאָך אכטצעהן יאהרהונדערטען.

„בשעת יעזוס האָט זיך ענטדעקט צו זיינע תלמידים אַלס משיח האָט ער זיי פערזאָגט עס צו האַלטען בסוד. האָט ער מורא גע־האַט פאַר דעם קעניג הורדוס, דאס איהם זאָל ניט טרעפען דער

---

*) סוכה נ״ב, א.
*) יוחנן 6, 35, 41.
*) מתתיהו 5, 13—14.
*) לוקאַס 24, 21.

זעלביגער שיקזאל ווי יוחנן הטובל, אדער האט ער געוואלט צונויפ־זאמלען א גרעסערען קרייז פון אנהענגער, כדי אויפצוטרעטען מיט מעהר מאכט אלס משיח? מען וועט קיינמאל ניט קענען ארויס־געפינען דעם ריכטיגען גרונד. צו זיינע תלמידים האט ער גע־זאגט, דאס די צייט איז נאך ניט געקומען, אבער דאס א צייט וועט קומען, „וואו זיי וועלען קענען מיטטיילען אין ליכט, וואס ער האט זיי געזאגט אין דונקעל, און דאס זיי וועלען קענען פרע־דיגען פון די דעכער, וואס זיי הערען יעצט איינגערוימט אין די אויערען“. עס האט אבער פאסירט דאס געגענטייל פון דעם, וואס יעזוס און זיינע תלמידים האבען ערווארטעט. ווי באלד עס איז בעקאנט געווארען, דאס יעזוס פון נצרת פרעדיגט ניט נאר דעם מלכות השמים, נאר דאס ער זעלבסט איז משיח, איז די עפענט־ליכע מיינונג געווארען געגען איהם. מען האט פון איהם ערוואר־טעט צייכען און בעווייזען, דאס ער איז משיח. ער האט אבער די צייכען ניט געקענט געבען און האט אויסגעמיעדען די פראגען. פיעלע פון זיינע אנהענגער זיינען פון איהם דערפאר אבגעפאלען און ניט מעהר „געגאנגען אין זיין וועג“. יעזוס האט געמוזט דערפאר עטוואס טאן, כדי זיין ווערק צו קרוינען, אדער ער וואלט געמוזט אונטערגעהן. די תלמידים האבען פון איהם ערווארטעט, דאס ער וועט זיך פסח אין בית המקדש אין ירושלים ערקלערען פאר משיח פאר׳ן גאנצען פאלק. עס ווערט דערצעהלט, דאס זיינע אייגענע ברידער האבען בעשטאנען, דאס ער זאל געהען נאך יהודה, „כדי זיינע תלמידים זאלען ענדליך זעהן זיין ווערק, ווארום קיינער טוט גאר נישט ניט פערבארגענערהייט, נאר אפען, און ווען דו טוסט עטוואס, זא ווער נתגלה צו דער וועלט.“ אזוי האט זיך יעזוס געמוזט ענדליך ענטשליסען, צו געהען אויף דעם געפעהרלי־כען וועג. ווי לאנג ער האט נאך געפרעדיגט אין גליל, איז ניט בעקאנט. די הויפט־קוועלען זאגען, דאס זיין ווירקזאמקייט האט געדויערט נאר איין איינציגעם יאהר. לויט די שפעטערדיגע קווע־לען האט זי אבער געדויערט דריי יאהר.*) „יעזוס האט דאמאלס ניט געהאט אין זין צו שטעלען זיך אין געגענזאץ צום יודענטום

*) אורעניוס קאנטרא הערעזעס. II, 38—39.

און האָט נאָך דעם דין פון די עולי־רגל געמידען שומרון און איז געקומען אין ירושלים דורך עבר לירדן"*). צו א פרוש האָט ער דאמאלס געזאגט: „ווען דו ווילסט האָבען עולם הבא, דאן היט דאָס געזעץ, פערקויף דיין האב און גוט און גיב עס אָב צו ארימע", דאָס הייסט צוטייל עס מיט מיינע אנהענגער, וועלכע גלויבען אין אָרעמקייט. בשעת ער איז געקומען איבער יריחו אין ירושלים, האָט ער זיך ניט בעזעצט אין שטאָדט, נאָר אויסערהאלב פון שטאָדט אין דעם דאָרף בתניה אין דער מערב־זייט פון הר הזתים, וואו עס האָבען זיך אויפגעהאלטען די מצורעים. אין דעם הויז פון אזא מצורע, וועלכער האָט זיך גערופען שמעון, האָט ער געפונען א וואָהנונג. די אנדערע אנהענגער, וועלכע ער האָט געפונען אין בתניה, האָבען אויך געהערט צו דעם נידערען שטאַנד, ווי ל א־צ א ר ו ם און זיינע שוועסטער מרים און מארטהא. די קוועלען דערמאָנען נאָר איין איינציגען רייכען און אנגעזעהענעם מאן פון ירושלים, וועלכער איז געווארען אן אנהענגער פון יעזוס, יוסף פון ערימתיה.

„די לעגענדע בעשרייבט פאנטאסטיש דאָס ארייגפאהרען פון יעזוס אין ירושלים און זיין אויפטרעטען אין בית המקדש. דאָס פאָלק, אזוי ווערט דערצעהלט, האָט איהם בעגלייטעט אין ירושלים מיט א טריאומף און מיט דעם געזאנג פון הושענא. אָבער דאָס זעלבינע פאָלק האָט איניגע טעג שפּעטער געפאָדערט זיין טויט.ביידע זאכען זיינען אבער אויסגעטראכט, ערשטענס כדי צו שיל־דערען יעזוס, ווי דעם משיח, און צווייטענס כדי ארויפצוואָרפען די שולד פון זיין הינריכטונג אויף דאָס גאנצע פאָלק ישראל. ניט היסטאָריש איז אויך די מעשה, דאס יעזוס האָט פערטריבען פון בית המקדש די פערקויפער פון טויבען, און דאס ער האָט איבערגע־קעהרט די טישען פון די חלפנים פאר די נדבות צום בית המקדש. אזעלכע האנדלונגען וואלטען ניט געבליבען פערשוויגען אין די לי־טעראַרישע קוועלען פון יענער צייט. אויך איז ניט בעקאנט, דאס טויבען־הענדלער און חלפנים האָבען געהאלטען זייערע קראָמען א י נ ע ר ה א ל ב פון בית המקדש, ווארום דער בית המקדש האָט

*) מתתיהו 19, 1; מארקוס 10, 1

נאָר פערקויפט פאר געלד צו אלע, וועלכע האָבען געבראכט קרבנות אין נדבות, ויין, אייל און מעהל *). יעזוס האָט װארשיינליך פראָ־טעסטירט געגען דעם מיסברויך, וואס דער בית המקדש מאכט גע־שעפטען, און דיעזער פראטעסט איז אין דער לעגענדע פערוואנדעלט געוואָרען אין א טהאט.

„איבערהויפט איז דער וויכטיגסטער קאפיטעל פון זיין לעבען, די שטעלונג, וועלכע ער האָט גענומען אין ירושלים בנוגע צום פאָלק, צו די סנהדרין און צו די פארטייען, געבליבען דונקעל און פול מיט לעגענדארע אויסשמוקונגען און דערגענצונגען. דער גע־בילדעטער טייל פון פאָלק האָט ניט געקענט ערוואַרטען די גאולה פון א מאַן פון גליל, וועלכער איז ניט געווען קיין תלמיד חכם. מען האָט ערוואַרטעט משיח'ן פון בית־לחם און פון מלכות בית דוד. דער שפריכוואָרט: „פון נצרת קען קיין גוטס ניט ארויסקומען", איז ענטשטאַנען ווארשיינליך דאמאלס. די פרומע זיינען געווען זיינע געגנער, ווארום ער פלעגט ארומגעהן מיט זינדיגע און מיט שטייער־איינמאָנער, האָט מיט זיי געגעסען און געטרונקען. אפילו יוחנ'ס תלמידים, דאָס הייסט די איסיים, איז ניט געפעלען גע־וואָרען זיין פיהרונג *).

„די תלמידים פון בית שמאי איז ניט געפעלען געוואָרען, וואָס ער האָט געהיילט אום שבת. זיי האָבען זיך ניט געקענט פאָרשטע־לען א משיח, וועלכער איז מחלל שבת. די קנאים האָבען ניט גע־קענט ערוואַרטען קיין גרויסעס פון יעזוס, ווייל ער האָט געפּרעדיגט נאָר שלום, האָט ניט אָנגעפילט זיינע אנהענגער מיט האס קעגען די רוימער, נאָר האָט געפּרעדיגט, דאָס זיי זאָלען זיך אונטערוואָרפען פרייוויליג אונטער די רוימישע שטייערען: „גיט דעם קיסר, וואָס דעם קיסר געהערט, און גאָט וואָס גאָט געהערט". דורך אלע דיעזע אייגענטימליכקייטען, וועלכע האָבען זיך ניט געפאסט צו משיח'ן, איז דער מיטעלשטאנד און בעזונדערס דער אנגעזעהענער טהייל פון דער נאציאָן געווען קאלט צו איהם און האָבען איהם געווים ניט געגעבען קיין גוטע אויפנאהמע אין ירושלים. דאָס אלעס איז אָבער

*) שקלים 3, 4; 5,4.
*) מתתיהו 11, 19.

נאָך ניט געווען קיין גרונד פאַר אַן אנקלאַגע געגען איהם און מען האָט איהם גאָרנישט ניט געקענט טהון. דורך די מחלוקות פון בית־שמאי און בית־הלל איז די פרייע מיינונג געוואָרען אַ מנהג, און קיינער איז ניט פערפאָלגט געוואָרען פאַר זיין רעליגיעזע מיינונג, זאָ לאַנג ער האָט ניט עובר געווען אויף די אָנגענומענע דינים פון דער רעליגיאָן און דעם גאָטעס־בעגריף פון יודענטום. — אָבער אויך אין דיעזען פונקט האָט מען יעזוס ניט געקענט פאַרקלאָגען. עס האָט זיך אפילו פאַרבריטעט אַ קלאַנג, דאָס ער רופט זיך אָן דער זוהן פון גאָט, אַ וואָרט, וועלכעס איז געווים געווען זעהר שטאַרק געגען די רעליגיעזע איבערצייגונג פון דער אידישער נאַציאָן. ווי האָט אָבער דער בית דין געקענט אַרויסגעפינען, אויב ער גיט זיך ווירקליך אַרויס פאַר דעם זוהן פון גאָט און וואָס פאַר אַ בעדייטונג ער גיט דיעזען וואָרט? יעזוס האָט וואַרשיינליך געברויכט דיעזעס וואָרט נור אין דעם ענגען קרייז פון זיינע תלמידים. ווי האָט מען געקענט אַרויסגעפינען דאָס, וואָס איז געווען אַ געהיימניס פון דיעזען קרייז? מען האָט געפונען פעררעטער אין דיעזען קרייז גופא. יודאס איסקאַריאָט, וועלכער האָט פאַר געלד אַרויסגעגעבען צו בית־דין דעמזעלביגען מאַן, וועלכען ער האָט פריהער געהאַלטען פאַר משיח. אַן אַלטע אידישע קוועלע ערקלערט עס, צוליעב וואָס מען האָט געדאַרפט האָבען דיעזען פעררעטער. בית דין האָט געדאַרפט צוויי עדות, כדי צו פאַרקלאָגען יעזוס אַלס פאַלשען נביא און פאָלקס־פערפיהרער (מזיד). דער פעררעטער האָט אַלזאָ געדאַרפט ברייגנען יעזוס צו רעדען, כדי די צוויי בעהאַלטענע עדות זאָלען קענען הערען יעדעס וואָרט *). נאָך דער קריסטליכער קוועלע האָט יודאס געגעבען אַ קוש יעזוס און אויף אַזאַ אופן איהם קענטיג געמאַכט פאַר די חאַפּער און דאָס פאָלק. איז דען

*) תלמוד בבלי סנהדרין ס"ז, א', ירושלמי כ"ה: וכן עשו לבן סטרא בלוד ותלאוהו בערב פסח. כך עשו לבן סטרא בלוד. הזמינו עליו שני עדים והביאו אותו לבית דין וסקלוהו. — יעזוס און סטרא איז אין תלמוד דערזעלביגער נאָמען. די בעדייטונג פון דעם וואָרט „סטרא" איז ניט קלאָר, די ערקלערונג וועלכע דער תלמוד בבלי גיט פון דיזען וואָרט (שבת ק"ד, ב', אין דער ניט־צענזורירטער אַמשטערדאַמער אויסגאַבע פון 1645) איז אַן אויסגעטראַכטע.

אָבער יעזוס, וועלכער איז אריינגעפאָהרען מיט אַ טריאומף אין ירושלים און האָט עפענטליך געפּרעדיגט אין בית המקדש, ניט געווען אַלעמען בעקאנט ? נאָכדעם ווי מען האָט איהם פערהאַפטעט, זיינען אַלע תלמידים פון איהם אנטלאָפען, נאָר שמעון פעטרוס איז איהם נאָכגעגאנגען פון דער ווייטען. ערב פּסח איז יעזוס געבראַכט געוואָרען פאַר דעם סנהדרין. אָבער ניט דער גרויסער סנהדרין האָט איהם גע׳משפּט נאָר דער קליינער בית־דין פון דריי און צוואַנציג מיטגליעדער, ווארום דער פאָרזיצענדער איז ניט געווען דער ראש הסנהדרין פון בית הלל, נאָר דער כהן גדול יוסף קיפאַס. דער בית־דין האָט געוואָלט אויסגעפינען, אויב יעזוס האָט זיך ארויסגעגעבען פאַר דעם זוהן פון גאָט, ווי די עדות האָבען דאָס געזאָגט. עס קלינגט אונגלויבליך, דאָס מען האָט איהם דערפאַר גע׳משפּט, ווייל ער האָט פריהער ערקלערט, דאָס ער קען צושטערען דעם בית־המקדש און אויפבויען אין דריי טעג אַ נייעם. פאַר אַזאַ זאַך וואָלט מען איהם ניט געקענט פערקלאָגען. ער איז געווען פערקלאָגט פאַר גדוף־השם *). יעזוס האָט אויף די פראַגע פון דעם בית־דין ניט געענטפערט. בשעת דער ראש פון דעם בית־דין האָט איהם נאָך אַמאָל געפרעגט, אויב ער איז דער זוהן פון גאָט, האָט ער געענטפערט : „דו זאָגסט עס“ *), און האָט ווייטער געזאָגט, מען וועט באַלד זעהען ווי דער מענשען־זוהן זיצט ביי דער רעכטער האנד פון גאָטס טראָן, אראָבלאָזענדיג זיך אויף די וואָלקען פון הימעל. פון דיעזער ערקלערונג האָט דער בית־דין פערשטאַנען, דאָס ער בעטראַכטעט זיך פאַר דעם זוהן פון גאָט. דער כהן גדול האָט צוריסען זיינע קליידער און דער בית־דין האָט איהם פאַראורטיילט אַלס אַ גאָטעס־לעסטערער *). פון דער ערצעהלונג פון די קריסטליכע קוועלען קען מען ניט זעהן, דאָס דער בית דין האָט איהם פאַראורטיילט אומגערעכט. די עדות זיינען געווען געגען איהם. די

---

*) מתתיהו 63.

*) די פערפאַסער פון די עוואַנגעליען בעשרייבען דיזען פונקט מיט ווידערשפּרוכען.

*) די דריי עלטעסטע עוואַנגעליען זאָגען, דאָס דער בית־דין האָט איהם פעראורטיילט פאַר גדוף־השם. דאָס זעלביגע זאָגט אויך יוחנן, 19, 7.

בעשטעטיגונג פון דעם טויט־אורטייל האָט דער סנהדרין בעקומען פון דעם גובערנאַטאָר פּאָנטיוס־פּילאַטוס, וועלכער איז דאַמאָלסט אין דער צייט פון יום־טוב געווען אין ירושלים.

„פּילאַטוס, פאַר וועלכען מען האָט געבראַכט יעזוס, האָט איהם נאָכאַמאָל געפרעגט, אויב ער גיט זיך אַרויס פאַר משיח'ן און פאַר דעם מלך־היהודים. אזוי ווי יעזוס האָט דאַרויף געענטפערט: „דו זאָגסט עס“ *), האָט פּילאַטוס בעשטעטיגט דעם טויט־אורטייל. דאָס יעזוס איז פאַרשפּאָטעט געוואָרען און האָט געמוזט טראָגען די קרוין פון דערנער, דאַרין זיינען שולדיג ניט די אידען נאָר די רוימער, וועלכע האָבען אויף אַזאַ אופן געוואָלט פערשפּאָטען די אידישע נאַציאָן. דער אידישער בית־דין האָט ניט געהאַט קיין האַס צו זיין פּערזאָן, און מען האָט איהם געלאָזט געבען ווי יעדען פאַראורטיילטען אַ בעכער מיט וויין און בשמים, כדי איהם צו בעטויבען און גרינגער צו מאַכען זיינע טויט־שמערצען *). דיעזער בשמים בעכער איז געגעבען געוואָרען פון רחמנות. נאָך דעם דאַמאָלדיגען דין האָט אַ גאַטעס לעסטערער געקומט אַ פריהער סקילה און נאָך זיין טויט האָט מען איהם געדאַרפט צושלאָגען צום קרייץ *). גע־

*) די דריי עלטערע עוואַנגעליען (מתתיהו 27, 11; מאַרקוס 15, 2; לוקאַס, 23, 3) דערצעהלען פון יעזוס, דאָס ער האָט געענטפערט: דו זאָגסט עס. לויט יוחנן 18, 34 האָט יעזוס געליקענט די פראַגע מיט דער געגענפראַגע: „זאָגסט דו דאָס פון דיר זעלבסט, אָדער האָבען עס אַנדערע וועגען מיר געזאָגט“ און דורך די ערקלערונג: „מיין מלוכה איז ניט פון דיזער וועלט“.

*) מתתיהו 27, 24, אבל רבתי II, 9. סנהדרין מ"ג, א'. ביי די עוואַנגעליען איז דאָס אָבער אַנגעגעבען אַלס אַ גרויזאַמקייט געגען יעזוס. אויך דערצעהלען די עוואַנגעליען פערשיעדען מכח דער פליסיגקייט, וועלכע איז איהם געגעבען געוואָרען. מאַרקוס דערצעהלט אַקוראַט ווי דער תלמוד פון ו ו י י ן א ו ן ב ש מ י ם; מתתיהו רעדט וועגען ע ס י ג מ י ט ג אַ ל. די איבריגע עוואַנגעליסטען דערצעהלען דערפון בכלל גאָרנישט.

*) לויט דער משנה סנהדרין 5, 7, קומט פאַר גדוף השם און עבודה זרה נאָך סקילה אויך קרייציגונג, אָבער נאָך דעם ווי דער תינגעריכטעטער איז שוין געשטאָרבען. אויך יעזוס איז געווים אויף אַזאַ אופן תינגעריכטעט געוואָרען. די עוואַנגעליען דערמאָנען אָבער ניט פון סקילה, נאָר פון קרייציגונג פון דעם לעבעדיגען, און דאָס איז געווים ניט ריכטיג.

ווים איז יעזוס אויף אזא אופן הינגעריכטעט געוואָרען, אָבער ער איז שוין געשטאָרבען פאר דער קרייציגונג. די קריסטליכע קוועלען דערצעהלען אָבער, דאָס ער איז אום ניין אוהר פארמיטאָג לעבעדי־געהייד געקרייציגט געוואָרען און דאָס ער האָט דריי אוהר נאָכמי־טאג ארויסגעהויכט זיין נייסט. זיין לעצטעס וואָרט איז געווען דער פסוק פון תהלים אין אראמעישער שפראך: „גאָט מיין גאָט, וואָ־רום האָסט דו מיך פערלאָזען" (אלי אלי למה שבקתני). כדי איהם צו פערשפּאָטען, האָבען די רוימישע סאָלדאטען אויפגעשריבען אויף דעם קרייץ: „יעזוס פון נאזארעט דער קעניג פון די אידען". די קרייציגונג און וואַרשיינליך אויך די קבורה איז פאָרגעקומען אוי־סערהאלב פון שטאָדט אויף א בית הקברות פאר פאר'משפּט'ע, וועל־כער האָט זיך גערופען ג ל ג ת א (שיידעל־פלאַטץ). דאָס איז גע־ווען דער סוף פון דעם מאן, וועלכער האָט געארבייט פאר די מאָ־ראלישע פערבעסערונג פון זיין פאָלק און איז געוואָרען אפשר דאָס אָפּפער פון א מיספערשטענדניס. זיין טויט איז געוואָרען די אור־זאכע פון אונצעהליגע ליידען און מארטערען פון די זיהן פון זיין פאָלק. מיליאָנען פון געבראָכענע הערצער און אויגען האָבען נאָך אַלץ ניט בעצאָהלט פאר זיין טויט. ער איז דער איינציגער געבאָ־רענער פון א פרוי, פון וועלכען מען קען זאָגען: ער האָט מיט זיין טויט מעהר געווירקט, איידער מיט זיין לעבען. דער שיידעל־פלאַטץ גלגתא איז געוואָרען פאר די היסטאָרישע וועלט א נייער סיני". (געשיכטע דער יודען, 3טער טייל, 2טע אויפלאגע, לייפּציג.)

דער אידישער היסטאָריקער בעווייזט, האָס דורך די אנשליסונג פון דעם אפּאָסטעל פּאולוס צו דער היידנישער לעבענס־אנשויאונג איז שוין אין דער ערשטער קריסטליכער געמיינדע ענטשטאנען א מחלוקת, וואָס איהרע שפּורען לאָזען זיך דייטליך דערקענען אין די עוואנגעליען, וואָס די עלטעסטע פון זיי זיינען פערפאסט געוואָ־רען אין דער צייט פון בר־כוכבא (132־135.). — כדי צו עראָ־בערן די היידנישע וועלט, האָט די טאָכטער פון יודענטום געמוזט מאכען אקוראט אזוי פיעל הנחות דעם היידענטום, ווי דאָס היי־דענטום דעם יודענטום.

דאָס קריסטענטום איז געווען אן אָבפאלונג פון קלאסישען ווע־זען פון יודענטום און היידענטום. — דאָס יודענטום בעטראכטעט

נאָך ביז היינט די וועלט אַלס דאָס הייליגע פּראָדוקט פון אַן איין־איינציגען וועזען. פאר דאָס היידענטום אָבער, וועלכעס האָט דער־גרייכט אין גריכענלאַנד זיין קלאַסישע ערשיינונג, איז די געטליכע האַרמאָנישע איינהייט געווען אַ פּראָדוקט פון דער מאַניגפאַלטיג־קייט פון דער וועלט, וועלכע איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס איי־ביג. — דער שעפּפערישער מהות פון דעם יודענטום איז ניט אונ־טערגעגאַנגען צוזאַמען מיט זיין קלאַסישער שעפּפונג, וואָרום דער אידישער שעפּפער איז נאָך ניט פאַרשוואונדען אין זיין שעפּפונג. דאָס קלאַסישע היידענטום אָבער האָט פערלאָרען זיין געניוס צו־זאַמען מיט זיין קולטור, וואָס איהרע וואורצלען זיינען געלעגען אויף דער אויבערפלעכע פון דעם באָדען און זיינען שפּעטער אָראָב־געוואַשט געוואָרען אין דעם מבול פון דער פעלקערוואַנדערונג. — די היידען, וועלכע האָבען געזעהען ווי זייער איינענעם שעפּפערישעס וועזען איז פערניכטעט געוואָרען צוזאַמען מיט דעם באָדען, אויף וועלכען עס האָט געלעבט, האָבען מיט אַמאָל אָנגעהויבען צו בע־טראַכטען די אַלס אייביג פאָרגעשטעלטע געטליכע האַרמאָניע פון דער מאַניגפאַלטיגער וועלט פאַר אַ זינדיגע, פון גאָט אָבגעפאַלענע און געשטראָפטע וועלט. דאָס היידענטום איז אַנטלאָפען צו דעם אויסער־וועלטליכען שעפּפערישען גייסט פון יודענטום. פון דער אַנדער זייט האָבען דאָס רעליגיעזע בעדירפנים פון די היידען גע־קענט בעפרידיגען נור אַזעלכע אידען, וועלכע זיינען פאַרפרעמדעט געוואָרען פון זייער אייגענער וועלט, זיינען אָבגעפאַלען פון יודענ־טום און זיינען פערזונקען אין די אָבשטאַרבענדע היידנישע וועלט, כדי זיך פון דיעזער און מיט דיעזער וועלט צו דערהויבען צו דעם גייסט, וועלכער האָט זיי בעזעעלט. מיט אַנדערע ווערטער, נאָר אַזעלכע אידען האָבען געקענט בעפרידיגען דאָס רעליגיעזע בעדירפ־ניס פון די היידען, וועלכע האָבען זיך בעטראַכט שוין ניט אַלס דאָס הייליגע פּראָדוקט פון אַ הייליגען וועזען, נאָר אַלס זינדיגע און אָבגעפאַלענע פון גאָט. — אַזוי איז ענטשטאַנען די דאָפּעלטע אָבפאַלונג פון דעם וועלטליכען פון געטליכען און פון דעם געטלי־כען פון וועלטליכען. אַזוי איז ענטשטאַנען אַ ניט־וועלטליכעס יו־דענטום אין אַ געטערלאָזען היידענטום, עס איז ענטשטאַנען די קריסטליכע וועלט־אַנשויאונג פון אַ אידישען הייליגען, וועלכער איז

געוואָרען אַ הײדנישער מענש, כדי צו דערהויבען די פעלקער צום גייסט און זיי פּאַרצובערייטען פאַר אַ צוקינפטיגע, בעסערע, געט־ליכע וועלט, וועלכע איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס אַ איבערנאַ־טירליכע, אַלס אַ יענזייטיגע.

דיזע יענזייטיגע וועלט איז אָבער אין לויף פון דער היס־טאָרישער ענטוויקלונג, וואָס מעהר די פעלקער האָבען זיך ערהוי־בען צו דער אידישער געשיכטס־רעליגיאָן, געוואָרען אַלץ מעהר אַ ד י ז ע וועלט. און וואָס מעהר די הײדנישע וועלט איז גע־וואָרען אידישער, דאָס הייסט הומאַניטערער, אַלץ מעהר האָבען זיך די אידען געקענט בעטייליגען אין דער קולטור פון דיזער וועלט, וועלכע פּראָגרעסירט פּאַראיינס צום בעסערען. נאָך לאַנגע קעמפ־פען צווישען דער הײדנישער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז געווען פערזונקען אין זינדליכקייט און באַרבאַרישע געוואַלט־טעטיגקייט, און דער אידישער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע האָט זיך אויפגעלעזט אין ספּיריטואַליסטישען מיסטיציזם, האָט אין האָללאַנד די מאָר־גען־זון פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציאָן אָנגעהויבען אַרויסגי־סען איהרע שטראַהלען איבער אַ בעסערע וועלט. דאַמאַלס האָט אַ איד געגעבען דעם סיגנאַל, דאָס עס האָט זיך פאָללענדעט דער גייסטיגער ענטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער וועלט־היסטאָרישער מענשהייט.

---

3

## די גענעטישע וועלט־אַנשויאונג *).

נאָכדעם ווי ס פּ י נ אָ ז אַ איז איבערזעצט געוואָרען אויך אין דער העברעאישער שפּראַך, איז געקומען די צייט, דאָס מען זאָל פערטיידיגען דיזען גרויסען אידישען לעהרער פון אידישע מיספערשטענדניסען. — וואָס ל ו צ אַ ט אָ זאָגט וועגען ספּי־נאָזאַ, בעווייזט נאָר, דאָס דיזער אויסגעצייכענטער העבראַיסט האָט דאָ בעטרעטען אַ גאַנץ פרעמדעס פעלד. — ביי ספּינאָזאַ, וועל־

*) נאָטע 3.

כער ענטוויקעלט פון דער אידעע פון גאָט, אלס דעם אַלל־איינינגען, דאָס גאנצע מאָראליש־גייסטיגע לעבען און שטעלט ארויס די ערקענטנים פון גאָט אלס דעם העכסטען און לעצטען רעזולטאט פון דיזען לעבען, — אין דיזער לעצטער התגלות פון דעם אידי־שען געניוס פערשווינדען אלע סתירות, וועלכע האָבען אין די פריהערדיגע התגלות'ן ניט געקענט און ניט געדאַרפט געלעזט ווע־רען, ווארים דער קריטישער פערשטאנד, וועלכער האָט זיי ערשט שפּעטער ארויסגעפונען, איז נאָך ניט געווען ענטוויקעלט פרי־הער. כדי צו בעגרייפען ספינאָזא אין זיין גאנצער טיעפקייט און וועלט־היסטאָרישער בעדייטונג, מוז מען בעקאנט זיין מיט דעם לעצטען פאזים פון דעם קולטור־היסטאָרישען אנטאגאָניזם אין זיין טעאָרעטישער געשטאַלט, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין אונזער פילאָזאָפיע און וויסענשאפט. מיר מיינען דאָ דעם געגענזאץ צווישען דער ספעקולאטיווער פילאָזאָפיע און די נאטור־וויסענשאפטען, וועגען וועלכע מיר וועלען ריידען באריכות אין דעם פאָלגענדען פאראגראף, און דאָס פערהעלטנים פון דיזען גע־גענזאץ צו פריהעריגע און גלייכצייטיגע פאָרמען פון דעם היסטאָ־רישען אנטאגאָניזם. — לוצאטא האָט ניט קיין פאָרשטעלונג פון דער דיאלעקטיק פון דער וועלט־געשיכטע. ער בלייבט שטעהן ביי דעם בעל־בתישען געגענזאץ פון פערשטאנד און געפיהל, און מאכט די געדאנקען־בליצען פון ספינאָזא, וועלכע שטאמען פון דעם שעפּפערישען גייסט, דעם פאָרוואורף, דאָס זיי זיינען גע־מיטהלאָז, ווארים ער פערוועקסעלט זיי מיט דעם „פערשטאנד פון די פערשטענדיגע".

דאָס מאָראלישע, אדער ריכטיגער, דאָס הייליגע לעבען נעהמט זיך ביי ספינאָזא, אזוי ווי ביי משה'ן און די נביאים, פון דעמ־זעלביגען אורקוואל פון דער גאָטעס־אידעע, וועלכע איז דאָס איי־ניגע און איינציגע וועזען, בשעת די גאנצע וועלט און נאטור זיי־נען אויגענבליקליך און פאָראיבערגעהענד. דער רעליגיעזער זשעניע פון די אידען האָט ניט נאָר אין אלטערטום אליין געבראכט דער וועלט געטליכע התגלות. דער הייליגער גייסט רוהט שטענדיג אויף דאָס פאָלק ישראל, ווי באלד די מענשהייט שטעהט פאר א נייער גרויסער, וועלטהיסטאָרישער ענטוויקלונג, פאר א נייער סאציא־

לער שעפּפונג, וועלכע קען נור ארויספליסען פון דעם אור־קוואל פון יעדען לעבען, פון דעם שעפּפערישען וועזען. די התגלות פון דער הייליגער געשיכטע, וועלכע קען זיך ענדיגען נאָר מיט דיעזער געשיכטע אליין, שטאמט אונמיטעלבאר פון גאָט. דיעזע התגלות איז אָבער ניט אַן אויסנאהמע פון דעם אויביגען געזעץ, וועלכעם וואלטעט אין דער קאָסמישער און ארגאנישער וועלט. פערקעהרט, דיעזע התגלות ברענגט נאָכאמאָל אויף א דייטליכען אופן ארויס דאס אלגעמיינע געזעץ אין דער סאציאלער מענשענוועלט און מאכט דערקענען די הייליגע פון דעם פאָלק ישראל אלס דאס שעפּפערישע וועזען פון דאס גאנצע לעבען. דורך דאס רעליגיע־זע זשעניע פון די אידען און זייער התגלות איז ענטשטאנען די איינהייטליכע, הייליגע, היסטאָרישע ענטוויקלונג, וועלכע איז, אקו־ראט ווי די ענטוויקלונג פון קאָסמישען און ארגאנישען לעבען, דער העכסטער בעוויז פאר די געטליכע הערשאפט אין נאטור און געשיכטע. די התגלות פון דעם גייסט, וועלכער לעבט ביי אידען, נעהמט ניט נאָר אריין די וועלט־געשיכטע, נאָר אויך די געשיכטע פון דער וועלט, די ענטשטעהונג פון דעם קאָסמישען, אָרגאנישען און סאָציאלען לעבען. דיעזע התגלות קאָנסטאטירט אין אלעם, וואס איז געווארען און וואס עס ווערט, דאס הייליגע געזעץ פון גאָט, היינט אויף א וויסענשאפטליכען יסוד, אזוי ווי פריהער דורך די הילף פון דער פאנטאזיע און דעם געפיהל.

מען קען ניט לייקענען די אונמיטעלבארע ווירקונג פון דעם שעפּפער ביי יעדען שעפּפערישען אקט אין דער נאטור, אזוי ווי אין דער וועלט פון גייסט. עס העלפט אונז גאָר ניט, ווען מיר שטייגען ארויף פון די קינדער צו די עלטערן און סוף כל סוף צו דער אזוי אָנגערופענער מאטעריע, כדי דעם שעפּפער צו פערלייקענען. ווארום אויך גאנצע דורות, יע גאנצע נאטור־מלוכות, זיינען אמאָל ניי פון זיך זעלבסט ענטשטאַנען. ניט אונזער היינטיגע וועלט פון פלאנצען און חיות, ניט דאָס ארגאנישע לעבען בכלל איז געווען פון אייביג אָן אויף דער ערד. דיעזע ערד זעלבסט, אונ־זער גאנצעס פּלאנעטען־סיסטעם, אלע שטערען־וועלטען, ווי גרויס עס מעג זיין זייער אויסברייטונג און דויער, זיי זיינען אלע אמאָל ענטשטאַנען אין דעם אונענדליך אויסגעברייטעטען רוים אלס קאָס־

מישע קערענדלעך, אַלס שווערפונקטען, און אין דער צוקונפט וועלען זיי ווידער אויפגעלעזט ווערען אלס טויטע, אבגעשטאַרבע־נע, פערשטיינערטע וועלט־קערפּער אין דעם פייער פון נייע, יו־גענדליך־רעאַגירענדע וועלט־ספערען, אזוי ווי מיר זעהען דאס אין דעם גרויסאַרטיגען שוישפּיעל פון די ברענענדע שטערען.

וואָס אנבעטרעפט די אייביגקייט פון דער מאַטעריע אָדער איהרע אטאָמען, האָט זי זיך ארויסגעוויזען אלס אַ פּוסטע אויס־טראַכטונג. די פיזיק האָט שוין לאנג בעוויזען די פאַלשקייט פון דיעזער השערה פון די כעמיקער. צוזאמען מיט די אימפּאָנדעראַ־ביליען פון די מאַטעמאַטיקער האָבען אויך די אטאָמען פון דער כעמיע געמוזט מאכען פּלאַץ פאר די גענעטישע וועלטאנשויאונג, וועלכע ווייס נור פון בעוועגונגען, אבער ניט פון אטאָמען און פון וועלט־עטהער. אויב די מאַטעריע וואָלט געווען צוזאמענגעזעצט פון פעסטע, אייביגע, אונפערענדערליכע אטאָמען, וועלכע זיינען ארומגערינגעלט פון אַן אונדורכדרינגבארען עטהער, לויט דער בע־קאַנטער השערה פון די כעמיקער און מאַטעמאַטיקער, וואָלט דאָך ביי דער אונענדליכער פערדינונג, צו וועלכער די מאַטעריע איז מסוגל שוין אין אונזערע עקספּערימענטען דורך דער הילף פון וואַ־רעמקייט אין דער לופט־פּומפּע, געדאַרפט פיהלען זיך וויינינגסטענס אַ שפּור פון דער אַנגענומענער פּאַנאַנדערגעטיילטקייט פון די אטאָ־מען. פון דעסטוועגען בעווייזט די פיזיק, דאס די פערדינטעסטע גאזען אונטערשיידען זיך דורך די זעלביגע אייגענשאַפטען ווי די געדיכטעסטע גאזען. אין דעם פערדינטעסטען שטיק־שטאָף אָק־סידול האָט דער עלעקטרישער פונק שטענדיג זיין רויטע פארב, אזוי ווי אין דער פערדינטעסטער קוילען־זוירע בלייבט שטענדיג די גרינע פארב פון דעם עלעקטרישען פונק. — גאַנץ פאַלש איז אָבער די השערה, דאָס עס זיינען פאַראַן כעמישע אטאָמען אין וועלט־רוים, בשעת אין וועלט־רוים קען מען באמת אָננעהמען די עקזיסטענץ פון איין איינציגען פון די כעמישע עלעמענטען, פון וועלכע די מאַטעריע איז צוזאמענגעזעצט אויף דער הארטער אויי־בערפלעכע פון אונזער פּלאנעט. די כעמישע אטאָמען עקזיסטירען ניט אומעדום און ניט פון אייביג אָן, ניט אין אלע צייטען און רויי־מען, אזוי ווי עס עקזיסטירען ניט פון אייביג אָן די ארגאנישע זאַ־

מען. זיי זיינען אלע נאָר ענטשטאנען און בלייבען א מעהר אדער וויניגער לאנגע צייט אין עקזיסטענץ, כדי שפּעטער ווידער אויפגעלעזט צו ווערען. זיי ווערען ענטשטאנען דורך א שעפּפונגס־אקט, דורך דעמזעלבען אקט, וועלכער רופט אלע וועזען צו עקזיסטענץ, דורך א ניי־בילדונג פון שווערפּונקטען, וועלכע דריקען זיך אויס אין דער קאָסמישער וועלט אין אטאָמען, אין דער אָרגאנישער וועלט אין זאמען, אין דער סאָציאלער וועלט אין התגלות אָדער גייסטיגע ליכטזאמען.

יעדע שעפּפונג איז א פערבינדונג פון צוויי איינפאכע אדער קאָמבינירטע בעוועגונגען אין א נייע אין זיך געשלאָסענע אדער צוריקלויפענדע קרייז־בעוועגונג. יעדע שעפּפונג איז א ר ע ו ו א־ל ו צ י א ן, וואס איהר אורבילד איז געגעבען געוואָרען אין דער גראוויטאציאָן, וואו די אייביגע צענטריפעטאלע בעוועגונג רופט ארויס שטענדיג איהר געגענזאץ, די צענטריפוגאלע בעוועגונג, און וואָס פון זייער קאָמבינאציאָן ענטשטעהט די ר אָ ט א ט אָ־ר י ש ע ב ע ו ו ע ג ו נ ג, די גראוויטאציאָן. — אזוי איז אויך יעדע גייסטיגע שעפּפונג א נייער העכערער סינטעזיס פון צוויי גייסטעס־ריכטונגען, א קאָמבינאציאָן, צו וועלכער עס איז נאָר פעהיג דאָס שעפּפערישע וועזען פון דעם גייסט, דער אנאליטישער פערשטאנד פאר זיך אליין איז אבער דערצו אונפעהיג. — יעדע שעפּפונג מוז האָבען דעם אייביגען שעפּפער, יעדע גייסטיגע שעפּפונג שטאמט פון א א י נ ס פּ י ר א צ י א ן.

קענען די רעליגיעזע שעפּפונגען, וועלכע אָפענבארען דאָס פערהעלטניס פון דעם שעפּפער צו דער וועלט, זיין אן אויסנאהמע פון דיעזען אלגעמיינעם געזעץ, און ניט זיין די אונמיטעלבארע ווירקונג פון דעם שעפּפער?

אויב היינט פערלייקענט מען דאָס שעפּפערישע אין אלע לעבענס־ספערען אָדער מען ערקלערט עס אלס אן איבערנאטירליכע אויסנאהמע פון נאטור־געזעץ, אין ווידערשפּרוך מיט יעדער ערפאהרונג אין וויסענשאפט, איז עס נור א דאנק א ריכטונג פון פערשטאנד, וועלכע איז אליין ניט־שעפּפעריש.

די גייסטיגע שעפּפונגען פון דער סאָציאלער לעבענס־ספערע ליגען אקוראט אזוי גוט אין דעם פלאן פון דער געשיכטע, ווי די

שעפּפונגען פון די אָרגאַנישע אַרטען אין פּלאַן פון דער נאַטור. אַזוי ווי די אָרגאַנישע אַרטען זיינען ניט ענטשטאַנען איינמאָל אין איין איינציגער געאָלאָגישער עפּאָכע, נאָר זייער שעפּפונג האָט זיך געצויגען דורך פיעלע געאָלאָגישע צייט־אַלטער, אַזוי האָבען אויך די גייסטיגע שעפּפונגען אין דער וועלט־געשיכטע זייערע פּ אָ ר ה י ס ט אָ ר י ש ע און מ אָ ד ע ר נ ע עפּאָכען. די מאָדערנע עפּאָכען זיינען דאָ אַזוי ווי דאָרטען דאָס צייטאַלטער פון רייפקייט, אין וועלכען די ענטוויקלונג קומט צו איהר אבשלום.

אויב די אידען האָבען אַ בעזונדערען בערוף צו סאָציאַלער אָפּענבאַרונג, ליגט דאָס אין דער אייגענטימליכקייט פון זייער זשעניע, פון זייער אָרגאַניזאַציאָן, זייער ראַסע. אָבוואָהל דיעזע אָפּענבאַרונגען שטאַמען אונמיטעלבאַר פון דעם שעפּפער, זיינען זיי דאָך ניט וואונדערבאַרער, איידער די אָפּענבאַרונגען פון דעם גריכישען געניוס, וועלכער האָט געהאַט אַ בעזונדערען בערוף צו קונסט־שעפּפונגען, אַזוי ווי דער אידישער געניוס האָט געהאַט אַ בערוף צו שעפּפונגען פון דער גאָטטעס־ערקענטניס.

משה, די נביאים ראשונים און נביאים אחרונים שטעהען אקו־ראַט אַזוי וויניג אין ווידערשפּרוך מיט דער היינטיגער פילאָזאָ־פיע און וויסענשאַפט, ווי האָמער, עסכיל, פינדאַר און סאָפאָקעל. מיר טראַגען אריין אונזער היינטיגעס וויסען, וועלכעס האָט אין דער צייט פון דער ביבעל נאָך ניט עקזיסטירט, אין די ספרי קודש, אויב מיר ווילען זיי פערשטעהן פון היינטיגען שטאַנדפּונקט פון דער וויסענשאַפט.

די לעהרע פון ספּינאָזאַ, דער פּראָדוקט פון דעם אידישען געניוס און דער מאָדערנער וויסענשאַפט, שטעהט ניט אין ווי־דערשפּרוך מיט דער אידישער לעהרע פון דער אחדות אלהים, נאָר העכסטענס מיט דער ראַציאָנאַליסטישער און איבערנאַטירליכער אויפפאַסונג פון דיעזער אחדות. די אידישע התגלות פון משה און דער נבואה האָט ניט געלערנט די טראַנסצענדענץ נעגען די אימאַנענץ, נאָר די אחדות אין נעגענזאַץ צו דעם רבוי פון דעם שעפּפערישען ווען. — דאָס האָט שוין אַ לאַנגע צייט פאַר'ן חורבן בית שני אויסגעשפּראָכען דער אידישער פילאָזאָף פ י ל אָ ן, דאָס האָבען שפּעטער אין מיטעלאַלטער געלערנט די גרויסע אידישע

רעליגיאָנס־פילאָזאָפען, און דאָס האָט אין דער נײַ־צײַט אויסגע־דריקט ספינאָזא מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און טיעפקייט פון זײַן געניאַלען גייסט. — עס איז פערשטענדליך, ווען דער ניט־קריטישער האָגמאַטיזם, וועלכער זעהט אין די אַריענטאַלישע ביל־דער פון דער הייליגער שפּראַך נאָר דאָגמען, טרעט אַרויס געגען דעם ספינאָזיזם מיט די טויטע בוכשטאַבען פון דער ביבעל און פערדאַמט די אימאַנענטע ערקענטנים פון גאָט אַלס אפיקורסות. די ראַציאָנאַליסטען אַבער, וועלכע טײַטשען אויס קינסטליך יעדע הגשמה פון דער תורה, קענען זיך ניט שטיצען אויף קיין פונקט אין דער תורה, כדי צו בעווייזען די סתירה צווישען דער תורה און ספינאָזא. — לויט משה רבינו דאַרף מען ניט זוכען די גאָטעס־לעהרע אין הימעל אָדער אין דער ווייטקייט, נאָר גאָט איז זיך נתגלה אין אונז זעלבסט, אין אונזער גייסט און האַרץ. דערפאַר שטעהט אין תלמוד: מעולם לא ירדה שכינה למטה ולא עלה משה למרום, „קיינמאָל איז די גאָטהייט ניט אַראָבגעגאַנגען פון אויבען, און קיינמאָל איז משה ניט אַרויפגעשטיגען אַרויף". ווייל גאָט איז אומעדום, איז איבעריג יעדע רוימליכע און צײַטליכע בעוועג־גונג פון איהם צו אונז און פון אונז צו איהם. — דאַוויד ס ט ר א ו ס פרעגט ביי דער ערצעהלונג וועגען דעם אַרויפשטייגען פון יעזוס אויף דעם הימעל: צוליעב וואָס דיעזע נסיעה דורך די לופט? — אויב די הנשמות פון דער תורה איז עפּעס מעהר איידער רעדע־בילדער, אויב זיי זיינען דאָגמען, וואָלטען זיי דאָך מבטל געוועזען דעם גרעסטען עיקר פון דער אידישער גאָטעס־לעהרע, וועלכען מיר חזר'ן איבער צוויי מאָל אַ טאָג אין שמע ישראל.

אַזוי ווי גאָט איז ניט אויף יענער זייט פון דער וועלט, אַזוי איז אויך דאָס גייסטיגע לעבען ניט אויף יענער זייט. די אייביג־קייט פון גייסט, אַזוי האָבען מיר שוין געזאָגט אין די בריעף, הויבט זיך ניט ערשט אָן ווען מיר זיינען געשטאָרבען, נאָר זי איז אַזוי ווי גאָט שטענדיג געגענווערטיג. — ווען מיר האָבען זיך אויפ־געהויבען צו דער ערקענטניס פון גאָט, איז די רוימליכע און צייט־ליכע בעוועגונג צום געטליכען לעבען אַן איבעריגער וועג פאַר אונז. אויב די טויערען פון קבר פיהרען צו אַ ווייטערען לעבען אין דער צייטליכקייט — אַ נאַטור וויסענשאַפטליכע פראַגע, וועלכע האָט

מיט רעליגיאָן און פילאָזאָפיע וועניג צו טאָן און קען געלעזט ווערען נאָר פון דער ערפאהרונג, — אויב אזוי, וועט די ערוואכונג פון אונזער טויט־שלאָף זיין נאָר א איבער'חזר'ונג פון אונזער געגענוועַרטיגען לעבען היינט. — א גאָט אויף יענער זייט פון דער וועלט, וועלכער שטעהט ניט צו דעם מענשען אונמיטעלבאר ווי א שטענדיג געגענוועַרטיגער שעפּפער און אפּענבארער, קען ניט זיין ניט דער גאָט פון די אידען, און ניט פון די קריסטען, און ניט פון די מאהאמעדאנער און קען ניט ווערען דער רעליגיעזער יסוד פון די אויפלעבענדע פעלקער, אזוי וויניג ווי דער היידנישער פּאָליטעאיזם און פּאנטעאיזם, וועלכער איז אויפגעלעזט געוואָרען אין אטאָמיסטיק און מאטעריאליזם. — אן אויסערוועלטליכע גאָטהייט, פון וועלכער מיר קענען גאָר נישט ניט וויסען, איז, אזוי ווי די וועלטליכע גאָטלאָזיגקייט, נאר א פּרוכט פון דעם פערשטאַנד, אָהן איינפלוס אויף אונזער סאָציאלעס, מאָראליש־גייסטיגעם לעבען. אין דיעזער טרויסטלאָזער לעבענס־אנשויאונג שפּיעגעלט זיך נאָר אב די אויפלעזונג פון דער אלטער געזעלשאַפט, וועלכע געפינט זיך נאָך אין דעם פּראָצעס פון צופוילונג פון איהרע עלעמענטען און אטאָמען. — אזוי ווי אין דעם מאָדערנעם ראַציאָנאליזם שפּיעגעלט זיך נאָר אב די רעוואָלוציאָן, אזוי איז דער מאָדערנער איבער־נאטוראליזם נאָר די גייסטיגע אבשפּיעגלונג פון דער רעאקציאָן געגען סאָציאלע טענדענצען, וועלכע זיינען נאָך ניט געקומען צום אבשלוס.

---

4

## דער לעצטער אנטאַגאָניזם *).

כדי ריכטיג צו בעאורטיילען די גייסטיגע לעבענס־אנשויאונגען, מוז מען אונטערזוכען די סאָציאַלע בעוועגונגען, וואָס זיי זיינען זייער פּראָדוקט. דער היינטיגער פילאָזאָפישער געזיכטספּונקט איז א גאַנץ אנדערער ווי פון פאַריגען יאָהרהונ־

*) דיזער קאַפּיטעל, וועלכער איז אַ קורצער אויסצוג פון אַנדערע פערעפענטליכטע אַרבייטען מכח נאַטורוויסענשאַפט און געזעלשאַפטס־לעהרע, איז דער רעזולטאַט פון לאַנגיאָהריגע פאָרשונגען.

דערט. די וויסענשאַפט האָט ניט נאָר געמאַכט פאָרט־שריטע; זי איז דורכגעגאַנגען די פילאָזאָפישע קריטיק און ספּעקולאַציאָן, אַזוי ווי די אינדוסטריע איז דורכגע־גאַנגען די בירגערליכע רעוואָלוציאָן און קאַפּיטאַל־הערשאַפט. — דער שווי־פּלאַטץ פון דעם קאַמפּף, דער קאַמפּף פון די קעמפּפער, אַלעס האָט זיך פערענדערט אין לויף פון דער סאָציאַלער בעווע־גונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אין פאָריגען יאָהרהונדערט, און וועלכע מיר פיהרען היינט נאָך ווייטער. דער ספּעקולאַטיווער פילאָזאָף פון 19טען יאָהרהונדערט איז אַזוי ווייניג ענליך צו דעם רעוואָלוציאָנערען פילאָזאָף פון 18טען יאַהרהונדערט, ווי דער ליבעראַלער בירגער היינט צו דעם רעוואָלוציאָנערען בירגער פון דאַמאַלס. די אונטערדריקטע אינדוסטריעלע און וויסענ־שאַפטליכע פּראָדוצענטען פון פאָריגען יאָהרהונדערט זיינען די ספּעקולירענדע הערען פון געגענווערטיגען יאָהרהונדערט. צווי־שען די פּראָדוקטיווע קלאַסען זעלבסט איז פאָרגעקומען אַ טיעפע פאַנאַנדערשיידונג. די לעצטע רעוואָלוציאָן, וואָס מיר געפינען זיך נאָך אין איהר מיטען, האָט ניט געקענט לכתחילה שוין בע־שאַפען אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן. די אַלטע פערגליווערטע אינסטי־טוטען פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט און די לעצטע טויטע רעסט־לעך פון דעם דאָגמאַטיזם האָבען פריהער געמוזט פערברענט ווע־רען פון דעם פייער פון דער רעוואָלוציאָן, האָבען געמוזט צושני־טען ווערען פון שאַרפען מעסער פון קריטיק, פון אַנאַליז, איידער עס האָבען זיך געקענט בילדען נייע סאָציאַלע און גייסטיגע שעפּ־פונגען. אין לויף פון דער ענטוויקלונג פון די נייע עלעמענטען איז אַרויסגעטרעטען אַ נייער אַנטאַגאָניזם, וועלכער האָט פריהער ניט עקזיסטירט, און וועלכער מוז איצטער אויסגעגליכען ווערען.

די אַרבייטס־קראַפט און פאַרשער־קראַפט, וועלכע איז בע־פרייט געוואָרען פון די קייטען פון דעם דאָגמאַטיזם פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, האָט אַרויסגעבראַכט דעם לעצטען אַנ־טאַגאָניזם, דעם אַנטאַגאָניזם פון אַ ר ב י י ט און ס פּ ע־ק ו ל אַ צ י אָ ן. אין דער הייסער רעוואָלוציאָנערער אַטמאָ־ספערע פון דער פרייער קאָנקורענץ פון אַלע אַרבייטס־קרעפטען האָבען זיך געבילדעט, ווי בליהונגען אין דער וואַרימער פריה־לינגס־לופט, נייע שווערפּונקטען, וועלכע האָבען איינגעזויגען די

פעראייניצעלטע פראָדוקטיוו־קרעפטען און זיי אָרגאַניזירט צוליעב זייערע צוועקען. נאָכפאָלגענד נאָך דעם אַלגעמיינעם געזעץ פון גראַוויטאַציאָן, וועלכעס איז דאָס געזעץ פון יעדעס לעבען, האָ־בען זיך די אַטאָמיסטישע ארבייטער גרופירט ארום אינדוסטריעלע צענטרען, די פעראייניצעלטע פאָרשער האָבען זיך גרופירט ארום ספעקולאַטיווע סיסטעמען, פון וועלכע זיי ווערען בעהערשט און אָנגעפיהרט. — ניט נאָר אויף דעם פעלד פון אינדוסטריע נאָר אויך אויף דעם פעלד פון וויסענשאַפט איז עס ניט גרינג צו שטעהן געגען די אָנציהונגס־קראַפט פון די ספעקולאַטיווע צענטרען. — מען קען גאָרנישט־ניט דערגרייכען דורך די פערלייקענונג פון די ספעקולאַטיווע סיסטעמען, אַזוי ווי דורך די צושטערונג פון די בעשטעהענדע קאַפּיטאַלען, ווארים דאָס לעבען האָט די נאַטור־נויטווענדיגע שטרעבונג, זיך צו צענטראַליזירען, צו פעראייניגען און צו אָרגאַניזירען. — אויב די פראָדוצענטען ווילען זיך בעפרייען פון דער הערשאַפט פון דער עקספּלואַטירענדער ספעקולאַציאָן, מו־זען זיי, אַזוי ווי דאָס האָבען שוין אָנגעהויבען צו טהאָן מיט ערפאָלג די ארבייטער אין ענגלאַנד, זיך פיעלזייטיג אָרגאַניזירען. זיי מוזען געגען די אָנגעקליבענע ארבייט, וועלכע געפינט זיך אין די הענד פון די אינדוסטריעלע ספעקולאַנטען און אין די קעפּ פון די פילאָזאָפישע ספעקולאַנטען, ארויסשטעלען די גרעסערע מאַסע פון זייערע פעראייניצעלטע פראָדוקציאָן, ווי אויך פון דער פאָרשונג אויף דעם וויסענשאַפטליכען געביעט. זיי מוזען זייער אייגענע פראָדוקציאָן צענטראַליזירען ביי זיך זעלבער און אָנפיה־רען פון אַ געמיינזאַמען שווערפונקט, אַזוי ווי די ספעקולאַנטען האָבען צענטראַליזירט און בעהערשט די ארבייטס־פראָדוקטען. דאָס איז ריכטיג בנוגע צו די וויסענשאַפטליכע מאַטעריאַלען אַזוי גוט ווי צו די אינדוסטריעלע. מאַטעריאַלען זיינען טויט־טע קאַפּיטאַלען, ווען זיי ווערען ניט אָרגאַניזירט פאַר ווייטערע שעפּפונגען. דאָסזעלבע געזעץ פון דער פראָדוקטיווער לע־בענס־בעוועגונג, פון וועלכער זיי זיינען ארויסגעקומען, ווי די מאַ־טעריע בכלל, טרייבט זיי אויך צו ווייטערע שעפּפונגען. — אויב די אינדוסטריעלע און אינטעלעקטועלע ארבייטער, דיזע פראָדוק־טיוו־קרעפטען פון דער סאָציאַלער וועלט, פערבלייבען אין זייער צושפּליטערונג, אויב זיי פעראייניגען ניט, צענטראַליזירען ניט

און אָרגאַניזירען ניט זייערע צושטרייטע קרעפטען, און ווערען אויף אזא אופן אליין ניט ספעקולאַטיוו, דאַן בלייבט דער געגענזאַץ צווישען ארבייט און ספעקולאַציאָן (מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם) נויטווענדיגער־הייד אַ שטענדיגער.

דער לעצטער טעאָרעטישער ווידערשפּרוך, דער געגענזאַץ צווישען פילאָזאָפיע און נאַטורוויסענשאַפט, צווישען אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם, איז אייגענטליך דער טעאָרעטישער אויסדרוק פון דעם לעצטען פּראַקטישען ווידערשפּרוך אין סאָציאַלען לעבען.— אזוי ווי אַמאָל האָט זיך בעצויגען דער האַר צום שקלאַף און דער כהן צום פּראָסטען מענשען, ווי שפּעטער האָט זיך בעצויגען דער פּריץ צום בויער און דער גייסטליכער צום וועלטליכען מענשען, אזוי שטעלט זיך יעצט דער קאַפּיטאַליסט צום ארבייטער, דער פּילאָזאָף צום פּאָרשער, דאָס הייסט ווי דער אָרגאַניזירער צו דעם אונאָרגאַנישען, ווי דער פּעראייניגענדער צום צושטרייטען, ווי דער שטאַרקער צום שוואַכען, ווי דער לעבעדיגער צום טויטען. — דאָס פּאָלק האָט אין דיזען אנטאַגאָניזם שטענדיג שלעכט אָבגעשניטען, עס האָט פּערטרעטען שטענדיג דעם טויט. — דערפאַר האָט שוין משה געזאָגט צו אונזער פּאָלק: ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש: איהר זאָלט מיר אָבער זיין אַ גאַנצע מלוכה פון כהנים און אַ היילינעם פּאָלק.

די פּילאָזאָפישע אזוי ווי די אינדוסטריעלע ספּעקולאַציאָן איז אַ געשיכטליכע נויטווענדיגקייט. זי איז בערעכטיגט, זאָ לאַנג די פּראָדוקטיווע ארבייטען און פאָרשונגען זיינען נאָך ניט צענטראַליזירט און אָרגאַניזירט, זאָ לאַנג זיי האָבען נאָך ניט זייער שווער־פּונקט, זייער גלייכגעוויכט אין זיך זעלבסט.

דאָס גלייכגעוויכט, דער אבסאָלוט, איז פאַר דער רעוואָלוציאָנער־קריטישער עפּאָכע געוועזן די רעגירענדע מאַכט, יעצט איז עס נאָך אַלץ די פּערוואַלטענדע מאַכט, וועלכע שטעהט פּרעמד און פיינדזעליג געגען די מאַטעריעלע ארבייט. די שולד דאַראַן ליגט ניט אין דעם בייזען ווילען פון דעם אָדער יענעם קלאַס, נאָר די שולד, דאָס הייסט, די אורזאַכע ליגט אין דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דער גאַנצער מענשליכער געזעלשאַפט. זאָ לאַנג ווי די מענשליכע גע־

זעלשאפט האט נאָך ניט דערגרייכט איהר ציעל, די עפּאָכע פון רייפקייט, ענטוויקעלט זי זיך דורך דעם ראסענקאמפף און קלאַסען־קאמפף, אזוי ווי דער אינדיווידואום ווערט אין דער צייט פון זיין גייסטיגער ענטוויקלונג בעהערשט פון איינזייטיגע פאָרשטעלונגען און טענדענצען, אָדער ווי אין דער אָרגאנישער ענטוויקלונג ענטוויקלען זיך אָפט איינצעלנע אָרגאנען אויף דעם חשבון פון אנדערע, וועלכע בלייבען אָבגעשטאַנען.

אין לויף פון דער גאנצער ביזהעריגער וועלט־געשיכטע זיינען פארגעקומען נור איינזייטיגע בעוועגונגען אין סאָציאלען לעבען, וואס זייער ווירקונג אויף דעם מענשליכען גייסט האט ארויסגערופען איינזייטיגע אנשויאונגען, פארשטעלונגען און בעגריפען. אין דער צייט פון דער ענטוויקלונג קומט אומעדום פאר, אין דער סאָציאלער, אזוי ווי אין דער נאטירליכער לעבענס־ספערע, א טיילונג פון ארבייט, וועלכע טרייבט די פאָלענדונג נאָר אין איין בעשטימטער זייט און בעשאפט איינזייטיגקייט, וועלכע נעהמט אָן אין דעם מענשליכען גייסט א קראנקהאפטע פארם. וויבאלד אבער דער פאָלענדעטער מענשליכער אָרגאניזם פון די וועלט־היסטאָרישע ראַסען וועט פעראייניגען הארמאָניש די קרעפטען פון דער נאטור, וועלען אָנהויבען ווירקען הארמאָניש אין דער פאָלקאָמענער מענשליכער געזעלשאפט די שטרעבונגען פון דער געשיכטע. אזוי ווי נאָך דער פאָלענדונג פון דער אָרגאנישער לעבענס־ספערע, נאָך דער בעשאפונג פון דעם מענשען, האט זיך אָנגעהויבען דער נאטור־שבת, אזוי קען זיך דער היסטאָרישער שבת אָנהייבען נאָך דער פאָלענדונג פון דעם סאציאלען לעבען, נאָך דער בעשאפונג פון א הארמאָנישער סאָציאלער אָרגאניזאציאָן, אין וועלכער עס וועט זיין א גלייכגעוויכט צווישען פראדוקציאָן און פערברויך. — מיר געפינען זיך ערב דעם היסטאָרישען שבת, ער איז אבער נאָך ניט געקומען. אונזער עפּאָכע איז די עפּאָכע פון ספעקולאציאָן. די ספעקולאציאָן קען לויט איהר נאטור זיין נאָר דער טייל פון א מינאָריטעט. וואס איז דאס וועזען פון דער ספעקולאציאָן?

יעדע לעבענס־ספערע, וואס איהר ענטוויקלונג איז פאָלענדעט, פראדוצירט איהר לעבען דורך רעפּראָדוקציאָן, דורך דאס גלייכגעוויכט פון פּראָדוקציאָן און פערברויך. אויף די סאָציאלע

לעבענס־ספערע טרעט אריין אין דאס צייטאלטער פון רייפקייט מיט דעם אויגענבליק, ווען עס ענטשטעהט א פערשטענדניס פון דער סאציאל־עקאָנאָמישער בעוועגונג. ווען דיעזעס פערשטענדניס איז ניט פערברייטעט צווישען אלעמען, נאָר צווישען איינצעלנע, וועל־כע געברויכען דיעזעס פערשטענדניס פאר פריוואט־צוועקען, דאַ־מאלס הייבט זיך אן די עפּאָכע פון ספּעקולאציאָן. די ספּעקולאַ־ציאָן בעשטעהט אין דער אויסבויטונג פון דער רעפּראָדוקטיווער בעוועגונג פון דעם סאציאלען לעבען צוליעב דאס פריוואט־לעבען.

דאָס לעבען איז איבערהויפּט א פּראָדוצירענדע און קאָנזור־מירענדע טעטיגקייט. די גאנצע וויסענשאפט איז אן עקאָנאָ־מישע, וועלכע דערפאָרשט דיזע פּראָדוקציאָן און קאָנזומפּ־ציאָן אין די פערשידענע לעבענס־ספערען. די פיזיאָלאָגיע איז די עקאָנאָמישע וויסענשאפט פון דער אָרגאנישער לעבענס־ספערע, אזוי ווי די סאָציאל־עקאָנאָמיע איז די פיזיאָלאָגיע פון דער גע־זעלשאפט. די וויסענשאפט בעווייזט אונז, אז דאָס סאָציאלע לעבען געפינט זיך נאָך היינט אין זיין ערשטען קינדס־אלטער.— צווישען דעם וועג פון דער געזעלשאפט אין דעם אָנהויב פון איהר ענטוויקלונג און דעם וועג, אויף וועלכען זי וועט געהן זעלבסט־שטענדיג, ליגט דער טיעפער גראָבען. מיר מיינען די רעוואָלוציאָ־נערע, די קריטישע עפּאָכע, די געבורטס־קאטאסטראָפע פון דער מאָדערנער געזעלשאפט, וועלכע מאכט אונאבהענגיג דאָס קינד פון דער מוטער, די סאָציאלע צוקונפט פון איהר פערגאנגענהייט און דערהויבט די געזעלשאפט צו א פאָלענדעטער שעפּפונג. — וואָס די רעוואָלוציאָן איז פאר דאָס לעבען, דאָס איז די קריטיק פאר די לעבענסאנשויאונג. זי שניידט איבער די שנור, וועלכע פערבינדעט דאָס קינד מיט דער מוטער, זי צוברעכט די קייט פון די טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונגען, וועלכע שמידט די געגענוואַרט צו דער פערגאנגענהייט, זי עפענט דעם וועג צו א נייעם זעלבסט־שטענדיגען לעבען, דאָס הייסט צו נייע פרישע שעפּפונגען פון גייסט. פאר אן אויגענבליק האלט זי זיך פאר אָבגעריסען פון דעם אייניגען שעפּפערישען וועזען זעלבסט, ווארים זי האָט נאָך ניט געפונען דיזעס וועזען, דאָס ג ל י י כ ג ע ו ו י כ ט, אין זיך זעלבסט, ווארים די טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונגען האָבען גע־

האלטען דיזעס וועזען פאר א יענזייטיגעס. — דער גרעסטער טייל פון אונזערע צייט־גענאסען גלויבען ניט אין דאס אבסאלו־טע, וועלכעס ווערט פארגעשטעלט אלס יענזייטיגעס וועזען, אבער זיי קענען ניט קומען צו דעם ווירקליך אבסאלוטען, צו דעם שעפ־פערישען, צום שווערפונקט פון לעבען, וועלכער ליגט נאר אין דעם גלייכגעוויכט און גלייכמאס פון אלע גייסטיגע קרעפטען. די וויניגע אבער, וועלכע מאכען דיזען ענטשיידענדען שריט, פאלען אריין אין די ספעקולאציאן.

אזוי ווי דער ניי־געבארענער איז נאך ניט פאלקאמען עמאנ־ציפירט פון דער מוטער, זאלאנג ווי ער ליגט נאך אויף איהר ברוסט, אזוי מוז אויך דאס סאציאלע לעבען אריבערשרייטען דאס זויגלינגס־אלטער, כדי פאלשטענדיג עמאנציפירט צו זיין. — נאכ־דעם ווי די אינדוסטריעלע און אינטעלעקטועלע ארבייט האט זיך בעפרייט דורך די רעוואלוציאן, האט זי נאך געמוזט שטארק ווע־רען דורך די ספעקולאציאן, איידער זי האט זיך געקענט שטעלען אויף זיך זעלבסט. די פילאזאפישע און בירגערליכע ספעקולאציאן, וועלכע ווערט געמאכט פון די גייסטיגע און מאטעריעלע קאפיטא־ליסטען און בעהערשט די וויסענשאפטליכע און אינדוסטריעלע ארבייט, דיזעביידע ארטען פון ספעקולאטיווער טהעטיגקייט זיינען די ביידע ברוסטען, וועלכע בינדען צו דאס קינד צו דער מוטער, די ארבייט צום קאפיטאל, דעם שעפפערישען גייסט צו די פריהער־דיגע שעפפונגען, און וועלכע מאכען נאך אבהענגיג די נייע גע־זעלשאפט פון דער אלטער. — ניט די אינדוסטריעלע ארבייט, ניט די וויסענשאפטליכע פארשונג האבען זיך ביז יעצט געקענט בע־פרייען פון די פארמיטלער, וועלכע ערנעהרען זי און בעלעבען זי. עס איז היינט די אויפגאבע פון דער אינטולעקטועלער און אינ־דוסטריעלער ארבייט, זיך צו בעפרייען פון דער ספעקולאציאן. נאטור־פארשער און סאציאליסטען ארבייטען היינט מיט מעהר אדער וויניגער בעוואוסטזיין און ענערגיע פאר די לעצטע בע־פרייאונג פון דער מענשהייט, פאר די עמאנציפאציאן פון דער ארבייט פון דער ספעקולאציאן.

די וויסענשאפטליכע פארשונג איז אין דייטשלאנד נאהענט צו איהר ציעל, אזוי ווי די אינדוסטריעלע ארבייט אין ענגלאנד.

אָבער דאָ אזוי ווי דאָרטען זיינען דיזע שטרעבונגען פעראייניצעלט. דער אַנשטויס צו דער פעראייניגונג קען ארויסגעהן נאָר פון דעם לאַנד פון מאָדערנער רעוואָלוציאָן און צענטראַליזאַציאָן, פון פראַנקרייך, און פון דעם אידישען פאָלק, וועלכעס האָט פון אָנהויב פון דער וועלט־געשיכטע געהאַט די מיסיאָן צו פעראייניגען די איינזייטיגע שטרעבונגען פון סאָציאַלען לעבען אין איין ברענפּונקט.

ס פּ י נ אָ ז אַ האָט געלעגט דעם זאָמען פאַר די דעפעניטי־ווע פעראייניגונג פון דעם געגענזאַץ, וועלכער איז ענטשטאַנען מיט דעם אויפטרעטען פון דיביידע וועלטהיסטאָרישע ראַסען און וועלכער האָט דערגרייכט זייער העכסטען פונקט אין די קלאַסישע שעפּפונגען פון די אידען און גריכען, און וואָס זייער ערשטער אונ־פאָלקאָמענער פעראייניגונגס פערזוך איז געמאַכט געוואָרען אין קריסטענטום. זייט ס פּ י נ אָ ז אַ איז עס געוואָרען די אויפ־גאַבע פון דער געשיכטע, צו ענטוויקלען דעם פון איהם געמאַכטען אָנהויב ביז צו דעם העכסטען שלום פון דיעזע געגענזעצען אין לעבען פון די פּ ע ל ק ע ר.

די דייטשע פילאָזאָפיע האָט געוויס געהאַט דעם פערדיענסט, וואָס זי האָט איבערוועלטיגט דעם געגענזאַץ פון טהעאיזם און אטהעאיזם, וועלכען די רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע האָט בעשאַפען, דורך די אידישע איינהייטס־לעהרע, וועלכע איז ערשט פון ספּינאָ־זאַ ריכטיג פערשטאַנען געוואָרען. אזוי אָבער ווי דיזער פילאָזאָ־פיע האָט געפעהלט יעדער פּאָזיטיווער יסוד אין סאָציאַלען לעבען און אין די נאַטורוויסענשאַפטען, האָט זי געמוזט אריינקומען מיט זיי אין א קאָנפליקט. די לעצטע פאָרם פון אַנטאַגאָניזם, וועלכע דאַרף נאָך אויסגעגליכען ווערען, טרעט אויף דערפאַר אין דעם לאַנד, וואו דער מאָדערנער קולטור־היסטאָרישער פּראָצעס שפּיעלט זיך אב ניט מעהר ווי מאָנאָטעאיזם און פּאָליטעאיזם, ניט מעהר ווי מוסולמאַנישער מאַניזם און קריסטליכער דואַליזם, ניט מעהר ווי טהעאיזם און אטהעאיזם, זאָנדערן ווי א געגענזאַץ פ ו ן ס פּ ע ק ו ל אַ ט י װ ע ר פּ י ל אָ ז אָ פ י ע און ע ר פ אַ ה־ ר ו נ ג ס ־ װ י ס ע נ ש אַ פ ט ע ן. די דייטשע פאָרשער זיינען דערצו בערופען, צו איבערוועלטיגען דיזע לעצטע פאָרם פון אַנטאַ־גאָניזם דורך ארבייטען, וועלכע, ווי מ אַ ל ע ש אָ ט זאָגט, מוזען

דערצו פיהרען, דאָס די ערפאהרונג זאָל זיך אויפלעזען אין דער פילאָזאָפיע, און די פילאָזאָפיע אין דער ערפאהרונג. — אין דייטש־לאנד מוזען זיך די ערפאהרונגס־וויסענשאפטען בעפרייען פון דער פילאָזאָפישער ספעקולאציאָן דאדורך, וואָס די אינטעלעקטועלע ארבייטער זאָלען אויפזאמלען די רעזולטאטען פון דער וויסענשאפט און פעראייניגען זיי דורך אן אלגעמיינעם געזיכטס־פונקט, וועלכען מען קען דאָ לייכט געפינען, ווארים ער ליגט שוין אין דער גייס־טיגער אטמאָספערע.

---

5.

## די לעצטע ראַסענהערשאַפט.

וואָס מעהר א פאָלק טוט אויף אויף זיין ספעציעלען געביעט, מיט אלץ וויניגער קנאה אנערקענט עס די לייסטונגען פון אנדערע פעלקער, און אלץ פרייער נעהמט עס איבער פון אנדערע פעלקער, וואָס איהם זעלבסט פעהלט אָדער וואס איהם איז נויטיג צום מאָ־דערנעם לעבען. דאָס איז אן אייגענשאפט, וועלכע מאכט בעזונ־דערס עהרע דעם דייטשען גייסט.

דאָס אידישע פאָלק מוז אין אלעס, וואס אנבעטרעפט די פאָ־ליטיש־סאָציאלע ווידערגעבורט פון די פעלקער און זיין אייגענע אויפערשטעהונג אלס זעלבסטשטענדיגע נאציאן, זיך אָנשליסען אָן פראנקרייך, אָבער אין אלעס, וואס האט א שייכות צום גייס־טיגען לעבען, זיך האלטען אן דייטשלאנד. — נאָר די נארישע רע־אקציאן קען פאראיבעל האָבען, דאָס מיר סימפאטיזירען מיט פראנקרייך אין פאָליטיש סאָציאלער בעציהונג, און ווארצלען מיט אלע פעדים פון אונזער גייסטיגען לעבען אין דייטשלאנד. פון דייטשלאנד קען מען נאָר נישט ניט האָפען פאר די נ א צ י אָ־נ א ל ע ווידערגעבורט פון די פעלקער. דיזעס פראָבלעם, וועלכעס איז שוין געוואָרען א וועלטבעוועגענדע לעבענספראגע זייט דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, אָבער וואס איהר ענדגילטיגע לעזונג פאר אייראפא האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם איטאליענישען קריעג, דיזע פראגע, וועלכע שטעהט אומעדום און אפילו אין

דייטשלאנד אויף דער טאגעס־אָרדנונג, ווערט אין דייטשלאנד אפילו פון דער דעמאָקראטיע פערשפּאָטעט אלס נאציאנאליטעט־שווינדעל. — אויך די אידישע דעמאָקראטען פערדעכטיגען פראנקרייך און די פעלקער, וועלכע שטיצען זיך אויף פראנקרייך. די פראנצויזען און די פעלקער, וועלכע סימפאטיזירען מיט זיי אין וועלכע נוצען אוים די קייזערליכע דיקטאטור צוליעב פעלקער־בעפרייענדע צוועקען, ווערען זעלבער עקספּלואטירט פון נאפּאָלעאָן צוליעב „פרייהייטס־מערדערישע" צוועקען, — אזוי זאָגט מען אין דייטשלאנד. די דייטשען אָבער, אזוי טענה'ן אונזערע טיעפע דייטשע פּאָליטיקער, — בענוצען זיך מיט זייערע קיסרים און קעניגען, כדי צו קעמפּפען געגען די פראנצויזישע „הערשאפט". מען פערגעסט אָבער, דאס אויב היינט וועט דייטשלאנד בעזיעגען פראנקרייך און איטאליען, וועט מאָרגען דאָס דייטשע פּאָלק זעלבסט שטעהן אונטער פּאָליציי־קאָנטראָל. די אידען אָבער וועט זיין נאָך ערגער, איידער נאָך דעם דייטשען „בעפרייאונגס־קריעג", אין וועלכען זיי האָבען געקעמפּפט מיט דייטשלאנד געגען פראנקרייך, האָבען געשטיצט די רעאקציאָן געגען די פראנצויזישע רעוואָלוציאָן און זיינען דערפאר צום לוין אויסגעשלאָסען געוואָרען פון שטאאטס־לעבען. די דייטשע אידען און דאָס דייטשע פּאָלק פערדיענען אָבער אויך ניט קיין בעסערען שיקזאל, ווען זיי וועלען זיך נאָך אלץ נאָכשלעפּען נאָך דער מיטטעלאלטערליכער רעאקציאָן.

וויסענשאפטליכע שטודיען צוזאמען מיט מיינע פערזענליכע ערפאהרונגען האָבען מיינע שטענדיגע פּאָליטישע סימפאטיען צו פראנקרייך פערשטארקט אין געדאנקען, וועלכע מען קען פאָרמו־לירען אויף פאָלגענדען אופן:

די סאָציאלע לעבענס־אינסטיטוציאָנען זיינען, אזוי ווי די גייסטיגע לעבענס־אנשויאונגען, טיפּישע און אָריגינעלע ראסען־שעפּפענגונגען. די גאנצע ביזהעריגע געשיכטע האָט זיך בעוועגט אין ראסען־קעמפּפען און קלאסען־קעמפּפען. דער ראסענקאמפּף איז דאָס אורשפּרינגליכע, דער קלאסענקאמפּף דאָס סעקונדערע.

די לעצטע הערשענדע ראסע איז געווען די גערמאנישע. — א דאנק דעם פראנצויזישען פּאָלק, וועלכעם האָט ביי זיך זעלבסט איבערוועלטיגט דעם ראסען־אנטאגאָניזם, נאָכדעם ווי עס האָט

געטויטעט די לעצטע הערשענדע ראַסע און איהר קעניג*), א דאַנק דער גרויסער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אין פראנקרייך זעלבסט צושטערט יעדע ראַסענהערשאַפט, דערנעהנט זיך יעצט דער ראַסענ־אַנטאַגאָניזם צו זיין סוף.

מיט דעם ראַסען־אַנטאַגאָניזם הערט אויך אויף דער קלאַסענ־קאַמפף. די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע סאָציאַלע קלאַסען קומט נאָך דער גלייכבערעכטיגונג פון אַלע ראַסען און איז נאָר אַ ווי־סענשאַפטליכע פראַגע פון דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע. נאָך אַ לעצטער ראַסענקאַמפף איז אָבער אונפערמיידליך, ווען די דייטשע פּאָליטיקער וועלען עס ניט פערשטעהן, ווי צו בעקעמפפען די געוואַלדיגע רעאַקציאָנערע שטרעמונג, וועלכע ליגט אין דעם קאָנ־פליקט פון דייטשלאַנד מיט די ראָמאַנישע פעלקער און ציהט אויך אריין די דייטשע דעמאָקראַטען אין דעם דעמאַגאָגישען שווינדעל. שוין צוויי מאָל איז עס אין אונזער יאָהרהונדערט געלונגען דער מיטעלאַלטערליכער רעאַקציאָן, — איינמאָל בשעת דער „בעפריי־אונגס קריעג" און דאָ ניט לאַנג בשעת דעם איטאַליענישען קריעג, — ארויסצורוקען די ראַסאַווע הערשאַפטס־אינסטינקטען פון די גער־מאַנישע קריעגס־אריסטאָקראַטען, וועלכע בעטראַכטען זיך אַלס די הארען פון לאַנד און דאַס פאָלק אַלס די קנעכט, געגען די שטרעבונגען פון דעם דייטשען פאָלק צו פּאָליטישער און סאָציאַ־לער ווידערגעבורט. אין אַ ווייטערדיגען קאָנפליקט צווישען אי־טאַליען און עסטרייך וועט די דייטשע דעמאָקראַטיע ווידער אריינ־פאַלען אין די חוואַליעס פון רעאַקציאָן, און עס וועט ענטשטעהן אַ ראַסענקאַמפף, וואָס זיין סוף קען ניט זיין פאַר אונז צווייפעל־האַפט.

פון דעם לעצטען פעלקערקאַמפף, וועלכען פ ע ר ד י נ א נ ד פ ר י י ל י ג ר א ד האָט אַזוי שעהן געשילדערט אין זיין ליעד „ב י י ם ב י ר ק ע נ ב ו י ם", קען ניט ארויסקומען מעהר קיין נייע ראַסענהערשאַפט, נאָר די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע וועלט־היסטאָרישע פעלקער.

---

*) זעה איבער ראַסענ־קאַמפף און רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך: א ו ג ו ס ט י ן ט י ע ר ר י.

6.

## א שטיק געשיכטע.

פעלקער אזוי ווי אינדיווידועז האבען אין זייער ענטוויקלונגס־גאנג בעשטימטע לעבענסאלטער. ניט יעדעס אלטער איז פאסיג פאר יעדע שטופע פון דער ענטוויקלונג. דאס פערזוימטע איז שווער און אפטמאל אונמעגליך אנצויאגען אין דעם שפעטערען לעבענסאלטער פון די פעלקער.

דייטשלאנד איז אין דער צייט פון דער רעפארמאציאן געשטאנען אויף אזא פאליטיש־סאציאלער הויך, וועלכע האט געוועקט דאס זעלבסט־בעוואוסטזיין צו פאליטיש־סאציאלע רעפארמען, צו רעוואלוציאנען, ווי זיי זיינען שפעטער פארגעקומען אין ענגלאנד און אין פראנקרייך. דאס 16טע יאהרהונדערט איז געוועזען די עפאכע פאר דייטשלאנד'ס ווידערגעבורט. דייטשלאנד האט ווירקליך בעשאפען אין יענער עפאכע א רעפארם, וועלכע האט אבער די נאציאן ניט געאייניגט, נאר די נאציאן אינגוועניג צושפאלטען. די פאליטיש־סאציאלע רעוואלוציאן אויף דער דייטשער נאציאנאלער גרונדלאגע איז דערשטיקט געווארען אין בלוט פון די דייטשע בויערן.

אויב די ערהויבונג פון די דייטשע בויערען וואלט ניט אזוי שענדליך פערראטען געווארען פון די גדולים פון דער דייטשער קולטור און ציוויליזאציאן, דאן וואלט דאס דייטשע פאלק שוין דאמאלס גענומען זיין רעגעלמעסיגען ענטוויקלונגס־גאנג אין מאדערנעם לעבען און וואלט געבליבען אן דער שפיץ פון די איבריגע אייראפעאישע קולטור־פעלקער. די מאכט פון דעם „דייטשען שווערד" וואלט זיך פערוואנדעלט אין די איידעלערע און העכערע מאכט פון דעם מאדערנעם דייטשען גייסט און פליים. דאס זעלבע פאלק, וועלכעס האט געשטירצט די אמאליגע וועלט־הערשאפט פון רוים, כדי צו פארנעהמען איהר ירושה אלס מיטעל־אלטערליכע פעאדאלע מאכט, וואלט יעצט געגעבען דער וועלט דעם ערשטען סיגנאל פאר דעם שטורץ פון זיין אייגענער, דער לעצטער ראסען־הערשאפט. דער שיקזאל האט אבער געוואלט אנ־

דערש. דאָס לעצטע אויסערוועהלטע פאָלק האָט אזוי ווי דאָס ערשטע געמוזט בעצאָהלען טהייער פאר זיין היסטאָרישעם פּריווילעגיום, איידער עס איז געוואָרען ווירדיג אריינצוטרעטען אין דעם בונד פון דער מענשהייט, וועלכער שטיצט זיך אויף די גלייכבערעכטיגונג פון אלע פעלקער.

די אויסערליכע און איינצעלנע אורזאכען, דורך וועלכע עס איז צובראכען געוואָרען די דייטשע רעוואָלוציאָן, זיינען בעקאנט. קאָרל דער פינפטער, וועלכער האָט געוואָלט פערווירקליכען דעם חלום פון אן אוניווערסאלער דייטש־רוימישער מלוכה, בשעת דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין האָט אָנגעהויבען צו ערוואכען ביי די וועלט־היסטאָרישע פעלקער, דיזער דייטשער קיסר איז געווען נאָר זעהר ווייניג א דייטשער. צוליעב א פאַנטאַסטישען חלום האָט ער זיך ענטזאגט פון דער פּאָליטיש־סאָציאלער און רעליגיעזער רעפאָרם, וואָס דורך איהר וואלט ער געקענט אויפהויבען דייטשלאנד צו א מאָדערנעם איינהייטס־שטאָאַם, וואָלט עס געקענט בעפרייען פון צושפּליטערונג, וואָלט זיך זעלבסט געקענט געבען א פאָלק און דעם פאָלק א קיסר, אין קורצע ווערטער, וועלכער האָט געקענט בעשאַפען א מאָדערנעם שטאָט צום וואָהל פון אלע מאָדערנע פעלקער, וועלכע האבען געשטרעבט צו נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט, און צום שרעק פון זייערע מיטעלאלטערליכע קריעגס־הארען. דער קיסר האָט אבער געפיהרט צו דעם ענטגעגענגעזעצטען רעזולטאַט. דער אדעל האָט זיך געקענט מאכען אונאבהענגיג פון קיסר, ווארים ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אן די רעליגיעזע בעוועגונג, און דער אדעל האָט זיך געמאכט אונאבהעהנגיג פון פאָלק, ווארים ער האָט צעדריקט די פּאָליטיש־סאָציאלע בעוועגונג. דיזעס אַנטי־נאַציאָנאַלע ווערק איז געפיהרט געוואָרען ניט נאָר א דאַנק דער פאַלשער פּאָליטיק פון דעם דייטשען קיסר, נאָר אויך א דאנק דער פּאָליטישער אונפעהיגקייט פון דעם דייטשען רעפאָרמאַטאָר. ל ו ט ע ר האָט עס געפונען אין זיין בעשרענקטקייט פאר ווייניגער געפעהרליך, זיך אָנצושליסען אן דעם אדעל, איידער אן דאָס פאָלק, און האָט צום סוף פערראַטען די בויערען, אזוי ווי אונזערע דייטשע דאָקטרינערען פערראַטען דאָס פאָלק, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אן ערנסטער דעמאָקראַטישער בעוועגונג. פון דעסטוועגען וואָלט די דייטשע רעוואָלוציאָן געזיעגט, ווען ניט די שטעדט, וואָס זייערע

איינוואהנער, די בירגער, האָבען דאָך אייגענטליך געדארפט זיין פעראינטערעסירט אין דעם שטורץ פון דער פעאָדאלער הערשאפט, וואָלטען ניט געווען אזוי ענג־הערציג און דערשראָקען און וואָלטען פערשטאנען די גרויסע נאציאנאלע בעדייטונג פון דעם בויערען־קריעג און וואָלטען אויסגעקעמפפט זייער אייגענעם נוצען. אנ־שטאט דעם האָבען זיי פערראָטען די בויערען צו דעם אדעל. נאָכ־דעם אבער ווי די בירגער האָבען פערראטען די בויערען צו זייערע שונאים, נאָכדעם ווי דער דייטשער רעפאָרמאטאָר האָט די בויערען בעשימפפט, דער קיסר האָט זיי פערלאָזען, זייערע קריעגס־הארען האָבען זיי אויסגעשלאָכטעט, האָבען די דייטשע בויערען זיך געמוזט אבזאגען פון זייער ווערק. און די ווידערגעבורט פון דייטש־לאנד איז דערשטיקט געוואָרען אין איהר אָנהויב. דאָס דייטשע פאָלק איז באלד אראבגעפאלען פון זיין הויך. לוטער האָט דאָס געזעהן און האָט עס וויינינגסטענס אויסגעשפּראָכען. פערשטאנד האָט די דייטשע דאָקטרינערען אייגענטליך קיינמאָל ניט געפעהלט.

אין דעם דרייסיג יאָהריגען קריעג האָבען די בעסטע עלעמענ־טען פון דייטשען פאָלק געמוזט אויספיהרען איבער זיך זעלבסט דעם טויט־אורטייל, וועלכען זיי האָבען אויסגעשפראכען געגען זיך זעלבסט דורך די אבפאלונג פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן. זיי האָבען שפּעטער אפשר נאָך געקענט טעאָרעטיש פערשטעהן, דאָס די וועלט־געשיכטע איז דאָס וועלט־געריכט. אָבער זיי האָבען ניט געקענט מעהר אבווענדען דאָס געריכט פון זיך זעלבסט. אין דער צייט פון דער ענגלישער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אויפגעהויבען אונזער שטאָלצעם נאכבאר־פאָלק אויף די הויך פון דער קולטור און ציוויליזאציאָן און איז געוואָרען די אורזאכע פון זיין הייננטי־גער וועלט־מאכט, איז דייטשלאנד צו גרונד געגאנגען אין בלוט און קויט. אויך די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אלע אייראָפּעאישע פעלקער געלערנט דעם קאמפף פאר פרייהייט, האָט געבראכט דייטשלאנד נאָר די שטונדע פון פרעמד־הערשאפט און רעאקציאָן, וועלכע האָט ניט געקענט געשטירצט ווערען אפילו דורך די רעוואָלוציאָנען פון 1830 און 1848. אזוי ווי אין דער צייט פון דער ערשטער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן האָבען די דייטשע ליטעראטור און פילאָזאָפיע, וועלכע זיינען דאמאָלס גע־שטאַנען אין זייער בליטע, ניט פערמאָגט צו בעשיצען דעם שאטען

פון דער דייטשער מלוכה פון פאָלשטענדיגער פערניכטונג, אזוי קענען נאָך היינט ניט אלע אונזערע רעדנער, שרייבער און זינגער עלעקטריזירען דעם פאָליטישען מת, וואָס זיין נשמה איז אויסגע־הויכט געוואָרען אין דעם אונגליקליכען בויערען־קריעג. פּאָפּולערע גייסטער און פאַטריאָטישע האראקטערען פאלען ניט אראב פון הימעל ווי א רעגען, זיי האָבען זייערע ווארצלען אין די טיעפענישען פון פאָלק און זיין געשיכטע. ווען די געשיכטע פון א פאָלק ווערט געשטערט אין איהר ענטוויקלונג, ווען דאָס פאָלק זעלבסט ווערט צודריקט אין זיין גרויסארטיגער פאָרווערטס־שטרעבונג, דאַן ווערט אויסגעלאָשען דער פאָליטישער געניוס פון פאָלק. דאָס איז יעצט די לאַגע פון דייטשלאַנד. אין דער צייט פון דעם בויערן־קריעג וואָלט דאָס דייטשע פאָלק געקענט ארויסברייינגען שטאאטס־מענער, וועלכע וואָלטען אין זיך פעראייניגט מאָדערנעם גייסט און פאַט־ריאָטיזם. היינט פעהלט דעם דייטשען פאָלק דער געמיינזאַמער באָדען און דער טראַדיציאָנעלער שטאָף. אלע זכרונות פון דייטש־לאַנד'ס גרויסקייט געהערען צו דעם מיטעלאַלטער און צו די אור־וועלדער. זיין גאַנצער היינטיגער פאַטריאָטיזם איז רעאַקציאָנער און האָט ניט קיין באָדען אין פאָלק. א מאָדערנעם דייטשעם פאָלק עקסיסטירט נאָך ניט, ווארים עס האָט נאָך ניט געקענט דורכגע־פיהרט ווערען קיין מאָדערנע דייטשע בעוועגונג. אָהן ווידער־אויפלעבונג איז ניטאָ קיין פאָלק, אָהן פאָלק איז ניטאָ קיין פאַט־ריאטיזם אין מאָדערנעם זין. דער היינטיגער דייטשער פאַטריאַ־טיזם, וועלכער דריקט זיך אויס אין זידלען די אלע דייטשע שכנים, ווארים ער האָט ניט קיין מוטה און קיין טאלאנט צו פערווירקליכען די אייגענע רעגענעראַציאָן, איז פאָלשטענדיגער שווינדעל. דייטש־לאַנד זיפצט ניט אונטער דעם דרוק פון א פרעמדהערשאפט, וועלכע מען וואָלט געוואָלט בעשאפען, כדי צו געפינען אַן אורזאַכע פאַר א פאָלקס־ערהויבונג אָהן די אינוועענדיגע ארבייט פון דער אייגענער ווידעראויפלעבונג. דייטשלאַנד איז קראַנק פון זיין ערמאָרדעטער רעוואָלוציאָן, עס קען ניט מאכען היינט ביי זיך, אָהן די הילף פון די פאָרטגעשריטענע אייראָפּיאישע פעלקער, אַן אייגענע רעוואָלו־ציאָנערע בעוועגונג, וועלכע עס האָט צו שאַנדע געמאַכט אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן, און געגען וועלכע עס האָט געקעמפפט אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. אויב די

דייטשען זיינען צו שטאָלץ, צו געהן האנד אין האנד מיט יענע פעלקער, וועלכע האָבען זיך בעפרייט אָדער ווילען זיך בעפרייען פון דער קריסטליך־גערמאנישער, מיטעלאלטערליך־פעאָדאלער הער־שאפט, מוזען זיי זיין אונטערגעווארפען אונטער די מיטעלאַלטער־ליכע רעאַקציאָן, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט אראבווארפען אין דער ריכטיגער צייט. די לעצטע געלעגענהייט פאר א פאָלקס־ער־הויבונג אין נאציאָנאלען זין האָט נאָר געהאלפען דעם זיעג פון דער רעאקציאָן, ווארים דער קריעג געגען פראנקרייך איז שוין לכתחילה געווען א קאמפף פון דעם רעאקציאָנערען אייראפא געגען די פראנצויזישע רעוואלוציאָן. אויב היינט וואָלט דייטשלאנד וויע־דער פערוויקעלט געווארען אין א קריעג מיט דעם אויסלאנד, וואָלט א זיעג פון דער דייטשער ארמעע געווען גענויס א זיעג פון דער רעאקציאָן, בפרט נאָך וואס ניט די דייטשען וואלטען געקעמפפט פאר אונאבהענגיגקייט. אזוי טיעף זיינען מיר געזונקען, דאָס מיר מוזען בעגריסען דאָס אונגליק פון אונזער ארמעע אלס א גליק. — „די וועלט־געשיכטע איז דאָס וועלט־געריכט". פאר אונזער פער־ברעכען אין 16־טען יאָהרהונדערט מוזען מיר נאָך היינט בעצאהלען. ווער קען פאָראויסזאגען די קאטאסטראָפען פון אונזער צוקונפט, ווייל אונזער מאָדערנע ענטוויקלונג איז דערשטיקט געווארען אין איהר אָנהויב? געוויס וועט יעדער פעלקער־קאמפף, וועלכער וועט זיך היינט פאנאנדערברעכען פאר די נאציאנאלע אונאבהענגיגקייט, ענדיגען מיט דער גלייכבערעכטיגונג פון אלע פעלקער און אפילו פון די פעלקער, וועלכע וועלען קעמפפען דאגעגען. אבער דורך וועלכע מיטעל וועט דערגרייכט ווערען דיזעס ציעל, וועלכער פריעדליכער אָדער קריעגליכער דייטשער פאטריאט וואגט עס נאָר צו קלערען מכח דעם?

די צייטען פון דער ראסען־הערשאפט זיינען פאראיבערגעגאנגען. אויף דאָס קלענסטע פאָלק, מעג עס געהערען צו דער גערמאנישער אָדער ראמאנישער, צו דער סלאווישער אָדער פינישער, צו דער קעלטישער אָדער סעמיטישער ראסע, ווי באלד עס פאָדערט זיינע רעכטע אויף א פלאץ צווישען די קולטור־היסטאָרישע פעלקער, קען עס רעכענען אויף די סימפאטיען פון די אלמעכטיגע וועסט־ליכע קולטור־פעלקער, וועלכע האָבען היינט געפונען אין דעם ווידער־אויפגעלעבטען איטאליענישען פאָלק א טרייען בונדעס־גענאָסען.

אזוי ווי די פאטריאטען פון אלע אנדערע אונגליקליכע פעלקער, קענען אויך די דייטשע פאטריאטען נאר אין א אויפריכטיגען בונד מיט דיזע פארטגעשריטענע און מעכטיגע פעלקער פון דער ערד דערגרייכען דאס ציעל פון זייערע שטרעבונגען. אויב זיי וועלען אבער זיך זעלבסט און דעם דייטשען פאלק איינרעדען די פאלשע חלומות וועגען דער מאכט און הערליכקייט פון דעם „דייטשען שווערד", — דאן וועלען זיי פערגרעסערען די אלטע זינד מיט נאך א נייער זינד, זיי וועלען ארבייטען פאר די רעאקציאן און וועלען אריינציהען אין איהר פערדערבען גאנץ דייטשלאנד.

---

## נאטע 1.

אין תלמוד אזוי ווי אין מדרש ווערט די גאולה פון דעם אידישען פאלק צוגעשריבען צו דער ריינקייט און טרייקייט פון די אידישע פרויען, וועלכע האבען זייער נאציאן ניט פערלייקענט. עס ווערט בעזונדערס אונטערשטריכען, דאס די אידען האבען אין מצרים ניט געביטען זייערע נעמען און זייער שפראך און זיינען דערפאר מעהר ראוי געווען, אויסגעלעזט צו ווערען, איידער אין שפעטערע צייטען: מ"ר במדבר פ׳כ׳, שה"ש, ויקר׳ פ׳ ל"ב. לא שנו את שמן, ראובן ושמעון נחתון ראובן ושמעון סלקין, לא קורין ליהודה רופס, ולא לראובן לוליאני, ולא ליוסף לוסטוס ולא לבנימין אלכסנדר וכו׳.

אפילו אונזער גרעסטער נביא און מחוקק ווערט געטאדעלט דערפאר, וואס ער האט זיך ביי יתרו אין מצרים ניט ארויסגעגעבען פאר א איד. דערפאר איז ניט דערפילט געווארען זיין בקשה מקובר צו ווערען אין הייליגען לאנד. פערקעהרט אבער זיינען די ביינער פון יוסף, וועלכער האט ניט פערלייקענט זיין אידישע אבשטאמונג, געבראכט געווארען אין ארץ ישראל און דארט מקובר געווארען.

מ"ר ואתחנן: אמר לפניו רבש"ע עצמותיו של יוסף נכנסו לארץ ישראל ואני איני נכנס לארץ, אמר לו הק"בה, מי שהודה בארצו, נקבר בארצו, ומי שלא הודה בארצו, אינו נקבר בארצו. יוסף הודה בארצו, מנין? גבירתו אומרת: ראו הביאו לנו איש עברי וגו׳, ולא כפר, אלא גנב גנבתי מארץ העברים, ונקבר בארצו וכו׳. אתה שלא הודית בארצך, אין אתה נקבר בארצך, כיצד? בנות

יתרו אומרות, איש מצרי הצילנו מיד הרועים והוא שומע ושותק, לפיכך לא נקבר בארצו.

## נאָטע 2.

דער שטיץ־פּונקט אויסערהאַלב פון דער וועלט, וועלכער איז פאראַן אין דער אידישער געשיכטס־רעליגיאָן אַזוי ווי אין דער אַלט־אינדישער נאַטור־רעליגיאָן, איז דער פערבינדונגס־פּונקט פון דער אידישער און היידנישער, פון דער סעמיטישער און אינדאָ־גערמאַנישער וועלט־אַנשויאונג, די זריעה, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסען די מיטעלאַלטערליך־קריסטליכע און די מאָדערן־וויסענשאַפטליכע לעבענס אַנשויאונג. — אין דיזען פּונקט פאַלען צוזאַמען דיביידע גרויסאַרטיגע גייסטעסריכטונגען פון די צוויי וועלט־היסטאָרישע מענשען־ראַסען. דאָ טרעט אויך אַרויס זייער עהנליכקייט און זייער אונטערשיעד. זיי ביידע האָבען פון אָנהויב אָן דערקענט און האָבען עס אויסגעשפּראָכען אין זייער עלטעסטער ליטעראַטור, דאָס די לעבענס־פערהעלטניסע, אין וועל־כע דער מענש געפינט זיך, זיינען אונווירדיג און בעדאַרפען די ערלעזונג, ווי באַלד נאָר דער מענשליכער גייסט איז ערוואַכט. זיי חלום'ען ביידע פון אַ גאָלדענעם צייטאַלטער, וועלכען זיי טראָגען אַריבער אין די פערגאַנגענהייט, פון אַ פערלאָרענעם גן־עדן, וועלכען זיי ווילען נאָכאַמאָל געפינען. דער קאַמפף פון די ווילדע קרעפטען, מיט וועלכען עס הויבט זיך אָן די געשיכטע פון דער מענשהייט, איז להיפּך צו דעם הומאַנעם ווענזען, וועלכעס ענטהאַלט שוין אין זיך דעם זאַמען צו דער האַרמאָנישער איינהייט פון דעם לעבען, צו דעם לעצטען ציעל פון דער סאָציאַלער ענטוויקלונגס־געשיכטע. אין דער ענטהאַלטזאַמקייט פון די פערגניגונגען פון לעבען, וועלכע מען קען בעקומען נור דורך דאָס עלענד און דעם טויט פון די אונז נאָהענטע ברואים, זעהען די הייליגע שריפטען פון די ביידע וועלט־היסטאָרישע מענשען־ראַסען דעם מיטעל צו הייליגקייט, צו ערלע־זונג. פאַראַן אָבער אַן אונטערשיעד צווישען דיזע ביידע וועלט־אַנשויאונגען. ביי דער אינדאָ־גערמאַנישער ראַסע, וואָס איהר פּאַ־סיווער גייסט איז ניט געאייגנעט פאַר די זעלבסטשטענדיגע אַריינ־מישונג אין די געשיכטע פון דער מענשהייט, האָט זיך דיזע ענט־

האלטזאמקייט פערוואנדעלט אין א פאַלשטענדיגע אבזאגונג און פערלייקענונג פון לעבען (בראמיזמוס און בודיזמוס). די אידען אָבער האָבען פון אָנהויב אָן און דורך דעם שטורם פון זייער גע־שיכטע דערקענט זייער בערוף דארין, וואָס זיי האָבען געהאַלטען הייליג ניט נאָר דאס אינדיווידועלע, פון דער נאַטור געגעבענע, דאָס הייסט ניט נאָר דאָס אָרגאַנישע, נאָר אויך דאָס סאָציאַלע לעבען פון דער מענשהייט. זיי האָבען געוואָלט אקטיוו העלפען די ענטוויקלונג פון דער מענש־הייט און זי פאַרבערייטען פאר דעם מלכות המשיח, וועלכער איז אין הארמאָניע מיט דעם געטליכען וועזען, וואָס האָט זיך נתגלה געווען צו זייער גייסט.

די אלט־אינדישע וויזהייט האָט אין אונזער יאָהרהונדערט געפונען איהר ריינסטען אויסדרוק אין אַן עבטען דייטש, אין שאָפּענהויער. אין דער קריסטליך־גערמאנישער וועלט איז שאָפּענהויער דער פאַלשטענדיגער היפך פון העגעל. העגעל האָט ארויסגעבראכט די געשיכטליכע, גענעטישע וועלט־אנשויאונג, דאָס מיינט די אידישע. העגעל זעהט אָבער נאָר אין קריסט־ליכען זין די ענטוויקלונג פון דעם גייסט, און דערמיט האָט ער וועניגסטענס די קאָנקרעטע אידישע געשיכטס־רעליגיאָן דערהויבען צו אַן אבסטראקטער גייסטעס־פילאָזאָפיע. שאָפּענהויער אָבער האָט געלייקענט אין די גאנצע געשיכטס־רעליגיאָן און דערמיט אויך אין די גאנצע געשיכטליכע ענטוויקלונג און אין דאָס גאנצע לעבען, אין זיין אידעאַלער זייט אזוי ווי אין זיין רעאַלער. דורך דיזען ניהיליזם, וועלכער איז געווען דער יסוד פון דער גאנצער אינדא־גערמאנישער וועלט, און האָט געשטאמט פון זייער ראסע, איז שפּעטער די נאַטור־רעליגיאָן צושטערט געוואָרען. פער־קעהרט, די געשיכטליכע לעבענס־אנשויאונג פון יודענטום, וועלכע איז ארויסגעגאנגען פון דעם ניהיליזם פון דער נאַטירליכער וועלט, אָבער האָט ניט פערלייקענט דעם הומאנעם שעפּפער אין דער גע־שיכטע, האָט פערמאָגט אריינצובריינגען א טרייסטפולע לעבענס אנשויאונג אין די חורבות פון דער זיך זעלבסט פערניכטענדער וועלט דורך די האָפנונג אויף די צוקונפטיגע ווידערגעבורט.

ווען מען נעהמט אָן צוזאמען מיט שאָפּענהויער און די אינדא־גערמאנען, אז דאָס שעפּפערישע וועזען איז נאָר אַן עלעמענטאַר־

קראפט, און ניט דער שעפערישער געניוס פון דער גאנצער גע־שיכטליכער ענטוויקלונג אין דער נאטור און דער מענשענוועלט, דאן איז די וועלט נאך דער פראדוקט פון א קראפט, וועלכע איז זיך זעלבסט סותר און וואס איהר שטרעבונג אהן א ציעל, איהר „ווילען צום לעבען", ווי שאפענהויער זאגט, קען דעם מאראלישען און גייס־טיגען מענשען ניט ברייגנען קיין שום בעפרידיגונג. נאך די גע־שיכטס־רעליגיאן, וועלכע זעהט אין דעם קאמפף פון די נאטור־קרעפ־טען, אזוי ווי פון די אינדיווידוען און די פעלקער, ע נ ט וו י ק־ל ו נ ג ס ־ ש ט א פ ע ן און טראגט אין זיך די זיכערקייט פון דעם נצחון פון דער געטליכקייט, נאך די געשיכטס־רעליגיאן האט עס ניט נויטיג, זיך אבצוזאגען פון לעבען, כדי צו דערגרייכען א היי־ליגקייט, וועלכע איז אליין אייגענטליך ניט מעהר ווי דער קאנטעמ־פלאטיווער (בעשויענדער) עגאאיזם. יעדע שטרעבונג צו א בעסע־רען לעבען, מעג עס אויפגעפאסט ווערען אלס א רעאלעם אדער אידעאלעם, אלס א ד י ע ס ז י י ט י ג ע ס אדער י ע נ ז י י־ט י ג ע ס, קומט פאר דעם קאנטעמפלאטיווען עגאאיזם ווי א ריינער שטות. דורך די שטרעבונג בכלל ווערט, לויט דיזער וועלט אנשויאונג, נאך פעראייביגט דער ווילדער, עלעמענטארער, ניט־ארגאנישער גייסטלאזער קאמפף. דיזע מאטעריאליסטישע אנטי־היסטארישע אנשויאונג איז אין אלע סאציאלע בעוועגונגען קאנ־סערוואטיוו אדער רעאקציאנער. שאפענהויער האט איבערגעלאזען זיין פערמעגען צו די בערלינער סאלדאטען, וועלכע האבען גע־קעמפפט געגען דאס פאלק אין 1848. ער איז אין הסכם נאך מיט דער נ ע ג א ט י וו ע ר זייט פון קריסטענטום, מיט דער קריסט־ליכער פעראכטונג פון דעם „געגענווערטיגען" לעבען, וואס דערמיט אונטערשיידעט זיך דאס קריסטענטום פון יודענטום. אבער ער איז ניט אין הסכם מיט דער קריסטליכער פערהערליכונג פון דער צוקינפטיגער ווידערגעבורט, וואס דערמיט האט דאס קריסטענטום צוגעצויגען דאס היידענטום צו דער אידישער געשיכטס־רעליגיאן און האט שלום געמאכט מיט דעם לעבען.

איבריגענס פערשטעהען מיר, דאס יענעס קאנטעמפלאטיווע (בעשויענדע) וועזען, וועלכעס לייקענט דעם ווילען צום לעבען, מאכט דעם מענשען אין א הויכער מדרגה פעהיג צו קינסטלערישע שעפפונגען און צו דעם גענוס פון דיזע שעפפונגען. פערקעהרט

אָבער איז דער וועג פון די מענשען, וועלכע האָבען אויף זיך גענו־מען דעם עול מלכות שמים, דאָס הייסט דעם בערוף איבערצואַנ־דערשען דאָס סאָציאַלע לעבען נאָך דעם געטליכען פּלאַן, דער וועג פון דיזע מענשען איז ניט אויסגעבעטעט מיט רויזען.

## נאָטע 3.

אין יאָהר 1858 איז ביי אָטטאָ וויגאַנד אין לייפּציג ערשיענען א שריפט אונטער דעם נאָמען: „צוויי געשפּרעכען מכח דעם ארויסטריט פון יודענטום, ארויסגערופען דורך דעם בריעף־וועקסעל פון דאָקטאָר אבר הם גייגר מכח דיזער פראַ־גע“. דער פערפאַסער בעמיהט זיך צו בעווייזען, דאָס די ראיות פון דאָקטאָר גייגר זיינען ניט ריכטיג, ניט פון פילאָזאָפישען און ניט פון סאָציאַלען שטאַנדפּונקט. דאָס זיינען זיינע „סאָציאַלע“ ארגומענטען:

”מיין פריינד, עס זיינען פאַראַן זאכען, וועלכע מען קען ניט גלאַט אריבער געהן. עס קען זיין, דאָס די בירגערליכע פרייהייט האָט אראבגענומען פון די אידישע געשטאַלטען דעם שטעמפּעל פון קנעכטשאַפט, וועלכען די יאָהרהונדערטען פון דרוק האָבען אויף זיי ארויפגעלעגט. עס קען זיין, דאָס זייער גאַנג האָט זיך שוין דורך דעם זיעג און שוין אין קאַמפף פאַר דער פרייהייט אויסגעגליכען און איז געוואָרען שטאָלצער, דאָס זייער שטערען האָט אָנגעהויבען ליכטיגער צו שטראַהלען. עס קען זיין, דאָס דער אַלגעמיינער גייס־טיגער אויפשוואונג האָט אויך ארויסגעבראַכט צווישען די אידען, וועלכע האָבען פריהער קוים נאָך געקענט רעדען פערשטענדליך דייטש, פּאָעטען און שריפטשטעלער, וועלכע די דייטשע נאַציאָן האָט באַלד געמוזט צורעכענען צו די בעסטע, אבוואהל מיט א געוויסען געפיהל פון געגענשטרע־בונג און ערשטוינען. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אונטער דער פערוואונדערונג פון דעם יעצטיגען דור. פון דעסט־וועגען שטעהט נאָך אַלץ פעסט די אַלטע שיידע־מויער, און די טויע־רען זיינען געבליבען פערשלאָסען עד היום מיט קייטען און ריגעל. ווארים דער שומר, וועלכער האָט זיי געהיט, האָט ניט געקענט לייכט איינגעשלעפערט ווערען. דאָס איז די ראַסען־פערשיעדענהייט

צווישען דער אידישער און דער קריסטליכער (דייטשער) בעפעל־קערונג. אויב מיין בעהויפטונג וועט אייך פערוואונדערען, בעט איך אייך א קלעהר טאָן מכח דעם, דאס ראסענפערשיעדענהייטען רופען אומעדום (ביי די גערמאנען) ארוים געגענזעצען, געגען וועלכע פילאנטראָפישע דעקלאמאציאָנען זיינען מאכטלאָז. צווישען דער דייטשער און סלאווישער בעפעלקערונג אין בעהמען, אין אונגארן און זיעבענבירגען, צווישען דער דייטשער און דער דענישער בע־פעלקערונג אין שלעזוויג, צווישען דער אלט־אירלענדישער בעפעל־קערונג פון אירלאנד און די אנגלא־זאקסען, זיינען נאָך ביז צום היינטיגען טאָג די נאציאנאלע און די ראסאווע געגענזעצען אזוי לעבהאפט און שטארק, דאָס מען קען גאָר ניט קלעהרען מכח דער סאָציאלער פעראייניגונג פון דיזע ענטגעגענגעזעצטע עלעמענטען. די ראסען־פערשיעדענהייט צווישען גערמאנען און סלאווען איז דאָך אָבער א קלייניגקייט, פערגליכען מיט דער פערשיעדענהייט צווישען די קינדער פון די בני יעקב, וועלכע זיינען געקומען פון וויטען אזיען, און די קינדער פון טייט און הערמאַן דעם הערוס־קער, וועלכע לעבען שוין זייט אונענדליכע צייטען אין דעם הארץ פון אייראפא. עס איז דאָך א גרויסער אונטערשיעד צווישען די שטאָלץ־בליקענדע הויכע מענער־געשטאַלטען מיט בלאָנדע האָר און די בעוועגליכע קליין־געוואקסענע מענשען מיט שווארצע האָר און מיט אזיאטישע פנים'ער. ראסען, וועלכע זיינען אויף אזא אופן פערשיעדען צווישען זיך, האָבען א אינסטינקטיווע אבשטויסונג צו איינאנדער, וואס אלע שכל'דיגע טענות זיינען מאכטלאָז געגען איהר.“

דאָס איז וועניגסטענס אן אויפריכטיגע שפראַך. זי בעווייזט אפילו ניט, וואס דער פערפאסער וויל בעווייזען, ווארים די קריסט־ליכע טויפע מאכט דאָך ניט פון דעם דייטשען א איד. אָבער זי גיט צו, דאָס דער אינסטינקטיווער ראסען־אנטאגאָניזם איז אין דייטשלאנד נאָך שטארקער, איידער יעדע שכל'דיגע חקירה. די „ריין־מענשליכע נאטור“ איז דאָ פערוואנדעלט געווארען אין די נאטור פון דעם ריינעם גערמאניזם. די „בלאָנדע הויכע געשטאל־טען“ קוקען אראָב אויף די ווידער־אויפלעבונג פון די בעוועג־ליכע קליין געוואקסענע און מיט שווארצע האָר מיט א געפיהל פון

„געגענשטרעבונג און ערשטוינען“. בשעת די וועסטליכע קולטור־פעלקער דערמאנען נאָר מיט פעראכטונג דעם שענדליכען דרוק, אונטער וועלכען אידען האָבען אמאָל געלעבט צווישען זיי, רעדט דער דייטש נאָר פון דעם „שטעמפּעל פון קנעכטשאפט“, וועלכען ער האָט אמאָל ארויפגעלעגט אויף די „אידישע געשטאלטען“.

אין א פעליעטאָן, וועלכער איז ניט לאנג צוריק ערשיענען אין דער באננער צייטונג: "באָנן מיט אכציג יאָהר צוריק", ווערט געשריבען מכח די אידען, דאָס זיי האָבען געלעבט אין א בעזונ־דערער גאָס און האָבען זיך אומעדום ערנעהרט פון שאכער. — איך גלויב, דאָס מען דארף זיך וויניגער וואונדערן, דאָס די אידען האָבען דאמאָלס געלעבט פון שאכער, איידער דאָס זיי האָבען איבערהויפּט געקענט לעבען אין יענע יאָהרהונדערטען פון דרוק. — אלע עקסים־טענץ־מיטלען און אפילו דאָס וואהנרעכט זיינען ביי זיי גערויבט געוואָרען. דורך שוץ־געלדער האָט זיך יעדע אידישע גענעראציאָן און געמיינדע געמוזט שטענדיג אויפ'ס ניי קויפען דאָס „פּריווילע־גיום“, ניט צו פערטריבען ווערען פון איהר וואהנרעכט. זי איז געוועזן גליקליך, ווען זי איז, ניט קוקענדיג אויף דעם פערטראג, ניט בערויבט אָדער פערטריבען געוואָרען אָדער פון דעם פאנאטישען פאָלק ניט גע'הרג'עט און געמאָרדעט געוואָרען. — אויך איך וויים א מעשה פון „פאר אכציג יאָהרען“. — א איד האָט נושא חן געוועזן ביים קורפירסט פון באָנן. מען האָט איהם ערלויבט זיך אויסבעטען א גנאָד, און ער האָט זיך אויסגעבעטען פאר זיך און זיינע קינדער די ערלויבניס צו וואָהנען אין ענדענוק (ענדענוק אין א דאָרף לעבען באָן).

## נאָטע 4.

גבריאל ריססער איז, אויף וויפיעל איך קען מיר דערמאָנען, אין זיין צייטשריפט „דער יודע“, קיינמאָל ניט אריינ־געפאלען אין דעם טעות פון די מאָדערנע דייטשע אידען, וועלכע זעהען א סתירה צווישען דער אידישער גלייכבערעכטיגונג און דעם קולט פון דער אידישער נאציאָנאליטעט. ער האָט געפאָ־דערט די אידישע גלייכבערעכטיגונג נאָר פאר די פּאָליטישע און

בירגערליכע פליכטען, וועלכע די פּאָליטישע און בירגערליכע רעכט פערלאַנגען.

נעהמען מיר אָן דעם פאַל, דאָס די אידען האָבען ניט נאָר א נאציאָנאַלען קולט, נאָר ווירקליך א לאַנד און אַ שטאַאט, און דאָס פיעלע מיטגליעדער פון זייער נאציאָן, אזוי ווי דאָס איז דער פאַל מיט פיעלע אַנדערע פעלקער, האָבען זיך זייט יאהרהונ־דערטען בעזעצט אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, איטאַליען; וואָלטען דיזע לענדער אָבגעזאָגט זיי די פולע בירגערליכע רעכט, די גרויסע נאַטוראַליזאציאָן, ווען זיי וואָלטען פאַר זייערע בירגערליכע און פּאָליטישע פליכטען געפאָדערט די פולע בירגערליכע רעכט? — איז דען ניט גענוג אין א לאַנד געבאָרען צו זיין, אָדער אפילו אויסדריקען דעם וואונש צו ווערען אַ בירגער, כדי אין איניגע יאָהר צו בעקומען דאָס בירגער־רעכט? — אין הויך־ציוויליזירטע לענדער איז דאָס א זעלבסטפערשטענדליכע זאַך. אין דייטשלאַנד נאַטירליך ניט. אין דייטשלאַנד מוז דער זייט יאהרהונדערטען איינגעזעסענער איד פערלייקענען זיין ראַסע, זיין נאציאָן, זיין געשיכטע, זיין טיפּ, זיין טעמפּעראַמענט, זיין כאַראַקטער, כדי אריינגענומען צו ווערען אין שטאַאט. ניין, ניט אין אַ שטאַאט, נאָר אין א פאָלק, וועלכעס וועט זיך קיינמאָל ניט אויפהויבען צו א מאָדערנעם שטאַאט, זאָלאַנג עס וועט ניט איבערוועלטיגען זיינע ראַסאָווע פאָראורטיילען! — אַזעלכע פאָראורטיילען און ראַסאָווע הערשאַפטסגעפיהלען האָבען די אידען קיינמאָל ניט געהאַט. די תורה גיט אַלעמען גלייכבערעכטיגונג, דעם אידען אקוראַט ווי דעם גר, וועלכער וואָהנט אין דעם אידישען לאַנד.

## נאָטע 5.

אין דער צייט ווען מענדעלסאָן האָט געלעבט אין דייטשלאַנד, איז אין פּוילען אויפגעטרעטען ר' ישראל בעל שם. ער האָט אזוי וועניג ווי מענדעלסאָן געוואָלט גרינדען אַ סעקטע, אָבער אזוי ווי דורך מענדעלסאָן זיינען אין דייטשלאַנד ענטשטאַנען די רעפאָרמאַטאָרען, זיינען אין די סלאַווישע לענדער דורך ר' ישראל בעל שם ענט־

שטאנען די חסידים. — א חסיד מיינט א זעהר פרו־
מער איד. חסידים זיינען שטענדיג געווען אין יודענטום.
אזוי ווי נאך פאר ר׳ ישראל זיינען געווען בעל שם טוב׳ס, דאס
הייסט אידען, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט קבלה און האַ־
בען געהאט פיעלע אנהייננגער. — די אידען האבען זיך בעטייליגט
אן דער קולטור פון די פעלקער, צווישען וועלכע זיי האבען גע־
לעבט, ווי למשל אין שפאניען, און זיינען דאך ניט געווען קיין
רעפארמאטארען; נאר די דייטשע אידען זיינען דאס געווארען
נאך מענדעלסאן, בשעת זיי האבען זיך אנגעהויבען צו בעטיילי־
גען אן דער דייטשער קולטור. אויב נאך מענדעלסאן און ר׳
ישראל בעל שם טוב האבען דער ראציאנאליזם און חסידיזם ביי
די דייטשע און סלאווישע אידען ארויסגערופען ערנסטע שפאל־
טונגען, איז די אורזאכע דערפון געלעגען אין די אייגענטימליכ־
קייטען פון דער נייער צייט, וועלכע אונטערשיידעט זיך פאל־
שטענדיג פון אלע פריהעריגע צייטען.

אקוראט ווי די איסיים אין די לעצטע צייטען פון אלטערטום
און די פראטעסטאנטישע פרומע קריסטען אין דעם סוף פון מי־
טעלאלטער, שטעלען מיט זיך פאר די חסידים דעם אינווענדיגען
אידישען גייסט אין געגענזאץ צו די פערגליווערטע בוכשטאבען
פון דער תורה. — די חסידים היטען ניט אב פעדאנטיש די
פארשריפטען פון דעם אידישען געזעץ, אבוואהל זיי זאגען זיך
נאטירליך ניט אב פרינציפיעל ניט פון דער תורה שבכתב און
ניט פון דער תורה שבעל פה. אבער די תורה שבכתב און די
תורה שבעל פה איז פאר זיי נאר אן אויסדרוק פון גייסט. ניט
די פארם נור דער גייסט, וועלכער האט די פארם געשאפען, איז
פאר זיי הייליג. זיי זיינען ניט קיינע אסקעטען, היטען אבער
אב שטרענג די מאראלישע ריינקייט. צו די מתנגדים, וועלכע
ווארפען זיי פאר, דאס זיי זיינען עובר אויף געוויסע מצוות און
דינים, ענטפערען זיי: מיר שטעהען ניט אונטער דעם מדת הדין, נאר
אונטער דעם מדת הרחמים. אין דעם ספר תניא האט ר׳
שמואל פון ווילנא ענטוויקעלט די פילאזאפישע
זייט פון חסידיזם פון שטאנדפונקט פון קבלה. די תלמידים פון
דיזען פילאזאף רופען זיך חב״ד (חכמה, בינה, דעת). אויך אין
ירושלים איז פאראן דיזע סעקטע.

אויף ווי ווייט דער חסידיזם האָט זיך פערברייטעט אין פוי־לען, אין די סלאַווישע לענדער, אין אונגאַרען צווישען דער פאָלקס־מאַסע, איז ער, פערשטעהט זיך, ניט געבליבען פריי פון ווילדקיי־טען און לעבערליכען אבערגלויבען. די קריטיק האָט אָבער ניט פערשטאַנען דאָס אייגענטליכע וועזען און די היסטאָרישע בע־דייטונג פון דעם חסידיזם. — די מתנגדים, אַקוראַט ווי די ראַ־ציאָנאַליסטען האָבען ערקלערט דעם חסידיזם פאַר אַפּיקורסות. אָבער זייער מחרים זיין פון דעם חסידיזם האָט ניט געקענט אָב־האַלטען אַ גייסטעס־ריכטונג, וועלכע איז אַקוראַט אַזאַ נויטיגער פּראָדוקט פון דער צייט, ווי די רעפאָרם, און האָט אפשר נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג, אָבוואָהל זי איז געוועזען אַן אונבעוואוסט־זיניגע ערשיינונג, אָדער דוקא דערפאַר ווייל זי איז געוועזען אונ־בעוואוסטזיניג. — די רעפאָרם איז ערשט דאַן געקומען, נאָכדעם ווי דאָס מאָדערנע לעבען האָט שוין אונטערגעגראָבען דאָס מיטעל־אַלטערליכע יודענטום. די רעפאָרם האָט נאָך געקענט בענוצען דעם אידישען בוים, וועלכער איז אָבגעהאַקט געוואָרען פון זיין וואָרצעל, כדי אויסצושמיקען איהרע טעמפּלען, וועלכע האָבען אין זיך גאָר נישט מעהר אידישעס. — דער חסידיזם אָבער בילדעט אין דעם לעבעדיגען אידישען גייסט זעלבסט, וועלכער איז אינ־סטינקטיוו אָנגעכאַפּט געוואָרען פון דער מאָדערנער צייט, דעם איבערגאַנג פון דעם מיטעלאַלטערליכען יודענטום צו אַ בענייטען און ווידער־אויפגעלעבטען יודענטום. מען קען גאָר ניט בערעכענען די פאָלגען פון דעם חסידיזם, ווי באַלד עס וועט צוקומען צו איהם די נאַציאָנאַלע בעוועגונג. — אין די גרויסע אידישע צענטרען פון מזרח געפינט זיך דער חסידיזם אַלץ מעהר און מעהר פער־בּרייטונג. די מתנגדים, וועלכע האָבען פריהער געגען איהם גע־קעמפּפט, הויבען אָן צו פערשטעהן, דאָס היינט איז פאַר די אידישע פאָלקסמאַסע פון מזרח־אייראָפּאַ פאַראַן נאָר די וואהל: אָדער זיי מוזען צוזאַמען מיט די רעפאָרמאַטאָרען אָבפאַלען פון יודענטום דורך די מאָדערנע קולטור, אָדער זיי מוזען פערהיטען דיזע אָב־פאַלען דורך די ווידער־אויפלעבונג, וואָס דער חסידיזם איז דער ערשטער אָנזאָגער.

אין זייער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן לעבען די חסידים אין אַ געוויסען מאָס סאָציאַליסטיש, און דאָס הויז פון דעם רייכען

איז שטענדיג אפען פאר דעם ארעמאן. זיי האלטען זיך אן דעם אויסשפרוך פון פרקי אבות: שלי שלך ושלך שלך חסיד*), — א סעקטע, וועלכע איז פעהיג צו אזא מאראל און אזא בעגייסטערונג, איז אויפגעבויט אויף עפעס אנדערעס, איידער ווילדקייט און אונ־וויסענהייט.

## נאטע 6.

די גריכען האבען אין זייער קולט הייליג געהאלטען די פאל־ענדעטע הארמאנישע נאטור, אבער ניט דאס ווערדען, די ענט־שטעהונג. אויך דער מענש איז ביי די גריכען פערגעטערט גע־ווארען אלס די פאלענדעטע ארגאניזאציאן, אלס די שפיץ פון דעם א ר ג א נ י ש ע ן לעבען, ניט אבער אלס דער טרעגער פון א נייער לעבענס־ספערע, ניט אלס א נייעס זיך ענטוויקלענדעס, גייסטיגעס, מאראלישעס, ס א צ י א ל ע ס וועזען, אזוי ווי דאס איז געשעהען שפעטער אין דעם פון יודענטום ענטשטאנענעם קריסטענטום. — די אידען פערקערט האבען הייליג געהאלטען די געשיכטע, דאס ווערדען, דעם קולט פון דעם גאט יהוה, וועלכער דריקט שוין אויס אין זיין נאמען „פערגאנגענהייט, געגענווארט און צוקונפט“. — אפילו די קאסמישע און ארגאנישע לעבענס־ספערען, וועלכע זיינען פאלענדעט אין דעם געגענווערטיגען וועלט־אלטער, זיינען אין די ביבעל אריינגענומען געווארען ניט אלס אן אייביגער, אבגעשלאסענער קרייז־לויף, נאר אלס ג ע נ ע ז י ס, ענשטעהונג, וועלכע הויבט זיך אן מיט דער וועלט־שעפפונג און דעם נאטור־שבת, כדי ארומצונעהמען פראפעטיש די גאנצע גע־

---

*) עס זיינען פאראן פיער מדות וועגען מיין און דיין, אזוי שטעהט אין פרקי אבות. די ערשטע מדה וועגען אייגענטהומס־רעכט האבען מיר שוין דערמאהנט אין דריטען בריעף. דאס איז די געוועהנליכע בירגערליכע מאראל, יעדער פאר זיך, שלי שלי ושלך שלך. די צווייטע מדה איז פון די אייגענטהומס־טהיילער, פון דעם פעבעל, פון דעם מאב, פון דעם עם הארץ, וועלכער וויל זיך צוטהיילען מיט די רייכע, כדי איבערצובייטען די ראָ־לען: שלי שלך, ושלך שלי. די דריטע מדה איז פון דעם ח ס י ד, וועלכער זאגט: שלי שלך, אבער פערלאנגט ניט קיין פרעמדען אייגענטום. די ענט־געגענגעזעצטע מאראל איז פון דעם רשע.

שיכטליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט ביז צו דעם היסטאָ־רישען שבת. — די טענדענץ, צו דערקענען גאָט אין דער געשיכ־טע, און ניט נאָר אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון דעם קאָסמישען און אָרגאַנישען לע־בען, איז אַ אידישע גייסטעס־ריכטונג. — ביי דעם געשיכטס־שטודיום איז דיזע שטרעבונג צו דער ערקענטניס פון דעם ווער־דען, פון גאָט, אַ זעלבסט־פערשטענדליכע זאַך. ביי דעם שטודיום פון דער נאַטור אָבער איז דיזע שטרעבונג להיפך צו דער גייסטעס־ריכטונג פון די מאָדערנע נאַטור־פאָרשער. ג ע ט ה ע און ה ו מ־ב אָ ל ד ט זיינען בעוואוסטזיניג געוועזען געגנער פון דער גייס־טעס־ריכטונג, וועלכע הענגט צוזאַמען זעהר ענג מיט דער אידישער גאָטטעס־אידעע. — די גריכען האָבען הייליג געהאַלטען די גאַנצע נאַטור מיט איינשליסונג פון דעם מענשען, אלס פאָלענדעטען נאַ־טור־פּראָדוקט. ד י א י ד ע ן האָבען הייליג געהאַלטען די גאַנצע געשיכטע מיט איינשליסונג פון דער געשיכטע פון דעם קאָסמישען און אָרגאַנישען לעבען; ד י ק ר י ס ט ע ן האָבען פערגעטערט דאָס איינצעלנע מענשליכע אינדיווידואום אלס געט־ליכע פערזאָן. ערשט דורך דאָס קריסטענטום איז די אינדיווי־דואליטעט אויפגעטרעטען אין דער וועלט. —

דער איינצעלנער מענש, מאַן אָדער ווייב, אָהן פאַמיליע און אָהן פאַטערלאַנד, איז ערקלערט געוואָרען פון דעם קריסטענטום פאַר הייליג. דאָס איז די וועלט־היסטאָרישע בעדייטונג און אויך דער טעות פון קריסטענטום. כדי אויסצודריקען דאָס רעכט פון דעם אינדיווידיאום, האָט דאָס קריסטענטום געמוזט אויפפאַסען דעם מענשען אַבסטראַקט, ניט ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט נאַטור און געשיכטע, מיט פאַמיליע און פאַטערלאַנד. — דער אונטערגאַנג פון דעם אַנטיקען לעבען און דאָס אויפטרעטען פון די גערמאַנישע ראַסען האָבען ווידער אַרויסגעבראַכט דאָס רעכט פון דעם אינדיווידואום, אָבער אויך די איינזייטיגקייט פון דער אינדיווידואַליסטישער ריכטונג. דיזע העבערע איינהייט פון די היסטאָרישע קולטען איז מעגליך געוואָ־רען נאָר אין דעם אידישען געשיכטס־קולט, וועלכער דערהויבט זיך צו דער מדרגה פון אַ וויסענשאַפט. דער אידישער געשיכטס־קולט, וועלכער דערהויבט זיך צו וויסענשאַפט, איז די ביבעל־

רעליגיאָן, וועלכע דערהויבט זיך צו דער וויסענשאַפטליכער ג ע ־ נ ע ז י ס פ ו ן ד ע ם ק אָ ס מ י ש ע ן, אָ ר ג אַ ־ נ י ש ע ן א ו ן ס אָ צ י אַ ל ע ן ל ע ב ע ן. ווען דאָס יודענ־טום וועט ווידער אויפלעבען אלס זעלבסטשטענדיגע נאציאָן, וועט דער אידישער געניוס ווייטער אויסבילדען די ביבעל־רעליגיאָן.

## נאָטע 7.

בשעת די פאַר־היסטאָרישע מענשען־ראַסען זיינען געשטאַנען אויף דעם גרעניץ צווישען דעם אָרגאַנישען נאַטור־לעבען און דעם סאָציאַלען לעבען, זיינען זיי, לויט דער ערצעהלונג פון דער תורה, פערניכטעט געוואָרען. אין דעם פסוק שטעהען די ביז יעצט אונ־פערשטאַנענע ווערטער: לא ידין רוחי באדם לעולם בשגם הוא בשר — מיין גייסט זאָל ניט אייביג ווילען ביי דעם מענשען, ווארים ער איז פלייש*). וואָס ענטשטעהט, איז ווערט, דאָס עס צו גרונדע געהט. — גאָרנישט איז אייביג אין דער עקזיסטענץ, ניט דער אטאָם, ניט דער וועלט־קערפער, ניט דער זאמען, פון וועלכען עס ענטוויקלען זיך גאַנצע דורות, ניט דער העכסטער יציר פון דער ערד, „ווארים ער איז פלייש“ און מוז זיך בעגייען דורך טויט און ווידערגעבורט, און מוז געהן דעם ”וועג פון פלייש“.

אַלע פעלקער האָבען געהאַט מעשיות וועגען דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, וועגען דער אָרגאַנישער לעבענס־ספערע. אָבער נאָר אונזער תורה האָט פון אָנהויב אָן ארייגעוואָרפען אַ טיעפען בליק אין די שעפּפונג, האָט בעגריפען דאָס זיין אלס דאָס ווערדען, וועלכעס ענטהאַלט אין זיך דעם געזעץ פון לעבען און טויט, און וואָס איהר אמת און איהר ווירקליכקייט איז די אייביגע געבורט און ווידערגעבורט.

די אָנטי־גענעטישע, היידנישע וועלט־אַנשויאונג פון דעם א י י ב י ג ע ן ז י י ן, ליעבט עס ניט צו קוקען דער פראַגע פון ו ו ע ר ד ע ן גלייך אין פנים. זי דרעהט זיך ארום פון

---

*) די מאָדערנע ביבעל קריטיקער מיינען, דאָס די ווערטער „ידין“ און „בשגם“ זיינען פער׳טעות׳ט פון י ל י ן און ב ע ב ו ר.

דער פראגע, וואו זי קען נאר. אבער די מאדערנע וויסענשאפט האט ארויסגעדרענגט ביסלעכווייז יענע וועלט־אנשויאונג פון איי־ביגען זיין פון אלע איהרע פאזיציאנען.

## נאטע 8.

לוצאטא רעדט אהן פאראורטייל מכח דעם קרבנות־קולט. ער בעטראכטעט איהם פאר פאר־ביבליש, פאר־היסטאריש.— דאס ווארט קדש, וועלכער איז יעדענפאלס עלטער איידער די תורה, שטאמט, לויט לוצאטא, פון „יקוד אש“, פון בראנד־אפפער. — לוצאטא איז געווים אן אויטאריטעט אלס שפראך־קעננער, און אלס ארטאדאקסישער איד. — נאך זיין מיינונג זיינען די קרבנות געווען א הנחה, וועלכע די תורה האט געמאכט דעם פאלק, כדי עס צו פערהיטען פון עבודה זרה. די קרבנות האבען אבער אויך געהאט דעם צוועק צו פערבינדען נאך פעסטער די אידישע נא־ציאן נאך דעם געבאט, דאס מען זאל די קרבנות ברייננען נאר אין בית המקדש. מיט די קרבנות איז נאך געווען פערבונדען וואהלטעטיגקייט. — ווי ביים קרבן פסח האט מען אויך ביי יעדען קרבן זיך געמוזט טיילען מיט די ארעמע און אויף אזא אופן פערווירקליכען דעם „כל ישראל ערבים זה בזה“.

דער רמב"ם זעהט אין דער בעשרענקונג פון די קרבנות די טענדענץ, די קרבנות איבערהויפט ווי וויים מעגליך אבצושא־פען. די קרבנות זיינען לויט דעם רמב"ם א הנחה צו די מנהגים פון די גוים, כדי דערמיט די מענשליכע קרבנות אונמעגליך צו מאכען. — דער אברבנאל בעמערקט אין זיין פירוש צו שמות, דאס דער קרבן פסח איז איינגעפיהרט געווארען געגען די פער־געטערונג פון אמאן.

געווים זיינען אין אלטערטום די מענשליכע קרבנות ביסלעכ־ווייז פערביטען געווארען דורך קרבנות פון חיות. די גאנצע פאר־צייטיגע געשיכטע, די ביבלישע אזוי ווי די היידנישע, בעווייזט דאס. — אין דער תורה בעווייזט זיך גלייך נאך דעם מלאך, וועל־כער האט ניט צוגעלאזען די שעכטונג פון יצחק'ן, דער „איל משולש“. — ווען אייריפידעס אין גריכענלאנד שילדערט, ווי אר־

טעמים איז מציל די איפיגעניע פון דעם שלאכט־מעסער פאר א קרבן, געפינט זיך אויף א געקוילעטער הירש אויף איהר פלאץ. — אבער אין דער תורה אזוי ווי אין גריכענלאנד בלייבען נאך שפו־רען פון מענשליכע קרבנות. — אפילו איפיגעניע, וועלכע איז ענט־פערנט געווארען פון אולים, טרעט אויף אין טאורים אלס די פריסטערין פון ארטעמיס, מיט דעם אויפטראג צו שעכטען אלס קרבן יעדען גריך, וועלכער וועט קומען אהין. — ביי די איבריגע פארצייטיגע פעלקער האבען זיך נאטירליך די מענשליכע קרבנות א סך לענגער געהאלטען, איידער ביי די אידען און גריכען. — אין אינדיען, אין מצרים, ביי די אלטע גערמאנען, אזוי ווי ביי די סעמיטישע פעלקער זיינען די מענשליכע קרבנות געווען אל־געמיין פערברייטעט. די פראנקען, וועלכע זיינען געקומען אין איטאליען אונטער דער פיהרונג פון דעם קעניג טעאדאבערט, האָ־בען געבראכט פאר א קרבן די פרויען און קינדער פון די גאטהען און האבען אריינגעווארפען אין דעם טייך פא זייערע קערפערס, אלס די ערשטע פרוכט פון זיעג. די מיינונג, דאס מענשליכע קרבנות זיינען נויטיג, כדי צו געפינען געפעליגקייט ביי גאט, האט געהערשט אויף אין דער שפעטערער אידישער און קריסטליכער וועלט. די קריסטליכע וועלט האט אויפגעפאסט דעם טויט פון דעם געקרייציגטען ווי א קרבן. „אויך דער פון זינדען רייגער מענש“, אזוי שטעהט אין זוהר, „איז א קרבן. די צדיקים זיינען דער קרבן פון דער וועלט“ (זוהר פרשת נח). כפרות ערב יום כפור זיינען נאך א רעסט פון קרבנות. דאס איז קענטיג אויך אין דער תפילה צו כפרות: זה כפרתי, זה חליפתי, זה התרנגול ילך למיתה ואני אלך לחיים טובים ארוכים ושלום. — אזוי ווי קרבנות האבען פערביטען מענשליכע קרבנות, אזוי האבען תפילות שפעטער פערביטען קרבנות בכלל. די נביאים און די הייליגע זינגער האבען דאס ניט אויפגעהערט אנצוזאגען. די נביאים, וועלכע האבען געקעמפפט געגען עבודה זרה, האבען אויך גע־קעמפפט געגען די קרבנות, וועלכע זיי האבען בעטראכט אזוי ווי עבודה זרה. — די אומקערונג צו דעם אלטען אידישען קולט פון קרבנות וואלט היינט געווען אקוראט אזא ריקשריט, ווי אמאל די אומקעהרונג פון קרבנות מיט בהמות צו מענשליכע קרבנות. נאך דער אויפלעבונג פון דער אידישער נאציאן וועט דער אידישער

קולט אויך ניט בלייבען שטעהן ביי די תפילות, ווארים די אידישע תפילות דרעהען זיך נור ארום חורבן ירושלים און די תקות המשיח. — דער אידישער קולט וועט זיך ענטוויקלען פארווערטס צוזאמען מיט דער אידישער נאציאן.

## נאָטע 9.

קאָלאָניזאציאָנען ענשטעהען ניט נאָר אויס בעגייסטערונג פאר א אידעע, נאָר אויס דעם בעדירפנים פון לעבען. זיי קומען ארויס פון לענדער, וואו דאָס לעבען איז שווער, און ציהען זיך אין אזעלכע לענדער, וואו עס איז לייכטער צו געפינען פרנסה. — דאָס איז א פריעדליכע פעלקער־וואנדערונג, וועלכע זוכט א בעסערען באָדען פאר די ארבייט און א גרעסערען שוטץ פאר די רעכטע פון דער ארבייט. — ווען אין פראנקרייך הערט זיך א שטימע, דאָס די אידען פון אלע לענדער זאָלען אונטערשטיצען די אידישע קאָלאָניזאציאָן אין אָריענט, מיינט עס, דאָס די אידישע קאָלאָניסטען אין אָריענט קענען מאכען א לייכטערען לעבען, און דאָס די אידישע ארבייט קען דאָרט געפינען וועניגסטענס אזוי פיעל שוץ, ווי אין איירָאפּא. עס פרעגט זיך, אויב אין אָריענט עקזיסטירט דיזע ערשטע בעדינגונג פאר אידישע קאָלאָניזאציאָן. ביז היינט איז דאָס נאָך אויף קיין אופן ניט דער פאל. עס קען דערפאר נאָך ניט זיין קיין רייד פון א מאסען־אויסוואנדערונג פון אידען אין דאָס הייליגע לאנד. אָבער דער אָריענט ענדערט זיך א דאנק דער ציוויליזאציאָן. א דאנק די אייזענבאהנען פערשווינדען היינטיגע צייטען די געאָגראפישע ענט־פערנונגען און דער גענענזאץ צווישען דער איירָאפּעאישער ציוויליזאציאָן און דער אָריענטאלישער בארבאריי. די קולטור, וועלכע האט זיך אין לויף פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט פערברייטעט פון מזרח צו מערב, האט זיך יעצט, זייט דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן אנגעהויבען צו פערברייטען צוריק אין דעם אָריענט. — דער געאָגראפישער צענטער פון דער קולטור, וועלכער איז זייט טויזענדער יאָהרען געווען פערגליווערט, לעבט ווידער אויף. די פראנצויזישע פאָהן פלאטערט איצטער

אין עגיפטען און סיריען, און די ווערטער, וועלכע דער פראנצויזישער דיכטער האט צוגערופען צו דער סירישער עקספּעדיציאָן, זיינען ניט נאָר פּאָעטישע נאָר נביאישע ווערטער.

דער אַלטער נאַפּאָלעאָן שוין, וועלכער האט אונטערנומען אַ מלחמה געגען עגיפּטען, און די סען סימאָניסטען, וואָס איינער פון זיי שטעהט יעצט אָן דער שפּיץ פון דער סועץ־אונטערנעהמונג, האָבען שוין אנערקענט די גרויסע בעדייטונג פון דער ציוויליזאַציאָן פון דעם אָריענט פאַר דאָס מאָדערנע פראַנקרייך. די פראַנצויזישע מלחמות אין קרים און אין איטאַליען זיינען געווען נאָר פּאָרבערייטונגען פאַר די לעזונג פון דער אָריענטאַלישער פראַגע. די לעזונג ליגט אין דער פעראייניגונג פון דער היינטיגער אייראָפּעאישער קולטור מיט דער אַלטער אָריענטאַלישער קולטור פון די סעמיטען. די סעמיטען זיינען ביז היינט געווען יענער אור־אַלטער, וועלט־היסטאָרישער, טיפישער געגענזאץ געגען די אינדאָ־גערמאַנען, וועלכען ערנעסט ר ע נ אַ ן אונטערשטרייכט אַזוי שאַרף און זאָגט דערביי, דאָס די סעמיטען האָבען אַ גרעסערע פעהיגקייט צו ערוואַכען פון טויט צו לעבען, איידער די אינדאָ־גערמאַנען.

ווען דער סועץ־קאַנאַל וועט פאַרטיג ווערען, וועלען די אינטערעסען פון דעם וועלט־האַנדעל און דער פּאָליטיק נויטיג מאַבען די גרינדונג פון קאָנטאָרען און קאָלאָניען אויף דעם וועג צו אינדיען און כינא. די אָבגעלאָזענקייט און אַנאַרכיע פון די לענדער, וועלכע ליגען אויף דיזען וועג, וועט מוזען אויפהערען. דאָס קען נאָר געשעהן אונטער דעם מיליטערישען שוץ פון די אייראָפּעאישע מעכטע. די פראַנצויזישע פּאָליטיק ארבייט שוין לאַנג אויף דעם וועג. די קנאה וועט נאַטירליך ניט פערגינען פראַנקרייך איהר אָריענטאַלישע פּאָליטיק. אָבער די פראַנצויזען האָבען זייט דער גרויסער רעוואָלוציאָן איבערוועלטיגט דעם דואַליזם פון גייסטיגעם און מאַטעריעלעם אין סאָציאַלען לעבען, אַזוי ווי דאָס בעווייזט דייטליך די פון אונז ציטירטע פראַנצויזישע שריפט. דער מאַטעריעלער נוצען שליעסט אָבער דאָ ניט אויס דעם אידעאַל. דער אידעאַל שוועבט ניט אין דער לופט, נאָר ער האט אַ מאַטעריעלען יסוד. ווער עס אַפּעלירט צו אידעאַלען, איז דאָך דערפאַר ניט אַ צבוע׳ק, ווען ער פערבינדעט מיט דעם אידעאַל אויך אַ

נוצען. און א מענש אז ניט קיין פאנטאזיאָר, ווען ער זעהט אין דער ערדישער וואורצעל פון אלעם מענשליכע די העכערע בליטע פון גייסט.

עס פערשטעהט זיך, דאָס דערוויילֿ רעדט זיך נאָך ניט פון אן אלגעמיינער אויסוואנדערונג פון די אייראָפּעאישע אידען אין ארץ ישראל. ווען עס וועט אפילו בעשטעהן א אידישע מלוכה, וועלען די וועניגע אידען פון די מערב־אייראָפּעאישע אידען בלייבען וואָהנען אין זייערע לענדער. — די מערב־אייראָפּעאישע אידען, וועלכע האָבען זיך ניט לאַנג ערשט געעפּענט דעם וועג צו קולטור און האָבען זיך אויסגעקעמפּפט אן עהרענפולע בירגערליכע שטעלע, וועלען זיך דערפון ניט אָבזאָגען, ווען א אידישע מלוכה זאָל אפילו ווערען רעאל. אָזעלכעס אָבזאָגען זיך פון ערוואָרבענע רעכט ליגט ניט אין דער מענשליכער נאטור און מען קען זיי אפילו ניט ערוואַרטען פון די פּאטריאָטישע אידען. הײנט בפרט שוין פון אונזערע אויפגעקומענע „געבילדעטע“, וועלכע האָבען איבערגעריסען די פערבינדונג מיט זייער אלטער אידישער פאמיליע און מיט זייער נאציאָן און וועלכע שטאָלצירען דערמיט, וואָס זיי זיינען אנטלאָפען פון דער נויט פון „פאָלק“. פאר די אייזעלנע אידען פון מערב־אייראָפּא וועט עס אָבער ניט זיין קיין מניעה צו שענקען אויפמערקזאמקייט צו זייער פאָלק, וועלכען זיי קענען אפילו באמת ניט, און וועלען איהם העלפען אין זיין וועלטהיסטאָרישער מיסיאָן צו פּאָדערן זיין פאטערלאנד ניט נאָר פון גאָט, נאָר אויך פון די מענשען.

אין אלע צייטען האָבען די אידען פון דער גאנצער וועלט געפיהלט זייער סאלידאריטעט מיט די אידישע צענטרען. אפילו אין אלטערטום האָט דער ברייטער גלות ניט געקענט שטערען דאָס מערקווירדיגע אידישע פאָלק, אנטייל צו נעהמען אין יעדער נאַציאָנאלער אונטערנעהמונג, זיך געגענזייטיג צו העלפען אין גליק און אונגליק, צו טראָגען דעם שיקזאל בשותפות און ניט צו פערלאָזען דאָס לעצטע פון די אידישע קינדער. הײנט איז עס פאר א אידישע מלוכה פאָלשטענדיג גלייכגילטיג. ווי פיעל מיטגליעדער פון אידישען פאָלק וועלען לעבען אין ארץ ישראל אָדער אין אויסלאנד. בשעת דער אמאָליגער אידישער מלוכה האָבען אויך פיעלע אידען געלעבט אין אויסלאָנד. המן הרשע אין דער צייט פון בית שני

רעדט שוין די שפראך פון אונזערע היינטיגע אידען־פיינד: "ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין כל העמים". עס איז אבער ניטא קיין ציוויליזירטע נאציאן, וואס פיעלע פון איהרע מיטגליעדער זאלען ניט לעבען צווישען אנדערע נאציאנען אלס אויסלענדער אדער נאטוראליזירטע. זא לאנג ווי עס איז נאך ניטא קיין זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה, מוזען דאך יעדענפאלס די אידען פון גלות פערלאנגען נאטוראליזאציאן און גלייכבערעכטיגונג, דאס הייסט „עמאנציפאציאן", אבוואהל זיי זאגען זיך ניט אב פון דער האפנונג אויף א אידישער מלוכה. — די פרייע נאציאנען זאגען דערפאר ניט אב די אידען די גלייכבערעכטיגונג, ווייל זיי בלייבען טריי זייער נאציאנאליטעט, ווארים גראדע דיזע טרייקייט פערדיענט די אכטונג אין דעם העכסטען גראד.

## נאטע 10.

די העברעאישע צייטונג „המגיד" בריינגט אין איהר נומער פון 26טען מערץ א בעריכט וועגען א מיטינג אין מ ע ל ב ו ר ן (אויסטראליען) אין דעצעמבער 1861, אין וועלכען עס האבען זיך בעטייליגט בעדייטענדע קריסטען און אידען. — דער פארזיצענדער ל א י ע נ ס האט מיטגעטיילט דער פערזאמלונג, דאס די אידען פון ירושלים האבען געקויפט לאנד אויף דעם בארג ציון, וואס דערמיט וועט געמאכט ווערען דער אנהויב פון א אידישער קאלאניזאציאן אין ארץ־ישראל. — נאך איהם האט גערעדט א אידישער געלעהרטער, און א איבערזעצער האט איבערזעצט זיינע רייד פון העברעאיש אין ענגליש. זיין פאטריאטישע רעדע איז שטורעמדיג אפלאדירט געווארען. — דערנאך האט גערעדט א קריסטליכער גייסטליכער פאר דעם ווידער־אויפבוי פון דער אידישער מלוכה: „צו וועלכער מלוכה", האט ער גערעדט, „קען אנקומען ארץ ישראל בירושה? צו דער טערקיי? זי שטארבט אב און איהרע טעג זיינען געצעהלט. — צו פראנקרייך? — רוסלאנד און ענגלאנד וועלען עס ניט צולאזען, און דיזע דריי מלוכות וועלען עס איינע די אנדערע ניט פערגינען. נאר די אידען קענען בעקומען ארץ ישראל, אזוי ווי זייערע עלטערען האבען ערוואר־

בען דיזעם לאַנד מיט דער הילף פון גאָט". — דערנאָך האָט גע־רערט דער ד י ע ן אָ ף מ ע ל ב ו ר ן, און האָט ערקלערט דאָס ער האָט שוין לאַנג געזאָגט צו זיינע לאַנדסלייט, דאָס די אידען װעלען באַלד װערען די הארען פון דעם לאַנד, װעלכעס איז זיי צוגעזאָגט געװאָרען. זיין פרייד איז גרויס, דאָס ער האָט עס ערלעבט, דאָס דער ערשטער שריט איז געשעהן. דער אָנהויב איז אפילו קליין, אָבער ער װעט פיהרען צום ציעל. אזוי װי די ערשטע און צװייטע ערלעזונג פון גלות מוז אויך די דריטע ער־לעזונג פאָרקומען אויף א נאַטירליכען אופן, אָבער דורך די הילף פון גאָט, און עס איז דערפאַר א הייליגע פליכט פון די קריסטען צו אונטערשטיצען די אידען אין זייער װערק.

דערנאָך איז בעשלאָסען געװאָרען צו בילדען א קאָמיטע און צו זאמלען געלד אין גאַנץ אויסטראַליען, כדי צו ערװערבען לאַנד אין ארץ ישראל פאַר די אידען.

אָבער נאָך איידער דיזע נאַכריכט איז בעקאַנט געװאָרען, האָט רבי צ ב י ה י ר ש ק א ל י ש ע ר ארויסגעגעבען דעם דריטען חלק פון זיין װערק „אמונה ישרה", פון װעלכען עס האָט זיך שוין גערעדט אין 12טען בריעף. — די מיינונגען פון רבי קאַלישער זיינען איינשטימיג מיט דעם דיען אָף מעלבורן, דאָס די גאולה פון דעם דריטען גלות דאַרף פאָרקומען דערװייל פאַמעליך אונטער דעם שוץ פון די אייראָפּעאישע מעכטע און מיט דער הילף פון אונזערע איינפלוסרייכע ברידער, װעלכע האָ־בען זיך ערװאָרבען אזוי פיעל רייכטום און הויכע שטעלונגען. ער שרייבט אזוי: מאמר ראשון, גאולת ישראל, 11: וכעת יושבים קרוב למלכות כבית ראָטהשילד, פולד ודומיהן. — כי ראשית הגאולה ע"י התעוררות רוח נדיבים וע"י רצון המלכיות לקבץ מעט מיני פזורי ישראל לאדמת קודש".

קדם כל מוז מען, נאָך דער מיינונג פון דעם פערפאַסער, גרינדען א געזעלשאַפט פאַר די אונטערשטיצונג פון אידישע קאָלאָניסטען אין פאַלעסטינא. פאַר דעם פרומען אידען איז ני־טאָ קיין גרעסערע מצוה, װי צו קולטיװירען דאָס הייליגע לאַנד דורך ארבייט.

דער שלום־װאָרט פון דעם פערפאַסער, װעלכער איז אין 12טען בריעף איבערזעצט געװאָרען אין דייטש, לויטעט װי פאָלגט:

ועתה אם עוד לא בא עת לחננה לבקש תחבולות, אשר מזבח ד׳ בציון נכון, אם עוד רחוק הרשיון מן השולטן לזה, זאת אפוא עצה היעוצה לעת כזאת, אשר גדלו והצליחו בעזרת גואל ישראל ית״ש גדולי נדיבי עם בישראל, רוזנים ופרתמים, שרים נכבדים, אשר מימות החורבן לא נמצאו כאלו, אשר יש להם שבט מושלים ע״י שרביט הזהב בריצי כסף כמו בית רוזני ראטהשילד, מאנטי־פיורי, פולד, אלבערט קאהן ודומיהן, שרי ארץ מעם בני ישראל ד׳ עליהם יחוס, המה יחלו להקים חברת ארץ נושבת, ועמם יתחברו הרבה עשירי ישראל, נכבדי עם, נדיבי לב, אוהבי ד׳ ואוהבי קדושת ארצו, ושוחרי משכנות יעקב, וזאת פעולתם אשר יפעלון בעים רוחם:

א.) יזלו הרבה כסף מכיסם לקנות בארץ ישראל הרבה ערים חרבות, ושדות, וכרמים, ופלחי אדמה, והיה המדבר ללבנון, והרכסים למישור, וארץ נשמה מבלי עובד תפרח כחבצלת ותצמח פרי לתרופה, כשדה אשר יברכהו ד׳ י״ש. יד על יד יקובצו הרים וגבעות, כפרים וערים נשמות תחת יד ממשלתם, אשר בכסף בני החברה יקנו (או עפ״י אקציען, כי בלי ספק בהמשך זמן יוצמח מזה פרי בריות, כי יצוה ד׳ את הברכה בצמחי השדות, וכרמים ושמן זית ודומיהן).

ב.) יתקבצו להם אנשים יהודים רבים מרוסיא, פולין ואשכנז, אשר יקחו שכרם מהחברה לפעול עבודת הארץ, אשר יפקדו עלימו מהחברה, ומי שיבין בעצמו עבודת אדמה, יותן לו כברת ארץ על זמן, לעבדה ולשמרה ולאכול מפריה בחנם, עד אשר יעלה השבח כפי ראות עיני הפקידים עליה, ואם יחסר לו די מחייתו בעוד האדמה לא זרועה, יותן לו מהחברה די מחייתו עד עת הקציר ובציר אשר עוד לא יחסר לו טרף לביתו.

ג.) להכין שם שומרי מלומדי מלחמה, למען לא יבואו הערבים, אשר ישליו אוהלים לשודדים לשחת הזרע ומטעי כרמים, ויעשו פאליציי־ארדנונג להשמידם.

ד.) שיוקבע מהחברה בית מדרש ללימוד חכמת הארץ (עקאָ־נאָמיע), לחנך נערי בנ״י, ללמדם עבודת שדה וכרם עם שארי למודים הנלוה עם תורה ויראה, ובית הלימוד ההוא יהיה בארץ ישראל או בחוץ לארץ, במדינה אשר היין והשמן מצוי, למען

ילמדו היות כרמים ויוגבים מלבד עבודת שדה. כי ארץ הקדושה ארץ זית, שמן, גפן, תאנה ורמון, והאל יתברך יעזרנו בחסד עולם, כי מעט מעט ותרבה עשות מקנה וקנין בארץ ישראל, כנבואת יחזקאל ע"ה, אשר בלי ספק יצרך אתערותא מצדינו כראיות מספרי, ומדרש, ודומה שהבאתנו לעיל *).

---

## נאך א ווארט פון פערפאסער.

אין לעצטען אויגענבליק, פאר דער פערעפענטליכונג פון דיזען ווערק, לעז איך אין דער קרייץ־צייטונג מכח א אידען־פיינדליכע שריפט אונטער דעם נאמען: „די אידען און דער דייטשער שטאאט". וועלכע איז ערשינען אין בערלין און האט שוין דערלעבט פינף אויפלאגען.

איך וואלט געווינשט, דאס איך וואלט זיך געקאנט דערוויסען פריהער מכח דיזען קריסטליך־גערמאנישען פראדוקט. נים, פערשטעהט זיך, כדי דאנעגען צו פאלעמיזירען, נאר כדי צו קאנסטאטירען דעם „געשמאק" פון איהרע לעזער. נאכדעם אבער ווי איך האב אריינגעבליקט אין דיזעם בוך, האב איך גלייך דערזעהען, דאס דער אנאנימער פערפאסער איז א „ספעקולאטיווער" אטהעאיסט און רעוואלוציאנער, וועלכער איז אריבערגעלאפען צו דער פארטיי פון דער קרייץ־צייטונג, און ווען דאס דייטשע פובליקום וועט מיט עמפערונג אבזאגען אין יעדע סאלידאריטעט.

**ס ו ף**

---

*) זעה די איבערזעצונג אויבען.